ANDA AMIR PINKERFELD

# E I N S

(ONE)

POEM


I. L. Peretz Publishing House

14, Brener St. Tel-Aviv

י. ל. פרץ־פאַרלאַג ברנר 14, תל־אביב 65246

טל. 281751





ברשיונה האדיב של הוצאת דביר בע"מ

Printed in Israel

נדפס בישראל תשמ"ב

נסדר בדפוס א. ינקלביץ תל־אביב

נדפס בדפוס מ. ערבה תל־אביב

אויף די אינדזלען פון איינזאַמקייט, האָט טרויער פון דורות וואָס לעבן
אין זייער באַגרענעצטן תחום, זייגן דאָס חיות פון אייגענע וואָרצלען און מאַרך,
האָבן טורעמס מיט פראַכט זיך דערהויבן, און שלאַנקע
מיט פליטערלעך און העפטונגען און אויסגעשטיקטע באַצירונגען.
זיי גיבן זיך אונטער די שטיפערישע ווינטן אין זייערע קרוינען,
האַרפעס, פייַפיאָלן, פויק־טאַצן, פידלען און פאַרשיכּורטע געזאַנגען,
און די טורעמלעך קושן האַריזאָנטן שטאַרק פונדאַמענטיק נישט צו צעטרייסלען ;
קוקן פאַרבענקטע צו די ווונדערלעכע נישט־געזעענע ווייַטן.

ווען ס'איז פונדאַמענט אייַנגעפאַלן, איז דאָס אינדזל צעטרייסלט געוואָרן,
אין חורבות, איז גרוז זיך פאַרוואַנדלט, בערג אויף בערג.

אוי, געווען זענען דאָס שטעטלעך, נישטאָ מער, אומגעקומען.
פאַלק־שטויב און געהויבענע, טרעגערס פון ליכט און פון חלום — אַלע פאַרלענדט.

## דעם אַרענדאַרס משפּחה *

פון טאַטעס צו זין ציט די טראַדיציע, פּרנסים, נגידים, פּאַרמעגנס: פעלדער און שטיבער,
נחלות, כּבֿוד און אַ פּלאַץ אין „מזרח", גייען פון קינדער צו קינדס־קינדער איבער.
דינסטן אין די היימען, משרתים, פון לענדער אויפגעקלערטע דערציִער געבראַכטע און לערער,
ביַי פראַנצויזישע סאַלאָן־זיטן, אויך דיַיטשישע, לאָזן זיך פידלען און קלאַווירן דאָרט הערן.

פון פּאַרטאָג־אָן ברענגען כלערליי בריטשקעס, געשפּאַנטע צו פערד אַזוי פּריציש, צו פירן
אין ברייטן הויף אַריַין שלאַכטעס, גוטבאַזיצער, אַדלמענער און אויך ייִנגע אָפיצירן.
דער אַלטער הער שמואל טוט מיט זיַין העפלעכקייט אַלעמען גליַיך דעם כּבֿוד אָפּגעבן,
אַ נייג בלויז אַ ליַיכטן אין שטול, קיין שמייכל זיַין פּנים וועט זיך נישט וועבן;
ער ווייסט דעם דיסטאַנץ צווישן בכּבֿודיקע קריסטן און ייִדישן פּרנס, גוט ווייסט ער,
ספק ער שעצט זיי, ספק פאַראַכט זיי. „זאָל ביַיטע זיך זעצן זיַין כּבֿוד", ס'אָרט אים וויַיזט ער,
„וואָס טוט צום אַרענדאַר איצט ברענגען דעם הערן? ס'גערעטעניש, געשעדיקט איז שווער,
ראַטעווען? אפשר צאָלן אין צײַט, אָדער שטרײַכן דעם חוב, און נישט שולדיק זײַן מער?"
צעשטאַמלט זיך דער אַדלמאַן, הוסט זיך אונטער, ווישט מיטן טיכל שווייס פונעם שטערן —
„איר מאַכט זיך נישט וויסן, הער שמואל?" — פּלוצים פאַר אים שוין ער קניט מיט טרערן —
„ראַטעוועט מיך, פאַרלוירן איך בין, מײַן פּערזענלעכער כּבֿוד אין אײַערע הענט איז". —
קוקט־אָן אים ר' שמואל, טוט נישט קיין ריר מיט אַ וויִע, עס ישובֿט זיך דער ייִד דער איצט.
„נאַט־נעמט אין אַרענדע מײַן דאָרף, ס'גערעטעניש כ'פאַרמשכּון", טוט ער זיך פאַרווירן,
אַבי ראַטעווען זיך, ריינוואַשן מײַן נאָמען, דעם כּבֿוד פון הויזגעזינד נישט צו פאַרלירן!"
קוקט שמואל אויפן שפּלען גוי, קוקט אויף זײַן פּנים, וואָס בלײַך איז פּלוצים געוואָרן,
און העלפט אים מיט געלט, שטיצט אים אויף טעג און פאַרבינדט אים אויף יאָרן.

ווײַל ס'קען זייער גוט ר' שמואל זײַן כּוח, ער קען אויך זײַן מאַכט, וואָס ער טוט באַזיצן,
פאַר גוואַלדטאַט היט־אָפּ זײַן געלט אים, עס טוט דער „נאַ דיר — גיב מיר" אים שיצן.
עס וועלן בעל־כּרחו די גויים, די שונאים, מוזן מכבד זײַן, אויך דינען, דעם אַלטן
שמואל יצחקס, און יצחק שמואלס, וואָס זענען אַרענדאַרן און זייט דורות די אַרענדעס זיי האַלטן.

אויף דער ייִדישער גאַס איז סײַ יצחק, סײַ שמואל אי באַקאַנט, אי וויל־געלויבט,
אַ גמילות־חסד זיי געבן, מנדבֿ זײַן פאַר דער קהילה אָפּט אַן אָרעמאַן אין זײַן נויט.

און אין די סאַלאָנען, אין סטיל פון דער תּקופֿה, שמחות און סעודות אויף טישן אויף רײַכע,
רעשיקע וויזיטן, אויספלוגן, לוסט־נסיעות מיט פאַרחבֿרטע רײַכע משפּחות, זייערס גלײַכן,
קורערטער וויל באַקאַנט־און באַרימטע, ווער ווייסט זייער עקסיסטענץ זײַט ווען דאָרט,
אויסלאַנד, דײַטשלאַנד — מקומות ווו קולטור און פײַנאיידעלע זיטן איז צו זען דאָרט.
און דער דור דער ייִנגער, אַזוי־ווי ס'פירט זיך בײַם אַדל, געזעצט, אויך לוסטיק ער איז,
קומט בלויז אויף ווינטער צוריק, אַ גליטש זיך טאָן אויפן אײַז מיט די גליטש־שיך.
אין געאיידלטן שפּיל פון מענער און פרויען פליסט זיי דאָס לעבן, דאָ פּאַמעלעך, דאָ גיך.
שיינע פײַניקע טעכטער, פּריציִשע זין, רײַך־עלעגאַנט געקליידט מיט גוטן געשמאַק, מיט שיק;
העפלעכע זיטן, טוען אויף שיפלעך זיך שיפן, און טריב שפּיגלען זיך סודות אָפּ זיי אין בליק.

## דער לעצטער אַרענדאַר *

פיר קינדער, צוויי זין, צוויי טעכטער, האָט שמואל דער אַלטער אַרענדאַר; ווי ס׳געהערט
זיך טוט ער דערציִען זיי, זאָלן גלײַך זײַן מיטן יחסנדיקן גוי אין אַלץ, אויב נישט נאָך מער.
ס׳וועט ר׳ שמואל נישט זשאַלעווען זײַן געלט, אַלץ זאָלן די קינדער זײַנע דורך די יאָרן
דערלערנען, אַבי אַרענדאַרן נישט ווערן, נישט ווערן אַרענדאַרן, ווי ער איז געוואָרן.
ער וועט שוין דעם לעבנס־וועג פֿאַרזיכערן זיי, באַפֿרײַען פֿון קאָשמאַריקן אַליין זײַן,
לעבן זיי זאָלן, ווי די אַרומיקע אַלע, אין איין סביבה, אָן טובֿת־הנאה, נישט גוצן קיין
פּראָטעקציע: ער וועט פֿאַר דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, די זין און די טעכטער שוין מאַכן,
זיי פֿונעם רײַכטום וועלן געניסן, און ער פֿאַר קנאה און שׂנאה וועט זיי באַוואַכן.

האָט אָבער דער בכור ביטער אַנטוישט: פֿאַרליבט זיך אין אַ מיידל, וואָס שטאַמט פֿון אַ שנײַדער,
אַוועק מעבר לים אָן טאַטנס הסכּמה, זיך באַזעצט צווישן גויים, און לײַדער און לײַדער,
אָן מיטלען, האָט שמואלן פֿאַרדראָסן זײַן זונס, דעם בכורס, בגידה. ווי פֿאַרגיט מען
אַזאַ פֿאַרשעמען ס׳פֿאַרמעגן אים צוליב, ,איר׳, אַזאַ מוחל זײַן אויף כּבֿוד, אויף טיטלען.
האָט ער מיט כּעס מעבֿר־נחלה געוועזן אים אָפּגעמעקט זײַן נאָמען און זכר, פֿאַר אַזאַ מין פֿאַרראַטן,
אָבער ס׳האָט דאָס האַרץ זײַנס געווייטיקט פֿאַר בושה, וואָס ער אָפּגעטאָן האָט דעם טאַטן.

און דער טאָכטער דער גרויסער, געווידערשפּעניקט נאָך אין איר קינדהייט, האָט זיך דערעסן
די היים, וואָס לעבט אין עשירות, אָן אַ מינדסטע באַזינונג; דאָס אַלץ האָט איר האַרץ פֿאַרגעסן
געוואָלט, געצויגן צו די רעוואָלטירער די יִנגע, צו גלײַכהייט, צו צדק, און פֿאַרקניפּן,
פֿאַרברודערן די פֿעלקער, געלערנט זיי די הלכות שטרייקן מיט פֿלאַמפֿײַערדיקע רעדעס אויף
די ליפּן
בײַ פֿאַרזאַמלונגען, דעמאָנסטראַציעס, באַגייסטערן, דאָס פֿאָלק דאָס בלינדע זאָל דערבליקן,
נישט אונטערטעניק זײַן די אַרענדאַרן־קאַפּיטאַליסטן, דערהייבן, דערוועקן און דערקוויקן
דערדריקטע.
נאָיִוו צו גלײַכהייט געשטרעבט — האָט זי איר שטאַם שוין אינגאַנצן פֿאַרגעסן,
ביז זיי האָבן געלעסטערט איר ברען: „זעט־נאָר, זעט, אַ פֿרעמדע האָט זיך אײַנגעפֿרעסן
אונדז פֿרעדיקן געקליגלטן מוסר: נישט זי, נישט איר געלט, מיר דאַרפֿן און ווילן,
נישט איר שטאַלץ־קלאָרן שׂכל״. געטאַדלט די דאַזיקע ייִדישע חוצפּה, וואָס טוט שטיל
אַרײַנדרינגען אין די היילקטימער פֿון פֿאָלק, אויף צו פֿאַראומרייניקן די מקורות
פֿון פֿאַרצײַטיקער תּמימות, די־אָ חכמה, דערלערנט אין טיפֿער קנעכטשאַפֿט זײַט דורות.

דאָס מיידל דאָס שטאָלצע, אַ דערשלאָגענע, האָט געפֿאָדערט, געטענהט, פֿאַרלאַנגט חברים־
געריכטן,
דערקלערונגען, ביז זי איז קלאָר אויפֿגעפֿאָדערט געוואָרן סוף־סוף צו פֿאַרציכטן,
און טראָץ די אַלע גלאַטיטשקע רייד, האָט עס אויפֿגעקאָכט זי, נישט געקאָנט צו זיך קומען;
פֿאַרגלויבט נאָך אין פֿאַרשריט פֿון מענטש, געוואָלט מיט דער וויסנשאַפֿט פֿאַרריכטן באַנעמען.
אין דער שווייץ, דאָס לאַנד פֿון פּראַכטיקער לאַנדשאַפֿט, אַזוּעס, האָט אין בערגיקן שווייס
שרהס שטורעם באַרויִקט געשטילט זיך.
דאָרט פֿלײַסיק געלערנט. ביז ס׳איז עפּעס אַזוינס

אונטערגעקומען, איר זיכערקייט צערודערט, די פּאַרווילעגישן פון איר נשמה אַנטבלויזט:
אַ פאַלק־קאָנגרעס, איר פאָלק, נאַציאָנאַל געשטאַלצט, איבערראַשט זי, פאַרכאַפּט, איבערצייגט,*
אַז נע־ונד צווישן פעלקער וועט עס נישט זײַן מער, דעם אידעאַל אינגאַנצן אין צײַט
באַנומען אַן אַפּהאַלט, זי האָט אין לעבן אין אירן באַשלאָסן צו רעאַליזירן אַליין
דעם אידעאַל, און אין לאַנד אין אייגענעם צו די וואָרצלען אירע דערגראָבן זיך, דערגיין,
איז זי נאָך געפאָרן געזעגענען זיך מיט דער היים, זען נאָך אַ לעצטמאָל טאַטע־מאַמע
און די ברידער. מאָדנע־פאַרוואונדערט, אויך פרעמד, און אינגאַנצן עפּעס נישט פאַרשטאַנען:
ווי דער וועג צו זייערע הערצער איז פאַרלוירן, אַ שאָד, אַ שאָד זיך צו באַמיִען
די לאָגיק פון דער ענדערונג פאַרשטיין.
געפּאַקט די רענצלעך און געלאָזט זיך קיין ציון.

פונעם זון דעם צווייטן איז אויך קיין נחת נישטאָ. ער ווידער מעדיצין האָט שטודירט.
אָבער אין מבול פון ערשטן וועלט־קריג האָט ער די לונגען זײַנע איבערגעפּירט,*
אַן אינוואַליד האָט ער אומגעקערט זיך. אָפּגעזונדערט האָט ער זיך נישט געוויזן,
דאָס פאַרמעט־פּנים בלייך, אויסגעלאָשן. פאַרטראָגן, פאַרזונקען אין די ביכער געוועזן,
קיין וואָרט מיט קיינעם ער רעדט נישט, ער טוט זיך אַליין אין אַ שטומען פאַרוואַנדלען,
גאָרנישט גאָרנישט ער פאָדערט, און לאָזט זיך בכלל נישט פון דאָקטוירים באַהאַנדלען.
בלויז די באַענטשאַפט פון דער מאַמען פאַרטראָגט ער, בלויז זי לאָזט ער צו, זי צו זען,
אָבער ס׳טרעפט און פון זיך אויך זי טוט ער טרײַבן, אַפילו מיט אַ טופ פון פוס ווען נישט ווען,
און שעלט דעם טאָג פון זײַן געבוירן, ביטער באַקלאָגט ער זײַן וויסטע וועלט אין געוויין;
פאַרשעמט היט די מאַמע זײַן יעדע באַוועגונג און לאָזט אים נישט אין צימער אַליין.

בלויז די חנעוודיקע עדה, די בת־זקונים, געבליבן איז די טרייסט, מיט איר אײַנצוהילן
די עלטערן די באַצערטע, אַ פאַרווײַלונג דעם טאַטן, דער מאַמען דעם צער צו שטילן.
אַ ייִנגע בת־מלכה, פול צויבער, באַליבט בײַ יונגען און מיידלעך, יעדעס האַרץ שוין
שטורעמט־אויף, ווערט געפאַנגען פון די שוואַרצחנעוודיקע אויגן אירע, אויגן ווי קאַרשן.
צווי שווערע צעפּ וואָראַנע־שוואַרץ קרוינען אַרום איר שטערן, באַצירן איר צורה,
פּערשקע־ראָז־פּוכיק אירע בעקעלעך, ווי זײַד, אַזוי דורכזיכטיק און לויטער־קלאָרע.
זי לערנט צוביסלעך, נאַשט דאָ און דאָרט, קלוג, פעיִק און ווייסט ווי־אַזוי זיך צו פירן,
פעלט איר פלײַס, איר טאָקע צו וואָס דער אָנשטרענג, סײַ־ווי איז זי גליקלעך, צופרידן?
היינט כעמיע און שפּראַכן, מאָרגן פּסיכאָלאָגיע און נאַטורוויסנשאַפט זי לערנט אָן שאלות,
אַן אַנדערן טאָג, פון קאַליריקן האַפטן, פון שטריקערײַ־קונסט, זי פאַלט אַרײַן אין התפעלות.
און פעיִק צו אַלץ, און מצליח בײַ אַלץ, ביים לערנען, בײַ האַנט־אַרבעט, ווי איר פאַל איז,
צו וואָס זי זאָל זיך נישט נעמען, האָט עס אַ רייץ און אַ גלאַנץ, זי שמייכלט צו אַלעס.

געבוירן צו גליק בלויז, איז זי לוסטיק און פריילעך, ווירקט אויפן אַרום מיט גנאָדן;
לעבן די עלטערן צעשטראַלט פון איר שײַן, מיט איר נשמהדיקן אָטעם איז זייער אָטעם באַלאָדן.
פאַרכאַפּט און פאַרכישופט, פאַרבענקט און פאַרגאַרט גייען זיי אַרום איר געלינדערט,
ווײַל פון איר קומט דאָס ליכט און די טרייסט פאַר אַזוי נישט־געלונגענע קינדער.

## עדה און רחל

אַ יאָר קומט, אַ יאָר גייט און ווידער אַ יאָר, און ס'איז שוין די טאָכטער דערוואַקסן,
וויל־געלערנט, טרײַבט זי אויך ספּאָרט, טאַנצט, ווי ס'פּאַסט אַ מאַדאַם שוין. פּאַרעקשנט
צו יעדן בחור אין שטאָט, סײַ אָרעם סײַ רייך, אַפּילו נאָכגיין קיינער איר וואָגט נישט:
זי טוט לאַכן פון יעדן און שפּאַטן, און פילט נישט, פאַרשטייט נישט, אַפּילו אָנט נישט,
אַז אַ טאָג, אויך אירס אַ טאָג, וועט קומען, און ס'וועט איר אַ נעם־טאָן אַ לאַבוז אַ רעכטער,
בלויז אַ קוק־טאָן וועט ער אויף איר, פאַרצאַפּלט איר בלוט, פאַרשווײַגט איר געלעכטער.

און אַזוי געשען איז. אַפּגעשליסן, נעבעכדיק, געקומען איז ער אין שטוב פון איר פאָטער
אויפן וועג אין שטאָט צו שטודירן, דאָ זיך אויסרוען, און ווייטער דערנאָכדעם פאָרט ער.
עדה, דערזעענדיק אים, איז זי צו אים צוגעזאָטן, ווי ער וואָלט איר האַרץ שוין געפאַנגען:
„בלויז אים באַשערט כ'בין, מיין דערלייזער צו מיר איז געקומען, אים וועל איך באַלאַנגען!
זאָל ער מיך נאָר נעמען, וואָס ליבע איז אַזוינס, האָב איך איצט ערשט דערפילט, פאַרשטאַנען.
מיין לעבן אָן דיר איז קיין לעבן נישט".
נאָכן צוויבער פון איר פלאַם איז ער נאָכגעגאַנגען.

זיי זענען אין דער שטאָט דער פרעמדער שטודירן אַוועק, זיך בילדן און לעבן אין פרייד;
אָבער אַלץ דאָ אין שטאָט איז נישט פּשוט, ס'איז שווער, נישט גוט אַזוי און פאַרדרייט.
נאָך גייען די עלטערן אין איינזאַמקייט אויס, חדשים אַ פּאָר בלויז, און ס'קומט פון דאָרט
עדה צוריק אַ פאַרווײנטע: „מירן פאַרלאָזן די שטאָט, לעבן מיר ווילן און וועלן אין דאָרף.
ווייל רעשיק איז די שטאָט, און טיילט מיט איר רעש פאַרלעך פאַרליבטע פונאַנדער;
לאָזט מיך לעבן מיט מיין מאַן ביחידות אַ דאָרף־לעבן אַ רויִקס, און נישט קיין אַנדערס".
זענען די עלטערן טרויעריק געוואָרן מיט אַפּהענטיקער זאָרג באַדויערט די בת־זקונים,
געשענקט איר אַ נחלה, אַ ווילע אַ שיינע, און דערצו נאָך פעלדער, גערטנער און כּרמים.

איז געפאָרן דאָס ייִנגע פאַרפאָלק אין דאָרפישן העק, עס זאָל דאָס גליק זיי דאָרט געבן;
האָט לאַנג נישט גענומען זייער פרייד און גליק, די הנאה פונעם רויִקן דאָרפישן לעבן:
ס'האָט דער פּוסטער לאַנגוויל פאַרוועבט זייער טאָג, ווי שפּינוועבס, און פאַרדאַרבן
יעדע שמחה, פאַרשוועכט זי, דערדריקט יעדן ווילן, יעדע איניציאַטיוו ביי זיי אַפּגעוואָרגן.
אויך דאָס קינד, וואָס אין דאָרף איז געבוירן, האָט זייער לעבן מיט פרייד נישט באַשײַנט
איז עדה מיטן טעכטערל צוריק אין שטאָט צו די עלטערן געקומען באַטריבט און פאַרווײנט.
דער מאַן ווידער האָט פאַרלאָזט זי אויף אייביק, פאַרלאָזט אויף מער אים צוריק נישט געווינען,
און עדה אַ שטאָלצע נישט באַמיט זיך אַפּילו די פאַרלוירענע שפּורן זײַנע געפינען.

זי האָט רחלן דערצויגן, און מיט איר האָט איר לעבן ווידער גענומען אויפשײַנען;
פאַרמאָגט שוין רחל'ע שוואַרץ־ברענעדיקע אויגן, אויגן — קאַרשן שוואַרצע צוויי קליינע,
ווי געשפּיגלט זיך אין אירע; לאַנג טוט זי קוקן, ווי זי וואָלט אין זיי זיך געזען;
דאָס דערציִען די טאָכטער דערהאַלט איר נשמה, איר וועלט, וואָס איז צעשטערט שוין געווען,
שטעלט זי צוריק. פאַר איר — גאָרנישט איז טײַער, גיט אַלצדינג איר נאָך, ווי נישט קיינער,
אַ לוין פאַר איר לעבן, איר חלום דעם צעשטערטן רעאַליזירן זי וועט אין דער קליינער.

און ווי זי, האָבן אויך די אַלטע זיידע־באָבע דעם אייניקל געדינט, אַ קינד אַזוי געראָטן!
וואַקסט עס דאָס קינד, ווי אין אַ לעגענדע־וועלט, און ווייסט נישט פון קיין שאָטן.
ווען נישט די פינצטערע וואָלקנס, וואָס האָבן געגומען פון מערב אַהער־צו זיך ציִען,*
וואָלט זייער לעבן פאַרוועבט זיך אין רחלס, ווויל־געוווּנטשן, רויִק, אָן מיִען.

אָבער אין איינעם אַ טאָג, איז רחל פון שולע אַהיים געקומען מיט אַ בעקל אָן אויפגעלאָפּנס;
מ׳פרעגט זי באַזאָרגט, און זי ענטפערט נישט, נאָר כליפּעט־אויף און וויינט שטאַרק באַטראָפן.
און האָט מען זי צערטלעך באַרויִקט, באַקלאָגט זיך דאָס קינד: „אין שולע האָט מען מיך דערפאַר
געזידלט, געלעסטערט, ווײַל אַ טאַכטער פון באַטריגערס איך בין, אַ טאַכטער פון אַן ארענדאַר,
און האָב איך שיצן געוואָלט זיך, האָבן זיי מיר געשריגן: שווײַג, ייִדן דו, שווײַג!
געריסן פאַר די האָר מיך, און פלאַסקעס אויף פלאַסקעס געלייגט מיר, אַ לייג נאָך אַ לייג״.

## דעם אַרענדאַרס ירידה *

ס׳האָט שמואלס פּנים פאַרקרומט זיך, און בלייכער פון זײַן באָרד ווײַסער געוואָרן.
„די שקצים, ווײַזן איך וועל זיי! ווער אַרײַן ס׳וועט נאָר אין די הענט מיר!״ מיט צאָרן
האָט ער זײַן שטעקן גענומען, געוווּנדט זיך אַהין, וווּ מ׳האָט דאָס אייניקל זײַנס באַטראָפן. —
נישט צוריק ביזן אָוונט. דאַן האָבן געבראַכט אים אַ שווער־אָטעמדיקן, די אויגן פאַרלאָפן,
צוויי פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געפירט אים דערלויבנדיק אים אויפן שטעקן אָנצולענען,
ער פלאַטערט און ציטערט אינגאַנצן, דאָס פּנים און באָרד מיט בלוט, נישט צום דערקענען.
זיי וואַרפן ר׳ שמואלן אַרײַן: „דאָ וועסטו הויערן, שלאַנג דו איינער, דו ייִדישער פאַרך!
נישט לאַנג שוין וועסטו הויך זיך נאָך האַלטן, זויגן דאָס בלוט אונדז און מאַרך!״

שפּעטער איז אַ הויכער באַפעל אָנגעקומען, דאָס גאַנצע פאַרמעגן זייערס פאַרשרײַבן,
אָפּצושפּענדן.
פּעסט האָט מען ווי איזאָלירט זיי, אויך רחלן מיט שאַנד פון איר שולע דערווײַטערט צו ענדע.
איז דער זון פון זײַן איינזאַמען זיצן אַרויס, פאַרלאָזט ס׳פאַרטיפן זיך אין זײַנע ספרים,
כּדי צו ראַטעווען ס׳פאַרמעג פונעם דאָרף, פאַרקויפן עס, און פאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווי אַ צרה.
האָבן אים פּויערים פון דאָרף דערמאָרדעט און צו זײַנע שפּורן פאַרווישט יעדן וועג,
בלויז רויבפייגל זענען צוזאַמענגעפלויגן זיך צו אַ סעודה ערגעץ־ווו אויף אַ זײַטיקן שטעג.
נישט לאַנג האָט גענומען, און די מאַמע די אַלטע איז נאָך אים שוין אַליין אויף אייביק אַוועק.
פאַרבליבן איז בלויז עדה און רחל און דער זיידע. ווי, חרב געוואָרן איז די וועלט זיי.
הענגט מאַמע און טאָכטער איינע אין דער אַנדערער, לערנט רחל ביי איר האַנטאַרבעטן כלערליי,
פון פאַרקויפן זייער האָפטן און שטריקן פאַר ביליקע פּרײַזן, האַלטן זיך אויס אַלע דרײַ,
אַבי ס׳זאָל דער הונגער נישט הויזן אין דער היים, דאָס דחקות זאָל זיי נישט דערדריקן,
פאַרזיכערן אַביסל מנוחה ר׳ שמואלן און רחלען — אַביסל וואַרעמקייט אויף צו דערקוויקן.

האָט זיך פאַרענדערט ר׳ שמואל דער אַלטער אַרענדאַר, דער יחסן זײַט דורות אין לאַנד.
אים פּלאָגן האָבן גענומען כלערליי מחשבות, וואָס זענען כלל נישט געווען אים באַקאַנט.
האָט ער אַ פּעדער גענומען, — אין חשבון־מאַניפּולאַציעס איז ער דאָך ממש אַ מומחה געווען, —
און געשריבן אַ בריוו דער טאָכטער קיין ציון מיט אַ ציטער אין האַנט. און געזען

מתוודה צו זײַן אויף זײַן אייגענעם נאַרישן לעבן, און אויפן לעבן פון אַלע קהילות,
אַז דאָס בענקען נאָך ציון טאָג־טאָג האָט מען בלויז דערמאָנט אין סידור, אין די תפילות.
און געפרעגט דרך אגב, צי פאַר דער טאָכטער און אייניקל און פאַר אַן אַלטן אַזאַ, פיר ווענט,
אַ ווינקל לעבן איר, נישט קיין גרויס, וואָלט זי אַן אַנשטרענג געפונען, פאַרשאַפן געקענט?
ס׳האָט אָבער די האַנט פון געהיימפּאָליציי דעם בריוו געוואָרפן אין קויש פון פּאַפּירן,
נאָכן פּסלען בײַם עפענען אים און לייענען, נאָכן פאָרשן אים און גוט־גוט קאָנטראָלירן.
איז דערנאָך דער שרײַבער פונעם בריוו אַרעסטירט געוואָרן, טורטירט און מוראדיק צעשלאָגן,
פאַרן וואָגן אַ שלעכטן נאָמען דער מדינה צו מאַכן און אַרויס אין דער פרעמד עס צו טראָגן.
מיט בקשות, דערנידערונגען און שטעקן געלט, האָט די טאָכטער אים פון תפיסה באַפרײַט,
ווי אַ שאָטן פון זיך, צעבראָכן און דערשלאָגן, אַ שברי כלי, צוריקגעקומען איז ער נאָך באַצײַט.



די ירידה

וואָס אין זײַן היים איז געשען, מיט אים אַליין, איז בלויז אַ ווידערקול אַ ווײַטער
פון דעם מלחמה־געשאַל, וואָס צוליב גוג און מגוג האָט געשאַלט אין די לענדער־געשפּרייטן.
אַנטקעגן דעם זון־קײַלעך האָט זיך געקײַקלט דער אַנפּלייץ, געקומען פון מערב־צענטער
קיין מזרח, פון אים קיין אַנטרינונג, קיין רעטונג נישט, ער גייט און קומט נענטער.

ווי אַ לעצטע זריחה פון געזעגענונגס־ברכה פאַר מענטשישן לעבן, האָט מען דערשפּירט*
די געגנעדיקע אינוואַזיע, זייער לאַנג־געפּרעדיקטן צדק האָבן זיי איצט ברוב־עם אײַנגעפירט:
פאַרברעכער און מוסרים. פאַרשטומט אויף דערווײַל, אויך געגעבן זיי די געהעריקע שטראָף;
אַרבעטער צו זייער אַרבעט, שילער און לערער צו די שולן, אַזוי־אַ אינסצענירט, ווי אויף
אַ קראַטער פון ווולקאַן, דאָס נײַע, דאָס אַזוי גליקלעך און העכסט־צופרידענע לעבן.
האָט דער האַמער געקלאַפּט דאָס אײַזן צו שמידן ס׳האָבן בויער זייער פלײַס אָפּגעגעבן,
לערער האָבן געלערנט, שוישפּילער, ווי אין פיבער, סע סטײַעט נישט די צײַט,
אָבי די שטומע אימה פאַרשטעלן, פאַרבלענדן די אויגן זיך אַליין און אַנדערע לײַט.

האָט מען עדהן גערופן צו געבן איר חלק פאַרן ווילטאָג פון פאָלק, פאַר זײַנע קלאַסן,
אַפילו געלויבט זי אין מעדיצינישן אַנשטאַלט, ווו מען טוט אויפזאַמלען בײַ די מאַסן
בלוט פאַר אינפוזיעס.
אַנערקענונג, גלײַכהייט, גוט געפיל פון דערפאָלג, אַן שיקאַנען,
האָבן זי דערהויבן, אַנגעפולט צופרידנקייט, גליקלעך געווען מיטן־אַרבעטנדיקן־צוזאַמען.
האָבן זיך אירע אויגן, די קאַרשן צוויי שוואַרצע, ווי אַ מאָל צעפינקלט און שעמערירט,
געוואַרעמט, באַגײַסטערט, דאָס בעסטע פון דער געזעלשאַפט האָט זי אַרום זיך קאָנצענטירט.

צייכנט זיך רחל אויס בײַם לערנען זי איז די ערשטע בײַם טאַנץ, בײַם געזאַנג, אַ וועזן
אַרומגערינגלט אַנערקענונג, חברשאַפט, ווי איר מוטער, איז זי דער סאַמע צענטער געווען.
געוואָרן איז ליטעראַטור אַ קוואַל איר, אין דורשט טוט זי טרינקען, געניסן איר טעם,
ווײַל טיף איז דער תהום, און זיס דער געשמאַק איר, זי שווימט־אַרום אין איר ים.

לערער פון לעבן איר ווערן די־אַ שרייבער: באַלמאַנט, מאַיאַקאַווסקי, פּושקין און בלאָק,
זי לערנט אויף אויסנווייניק זייַטן אַ סך, זי טוט אַזש באַלעקן זיך פון זייער סאַק,
בייַם דעקלאַמירן פאַר זיך, פאַר חברים, אויף די שפּאַציר־גענג, אין גאָרטן, פלעג זי זיך וויגן
מיטן ברען פון איר זעל, ווי אַ שטורעם פון ווונדער־ווערטער צעזונגען צעניגונט.
אַ וועלט פון כּולו טוב זיך געמאָלן, פון צדק, וואָס שטייט אַט פאַר איר, דערקענט שוין.
זי צעוועבט אין זיך אַ וויזיע וועגן דעם דערהויבענעם אויפשטייַג אין מענטשן.
זי האָט אויך די שיינקייט פון לאַנדשאַפט דערפילט, ווי זי בייַט זיך אין אירע געווענדער,
פאַרהאַרכט זיך אין סודות, וואָס שעפּטשען אַנטפּלעקט און פאַרהוילן די פעלדער און וועלדער.
מיט אַ פריילעכע חברה אויספלוגן געמאַכט, צופוס, מיט שיפלעך אויף די וואַסערן פון דניעסטער,
מיט געזאַנג, מיט גאַרונג און טרוימען; ס׳האָט פול־אַנגעטרונקען דער נס איר.

ווי צעבליט פונסנייַ האָט מאַמע און טאָכטער, זייער נשמה ווי אײנגאַנצן באַפרייַט שוין,
בלויז דער טאַטע דער אַלטער, ווי אויסגעוואָרצלט, ווי דאָס חיות פון לעבן געטייט שוין;
נישט ער גלייבט, נישט ער דערמוטערט זיך בייַ די קולות פון פרייד, נאָר ס׳געוויסן
דערלויבט נישט פאַרוואַלקענען די שמחה — פון אַ דערלייזונג אַזאַ ער קאָן נישט געניסן!

און ס׳האָט טאַקע פאַסירט אַט דאָס פון וועלכן אין שרעק ס׳איז געוואָרן אים ענגער:
דער אַנפליייץ האָט זיי דעריאָגט, די פאַרלענגערונג־ברכה האָט זיך נישט געצויגן שוין לענגער.
ס׳האָבן פעלקער געלייגט זיך אונטערן שטיוול פון אכזרדיקן באַדרענגער, און געוואָרן
אונטערטעניק דער בייַטש, ווידערשפּעניקן האָט מען כּלל נישט געוואַגט יענע יאָרן.
און באַזיגט איז דער גואל, אָפּגעטריבן פון די גרענעצן זייַנע, ווי בלאָנקענדיקע שאָף
פאַרבילבן די התלהבותדיקע אָנהענגער, פאַריתומט די וואַרשטאַטן, לאַבאַראַטאָריעס. צום סוף
איז צעפאַלן זיך דער קאַרטן־פּאַלאַץ, נישט פאַרבליבן קיין שריד און פּליט, בלויז צרות.
האָט זיך נאָך מערער די וויסטע געמערט, פאַרצווייפלט אין חשכות דער דור איז.



גיהנום

די געשעענישן, וואָס האָבן זיך פאַרלאָפן, זענען בליץ־שנעל אַרונטער אויפן קאָפּ פון די מאַסן:
לויט אַ באַפעל, האָט מען אַ מענגע ייִדן צום בית־הקברות געשלעפט מיט געוואַלד דורך די גאַסן.
פאַרלאָזט זייערע היימען מיט אַלץ, גענומען בלויז קלימעקלעך קליינע, וואָס קלענערע מאַסן,
— ווײַ דעם וואָס פאַרהאַלט זיך, ער ווערט שוין געשלעפט, און ווי אַ הונט באַלד דערשאָסן.

פאַרשידן זענען די פעקלעך, זיי פאַסן גוט די אייגנשאַפטן פון די דאָזיקע טרעגער בייַנאַנד:
שיינע לעדערנע רענצלעך, פאַלירטע קעסטלעך, ראַפּיקע פעקלעך און קלימעקלעך אין האַנט,
געלאַטעטע, נאַכלעסיק־געבונדענע, אָדער פיין־אייַנגעפּאַקטע, אין סאַמעט און אין זייַדנס געהילט,
אין שטאָף נישט באַפלעקטן, אַ קויטיקע ציך, דערינען אַן אַנצוג, פּראָוויאַנט אויפגעהיט,
אין איין צונאַמענמיש געוואָרפן, פאַרבונדן; און פאַראַן אָוועך ס׳האָט יעדעס רעשטל,
ווען אַפילו אין געאייַל, אייַנגעהילט און געוויקלט אין אַ טאַש, פאַרמאַכט אין אַ קעסטל.

דאָ האָבן זיך אַלע אַלע עלטער פֿאַרזאַמלט; זייגקינדער, גאַר־דערוואַקסענע און זקנים;
רײַכע זײַדענע יונגעלייט, טרעגער, בעלי־בתּים, בעלי־מלאכות קרעמער, הענדלער אינײַנעם
מיט מאָגערע פּרויען און פֿעט־לייביקע, שוואַר־באַוועגלעכע פֿאַרמאַרעטע קבצנטעס און קבצנים
מיט קינדער מיט פּיצלעך, אַ קוואַקע מיט הינדלעך, עס זאָגט עדות דאָ יעדעס פּנים און פּנים,
אַז נישט באַזונדערס געפֿלעגט ס'איז, אָבער אויך נישט פֿאַרהונגערט, און נישט אינפֿאַנטיל,
זיי זענען וואַך און פֿאַרשטענדלעך. אויך פֿאַרנעמע דאַמען, הויקערס און קרומען פּראָפֿיל,
יודעי־ספֿר, בעלי־אידייען, בעלי־אַמביציעס, גראָבע־יונגען, נישט געלערנט און נישט פֿאַרשטאַנען
קיין צורת אות און זיטן. זיי זענען אַלע פֿאַרזאַמלט, אויסגעמישט און געפּרעסט דאָ געשטאַנען,
מיידלעך און בחורים, וואָס זענען באַאַרבעטן ערד בײַ די פּויערים אין דערפֿער געגאַנגען
מיט בענקשאַפֿט קיין ציון, רבנים, הענדלער, בכּבֿודיקע סוחרים, פֿאַרשידן־פֿאַרשידענע ראַנגען.

זיי אָנטקעגן זעלנער געשטעלט צום באַפֿעל: „אַכטונג! די שורות די שורות, גלײַכטס־אויס!"
ביקסן געאַקסלט, אַראָפּ און אַרויף אויף די אַקסלען. שאַרף־געציילטע באַפֿעלן, מ'ווײַכט־אויס
איבעריקע רייד. „רעסט!" — צום סוף. זיי האָבן ווי מאַשינען געשוויגן, ווי גולמס,
געשטערקט די ברוסט, באַווײַזן גבֿורה, פֿאַרשטייענרטקייט פֿאַרציט די פּנימער פֿאַרן עולם;
נישט קיין פּינטל מיט אַן אויג, מען רירט זיך פֿון אָרט נישט אָן אַ באַפֿעל, יעדעס פֿאַרנויגן,
יעדע באַוועגונג פֿונעם אַקסל און ווענד פֿון די אויגן, געמאָסטן און געוויגן.

די ייִדן קוקן־אָן זיי פֿאַרצאַפּלט מיט שוידערלעך שטיין־פֿאַרגליווערטער אימה באַשווערט,
ווי ס'וואָלטן זייערע אויגן געקלעפּט אין זויבערן גלאַנץ פֿונעם מאַשינען־געווער.
דער עלטסטער געגנט און שרײַט־אויס; „אַרדענען זיך! שנעל שנעל, איר פֿאַרעקטע!
„צו פֿיר! די קאַלבעס פֿון געווער אײַך ווען אײַלן! שנעלער, פֿאַרדרעקטע!"
געאײַלט זיך אויסשטעלן האָבן קינדער, זקנים, בלינדע, ווײַבער אין שרעק און ווילדער,
שלאַבריק אין נישט גלײַכע שורות מיט געשטופּ און געדרענג מיט געשריי און געפּילדער.

צוויי גרופּן, אײנע אַנטקעגן דער צווייטער: זעלנער באַוואָפֿנט מיט גלאַנציק געווער,
און לעכערלעכע פֿיר רייִקע, נעבעכדיקע שלעפּערס, דערדריקטע, געליטענע שוועה.

האָט מען זאַרגפֿעלטיק אָפּגעטיילט קינדער, קראַנקע און זקנים, אַלץ אַזוי לויט אַ שיטה,
צווישן די קבֿרים געשטעלט זיי, אַרומגערינגלט מיט זעלנער, מיט שיסערס געניטע.
צווישן זיי ר' שמואל דער אַלטער אַרענדאַר, דער יחסן דער רײַכער זײַט דורות,
מיט קבצנים, רבנים, זקנים, סוחרים און בעלי־מלאכות; אַלע דאָ ברידער און גלײַכע צו מוראס
פֿאַרן לעצטן יום־הדין; אָבער אַנדערש און מאָדנע האָבן זיי דאָ דעם אָפּשייד געוועלט,

דעם אָפּשייד פֿונעם לעבן, ווען מ'האָט זיי פּנים־אל־פּנים מיטן טויט דאָ געשטעלט.
די קינדער, אָפּגעטיילט פֿון די עלטערן, גאַפֿן, חידושן זיך, טוען גאָרנישט פֿאַרשטיין
אין דער מהומה. נישט קלעפּ, נישט קושן שטילן־אײַן דאָס אויסגעבראָכענע ביטער געוויין.
פֿונעם וואָיען און וואַנזיניקן שרײַען, ווען עס ווערן געשאָלטן שטן און גאָט,
ברעכט־אויס אַ געבריל אַ ווילדס, אַ קול פֿון נישט־הי: „שמע ישראל, ה' אלוהינו, ה' אחד!"

די פאַרבליבענע, די געוויילטע, סיי פרויען סיי מענער, צו אַרבעט וועלן ווערן געשיקט ;
מ'האָט עדהן און רחלן נישט פונאַנדערגעריסן, האָ, ווי וויל זיי! עס האָט זיי געגליקט.

צוויי פינצטערע גרופן אָפּגעטיילט מיט שיסערייַ מיט קאָלבעס, און שוין צעשיידטע איז
מאַמע פון טאָכטער, פון זייגקינד, טאַטע פון זון, מיט קלעפּ און שמיץ פון נאַהייקעס ;
און ס'וואַקסט דער מרחק צווישן זיי, — און ווערט מען זיך, אין בלוט גייט מען אָפּ, —
איין גרופּע צו די קברים, צום פאַרהוילענעם אומבאַקאַנטן די צווייטע טיילט מען אָפּ.
צו לאַסט־מאַשין זיי ווערן געפירט מיט געפייַף, זידלערייַ און קלעפּ, און מיט צאָרן
אַנגעהויפט, אַנגעשטופּט זיי דערשראָקן פון באַפעל : „אין געטאָ, אין געטאָ מיר פאָרן!"

## צום געטאָ

פאַראַן אַ חרפּה־קוואַרטאַל אין יעדער שטאָט, אַ סיבה, וואָס לאָזט דעם געוויסן נישט רוען,
און אַן אייביקער וויכוח פון צענליקער קאָמיסיעס און בירגערמייַסטערס גייט־אָן,
אַ נישט־אויסשעפּנדיקער קוואַל פאַר סאָציאַלע פאַרזאָרגער, פאַר געזעלשאַפטן פון פילאַנטראָפּיע,
פאַר וועלט־פאַרבערכער, פאַר טרוימער און דיכטער און כל־מיני שעפער פון אוטאָפּיע.
אַ מקור פון ראַכיטיס, פון געשוואָלענע בייַכער, שכרות און זנות טוט זיך דאָרט וועבן,
אידאַטיזם פון געבורט־אָן, אָדער פון יאָרן געוואָרן אין דאָזיקן תּהומדיקן בהמהשן לעבן.
פונעם דאָזיקן קוואַרטאַל שטאַמען, קומען אַרויס, ייִנגע טונקעלע פאַרברעכערישע פּרצופים,
באַרדעלן, קרימינאַלן, קאָרצערס, אַ סך עדות־שטאָף פאַר פאָרשער פון מעגלעכע נשמה־צרופים
אין אירע פאַרבאָרגענישן : פּסיכאָלאָגן, פּסיכיאַטערס, ריכטער, פּראָקוראָרן און אַדוואָקאַטן.
די איינוווינער, פון זייַט האָבן דערזען דאָרט די ליכטיקע שייַן, צום דערוואַרטן
האָבן זיי גאָרנישט, אַרט זיי גאָרנישט, ווייַל פאַרשאָלטן פון תּמיד אָטעמען זיי לופט פאַרסמטע
מיט עיפּוש פון פאַסנעם ברויט, ברודיקן געלעגער, ווו זיי הויערן, ווי פאַרדאַמטע
אין נאָרעס און קעלערס, אין אייַנגעפאַלענע הייַזער, האַלב חורבע, נישט פאַראַמטע, טעג און
נעכט,
לייַז שווימען דאָרט, וואַנצן און זשוקעס און קינדער ברודיקע, אַפילו נישט געוואַשענע רעכט.
ווערקעס, הייבאַמס, אויך צום מפּלען, מיאוס־פאַרשוואַנגערטע, מיט בויך נישט פאַרשטעלטן,
טוען זיי די בהמהשע פּרוכט זייערע נאָך אין בויך מיט כלערליי קללות פאַרשעלטן.

ווייַזט־אויס קיין תּיקון נישטאָ, בלויז חורבן, אָדער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע געזעצן,
און אָט איז אַ לעזונג פאַרן דאָזיקן קוואַרטאַל, אַן אידעאַל־גוטע לעזונג, אין שטאָט זיי באַזעצן :
פונעם איינוווינער־שמוץ די הייַזער באַפרייַען, באַפרייַען פונעם גאַנצן ברודיקן געווימלען,
די חורבות, פאַרוואָרלאָזטע קעלערס, באַשלאָסן פון איצט־אָן פאַר אַ געשלאָסענעם געטאָ
באַשטימען ;
מיט שטעכלדראָט פאַרצוימען, מיט אַ וואַך־פאַטרול אַלע ווינקלען, אויסגענג, הערמעטיש פאַרמאַכן,
וועט מען אַרייַן, וועט מען נישט אַרויס, די וואַך האַלט אָן אויג, גוט וועט זי דאָ וואַכן.



די לאַסט־מאַשינען די פאַרמאַכטע, מיט די פון ,גורל געוויילטע׳, רירן און פאָרן און פאָרן,
ביזן טויער פונעם געטאָ. דעם פאַרשטעל שוין באַזייַטיקט, און איצט איז פאַמעלעכער געוואָרן

דער אַרײַנפֿאָר, זיי שיטן פֿון זיך דעם פֿאַסאַזשירן־געווירבל אַראָפּ, די פֿאַרקוועטשט־פֿאַרדריקטע.
זיי גייען פֿאַרווירטע אַראָפּ, פֿאַרגאַפּטע, דערשראָקענע, געשטרויכלטע, אַרום מיט נײַגיר פֿאַרקוקט.
די קאָמענדאַנטן נעמען שרײַען: „פֿון איצט־אָן דאָ וווינט איר, איר ייִדישע מהומה!
אַ געלע לאַטע אירט טראָגן, פֿאַר שטענדיקן קאָנטראָל ווערט איר טאַטויִרט מיט אַ נומער.
דאָ וועט איר קיין קאַטשקעס נישט עסן, דאָ וועט איר לעבן אויף שטרענגער דיִעטע,
איר, פּאַראַזיטן, וועט לערנען ווי צו לעבן, וואָס איז אַרבעט, איר שרצים פֿון געטאָ!"

די געקומענע האָבן אויסגעלאָשענע פֿונאַנדערגעלאָזט זיך, באַקוקן די ערטער פֿון וווינען,
צעטיילט זיך מיט חורבות, יעדע נאָרע, יעדער לאָך, פֿאַר צען ביז צוואַנציק פֿאַרשוינען.
האָט מען זיך גענומען צום שווענקען, צום וואַשן, צום רײַבן די ווענט, די פּאָדלאָגעס,
ביז מיטנאַכט, ביז פֿאַלן פֿון די פֿיס. דער שלאָף האָט די מידע געמילדערט דעם רוגז.

מיט דער צײַט צוגעפּאַסט זיך, געוויינט זיך; אַ גענויע ראַם האָט דאָס לעבן באַקומען,
אויף שווערע אַרבעט, סײַ פֿרויען, סײַ מענער, האָט מען אַלע טעג פֿון דער וואָך צוגענומען,
דאָס קאַרגע ביסל עסן, אַ רעפּטל ברויט, דרײַ־פֿיר קאַרטאָפֿל, נישט סטײַעט דער מי־שעה.
דער נאַכטיקער פֿאַרשפּאַר האָט אַפֿילו פֿאַרזיכערט שטילקייט, אַביסל פֿאַר מי — רו.
צו יענער צײַט האָט מען נאָכנישט פֿאַרשטאַנען, ס'איז געטאָ אַ ים, וואָס דערשיטערט,
אַרײַנגעשלײַדערט אַהין־צו פֿאַר לאַנגער גסיסה, צום אויסגיין פֿאַרביטערט.

געטאָ־געסט

און אָפֿט טרעפֿט אומגעריכט, אַ קאָמפּאַניע סאַטראַפּן גייען־דורך געשטרעקט, מיט געהויבענע קעפּ,
די געסלעך די שמאָלע. אויסגעגלאַנצט, אויסגעפּעכלט אַלע שפּראַנטשקעס און מעש־געלע קנעפּ.
ווי געמאָסטענער קלאַפּן פֿון האַמערס, עכאָט־אָפּ זייער באַשפּאַרנטער שטיוול־גאַנג פֿונעם באָדן.
ווערן אויסגעקערט די גאַסן פֿון מענטשן, ווי דורך אַ פֿאַרלענדיקן ווינט, פֿאַרמאַכן זיך לאָדן,
טיר און טויער פֿאַרהאַקן זיך, און ס'טראַכט אַזוי יעדער נעבעך בײַ זיך: נישט מער,
בלויז די טיר אונדז דאָסמאָל איבערגעהיפּערט, זייער גאַנג נישט געווענדט איז אַהער!

איינמאָל, און צו עדהן זענען זיי געקומען, ס'האָט זי אַ מוסר געמסרט, און גלײַך ווערט
זי באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש, נאָך איידער דער גואל איז געקומען, זי האָט באַרײַכערט
מיט איר וויסן נאָך פֿריִער דעם שונא, געשטאַרקט אים דערמיט.
זי הערט שוין זייערע טריט
פֿאַמעלעכן זיך בײַ איר שוועל. ס'אַנטרינט איר דאָס בלוט דאָס דערשראָקענע פֿון איר פּנים.
„וווּ איז זי די סוקע מיט דער ממזרטע איר טאָכטער, די־אַ שופּטיקע שפּיאָנין?"
און אָט נעבנטער זיי קומען.
האַלדזט עדה רחלן, פֿרעגט גאָרנישט, פֿאַרביסן טוט זי שטומען;
דעם רוף זי פֿאַרשטייט, זי ווייסט ווער עס האָט געמסרט זי פֿון בלינדער אייפֿער־נקמה;
נעמט זי אַרויס אַ ביסל געלט, גיט עס רחלן, מיט אַ קליינטשיקן בילדל — אַ נחמה,
שעפּטשעט מיט האַפּט פֿון אַנגעזאָגטער צוואה: „קיין ציון, קיין ציון, צו דער מומע שרה!"
און שטופּט זי מיט אַ געזעגענונגס־קוש אויפֿן בוידעם אַרויף, ווי מ'שטופּט אין אַ נאָרע.

## דאָס געזעגענען זיך

איינע די אַנדערע נאָך זעט, אַ חסד־פּאַדעם פון ליבע צווישןביידע ציט נאָך און האַלט,
ס׳האָט זיך אָפּגעריסן צווישן די אויגן ליכט פון ליכט, אויפגעפלאַמט, פאַרלאָשן זיך באַלד.

## קיין ציון

האָט דאָס מיידל צו די שוואַכינקע שינדלען זיך, אויף צו הערן זײַן גרייט;
אַ הייזעריק געשריי און אַ קנאַקן פון קלעפּ צו איר אַרויף דאָ ביז אויבן דערגייט:
„ווו איז דײַן טאַטער, שפּיאָנין, — וועסט אַליין, דו בעסטיע, זי ברענגען דאָ אַהער!״
אָבער עדה, געשלאָגן, געפּײַניקט, בײַ אירס: „זי איז נישטאָ מער, זי איז נישטאָ מער״.
קעמפט דאָס מיידל מיט זיך און מיט יצר: צי זאָל זי איצט דאָ איר מאַמען לאָזן אַליין?
אָבער ס׳קלינגט אין איר דער געבאָט פון דער מאַמען: „צו דער מומע שרה דערגיין!״
מיט קאַצישער געשווינדקייט זי גליטשט זיך אויף אַ רינע אַ שמאָלע אַראָפּ פונעם דאַך
אין הויף אַרײַן, איבער וואַקלדיקע טרעפּ צו דער טוכלעקייט פון קעלער, זיך פאַרמאַכט.
אַ גאַנצן טאָג דאָרט געלעגן, נישט גערירט זיך, ביז עס לייזט־אויס זי די נאַכט.
מיט שטילקייט פאַראיינט זיך, אײַנגעוואַקסן אין איר, אין דער שטומקייט פאַרהאַרכט:
פאַרזינקען שטיל די יסורים אין ברכה פון שלאָף, נאַכטיקער געטאָ מיד איצטער שנאָרכט.
אַ שאָס דאָ, אַ שאָס דאָרט, לאָזט פון ווײַטן זיך הערן, דערמאָנען די שרעק עמעץ וויל.
און רחל געקאַרטשעט צו די געמאָסטענע טריט הערט זיך צו, הערט זיך אײַן אין דער שטיל
צו די טריט פון דערוואַך בײַ די אײַנגענג און אויסגענג פון פּלויטיקן פּלאָנט;
באַצוונגען פון איר מאַמעס געבאָט: „קיין ציון!״ זיך באַפרײַען זי האָט נישט געקאָנט.
דערווײַטערן זיך די באַטשוועקעטע טריט פון די גיהנום־סאַטראַפּן איבערן ברוקיקן שטיין.
ווי אַ רחמימדיקער וואַרעמער מאַנטל, ווי מאַמע־הענט ליבע, הילט די פינצטערניש זי איין.

אַ היבש שטיק וועגס איז דאָס מיידל געקראָכן, ווי אַן עקדיש וואָך זיך געשלענגלט
צווישן קשאָקעס, שטיינער און דערנער, אין רינשטאָק פאַרגעצט זיך, אין וואַסער אַ מענגע,
און געמיטן די וואָך, אויפגעהויבן זיך, פאַמעלעך געגאַנגען איבער גאַסן פון שטאָט,
נאָך פון קינדהייט געקאָנט זיי, מורא געהאַט עס זאָל זי נישט ווער דערקאָנען דאָ גראָד;
אָבער זעלטן זענען די גייער אין דער נאַכט דאָ, דער עכאָ לאָזט זיך הערן אַפילו פון איינעם,
עס סטײַעט נאָך צו פאַרשטעקן זיך אין אַ ווינקל פון טויער, מיט ש׳טילקייט פאַראייגען.



## די זעלבע שטאָט

די גאַסן מיט גאַרנישט זיך געענדערט, בלויז די פרײַהייט־סטאַטוע איז ווי פאַרשווונדן,
און פול די ווענט מיט באַפעלן, מיט וואַרנונג־אויפרופן, מיט פלאַקאַטן, וואָס טוען איר שווינדלען,
מעלדונגען אויף פרעמיעס פאַר מסירה צעהאַנגען, מיט האַקנקרייצער שאַרף־בולט פאַרזיגלט,
זיסע הבטחות פאַר מוסרים; און ס׳ציט דער פרײַז, לאַקט, טוט אין די אויגן זיך שפּיגלען.
שמייכלט רחל אין זיך; הייסט עס, זי האָט נאָך אַ ווערט, טאַקע אַ ווערט, — און קוים
כאַפּט זי ווער, גיט זי איבער אין די הענט זיי, וועט ער שוין באַקומען זײַן לוין.

זי גייט אַ פּראַקטיקן בנין פֿאַרבײַ, די שול, וואָס פֿון איר האָבן זי דערוויַיטערט די העלדן;
דער שטאָט־גאָרטן, אין אים אַלס אַ זייגקינד געשפּילט זיך; אָט איז עס דאָס וועלדל,
וואָס גרענעצט מיט איר היים־גאַס, געלעבט דאָרט מיט מאַמען און זיידן אינאיינעם;
פֿאַרמאַכט זענען די טויערן פֿאַר איר. איר קאָפּ זי פֿאַרריַיסט צו אַ פֿענצטער צו אייגעם,
אין אים האָט טאָג־טאָג זי די מאַמען געזען אויסקוקן די אויגן, אויף איר וואַרטן,
פּלעג זי אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט, אַרויף, און געפֿאַלן איר אויפֿן האַלדז אַ פֿאַרגאַרטע.
יעדן טאָג האָט די פֿרייד זיך באַנײַט בעת עס האָבן מאַמע און טאָכטער זיך באַגעגנט,
ווי אַ שפּיל: זעגענען און באַגעגענען און ווידער אַזוי; שטייט אויף שטענדיק אין דער געגנט
פֿאַריתומט דאָס פֿענצטער, ליידיק, קיין געשטאַלט שײַנט נישט אויף מער. ווי געבענדיקט
שטייט רחל פֿאַרווירט: קיינער וואַרט נישט מער אויף איר קומען, ס׳איז געענדיקט.
טראַץ דעם, ווי אין חלום הייבט זי די האַנט אויף צום גלעקל און — אַנגעקלונגען.
ווי דערוואַכט פֿונעם קלינגל איז זי אַוועק, אין דער טיפֿער פֿינצטערניש פֿאַרשפּרונגען.
ווי געיאָגט פֿון מאָנסטערס, פֿון אירע חלומות דערוואַכטע, חלומות פֿון דער קינדהייט,
לויפֿט זי איבער גאַסן, סקווערן, לויפֿט און אַנטרינט, וויל ראַטעווען זיך אין צײַט.
ביז זי האָט געשטרויכלט אָן אָטעם, ביז געפֿאַלן בײַ דער גרענעץ פֿון דער פֿאַרשטאָט;
דאָ האָט זי פֿריי געלאָזט אירע טרערן. איר ביטער געוויין אַלץ שטאַרקער געוואָרן דאָ,
ווי וואַסער־פֿאַל און כוואַליעס, דעם חורבן פֿון איר קינדהייט פֿאַרשווענקען, פֿאַרלענדן.
ביז ס׳האָט זיך געשטילט איר געוויין, פֿאַרשוויגן.
איצט האָט זי איר קינהייט פֿאַרענדיקט.

## וואַנדערונגען

מיטן מאָרגן־ליכט, ווי געוואָרן אַן אַנדערע, האַרט און אַנטשלאָסן; זיך גלײַכגעשטרעקט,
דער בליק פֿאַר זיך. ס׳קווענקלען נישטאָ מער: פֿאַר איר בלויז אַן איינציקער וועג.
אין שטאָק פֿינצטערן וואַגאָן פֿון באַן, וואָס לויפֿט האַסטיק אויף דרום־מזרח אַראָפּ,
קורטשעט זיך רחל אין דרײַען. פֿאַרשטעלט זיך, פֿאַרדעקט מיט אַ טיכל איר פּנים און קאָפּ.
זי מאַכט זיך דרימלען, ווי זי וואָלט שלאָפֿן געוואָלט, די אויפֿמערקזאַמקייט נישט צו ציִען,
יעדער בליק געווענדט צו איר, רק אויפֿדעקן, רק פֿאַרשן, אויסצוגעפֿינען, ער טוט זיך באַמיִען,
זי וויל נישט שטיין אין נסיון, געפּרוּווט ווערן, צו דאַרפֿן זיכערקייט, האַרטנעקיקן רוקן.
איר דוכט, זיי לעכערן אירע טיפֿעניש דורך, איר גוף, ווי מיט פֿײַער זיי טוען פֿאַרצוקן.

צום סוף שטייגט זי אויס אין אַ שטאָט, צו דער אויסגעבענקטער גרענעץ שוין נאָענט;
היטערס זענען אָבער פֿאַראַנען אַ סך, אין יעדן ווינקל באַזונדער שטייט איינער און דראָעט
מיט ביקס און באַגנעט. אין דער לופֿט פּילט זיך אַ שפּאַנונג אַ מאָדנע, עפּעס רייפֿט;
און פּלוצים אַ בהלה אַ וויסטע, אַ שיסערײַ פֿון אַלע זײַטן, פֿול ווערט די שטאָט מיט געלײַף
פֿון אַנטרינער, מען לויפֿט אין די טויערן אַרײַן, באַהאַלטן זיך אויף טרעפּ, אין לעכער,
און בײַדעמער און אויף דעכער.

## נעגערל

אויף רחל מיט די לויפֿערס, אײַלט באַהאַלטן זיך, וואָס העכער,

מיט אַ גרופּע אַ גאַנצע אַרויף אויף אַ דאַך פון איינס די גאַר הויכע מויער־הײַזער,
וואָס אין דער סביבה דער גאַנצער פאַראַן, אָודאי וואָלטן זיי געוואָלט באַווײַזן
צו אַנטלויפן העכער, ווען מען קאָן, צו די וואָלקנס, צו די הימלען צו די הויכע דערגייען,
זיי האָבן די פורטקע פאַרמאַכט. געוווּן דאָרט אַ יאַטל, אַ יאָר פינף צי פיר, געהאַלטן
צו גאַטס טראָן אַליין, — יאָ, ווען ס׳וואָלט נאָר אָן אויפגעשטעלטע לייטער דאָ ערגעץ געווען.
דער אײַנציקער אַ באַהעלטעניש דאָרטן: אין קוימען האָט ער זיך פאַרשטעקט, באַהאַלטן.
מיט הענט און פיס זיך געקלאַמערט אין די שטאָפּלען פון לייטער דאָרט דערינען,
געקלאַמערט זיך מיט די רמ״ח זײַנע קליינע, באַמיט זיך דערהאַלטן אַ רעטונג געפינען:
דעם געקרײַזלטן קאָפּ ער באַווײַזט, זײַן פּנים, וואָס שוואַרץ־נעגעריש גליט,
און כאַטש ס׳איז אַן אימת־מוות אויפן דאַך, האָט זיך אַ שמייכל אויף די ליפּן צעבליט
בײַ די מענטשן. ס׳איז ווער נאָך צום קוימען גיך צו, די עפענונג פאַרדעקט מיט אַ ברעט.
און אַלע האָבן אין ווינקל געזאַמלט זיך, שטיל געוואָרן, און געוואַרט דאָ ביז שפּעט.

מיט קולות הילכן די טרעפּ אַפּ, מיט שווער באַשפּאַרנטע שטיוול־טריט, ווי אַ טופּען פון פּי,
ווערט פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן, האַקן זיך אונטער בײַ אַלעמען די קני.
זיי ברעכן־אויף די פורטקע מיט קאָלבעס, די פיס זשאַלעווען אויך נישט קיין קלעפּ;
עס שיטן זיך קללות, חרמות, שיסערײַ, עס שיט זיך אַ האָגל נאַהייקעס און קאָלבעס איבער די קעפּ.
ווער ס׳גייט מיט בלוט אָפּ, ווער ס׳ווערט פאַרווונדעט, ווער דער חסד פון טויט אים באַפרײַט.
מ׳רינגלט־אַרום און מ׳הייסט זיי אויף אַ רעוויזיע זיך שטעלן אַוועק אין דער זײַט.
אַלע ווינקלען פון דאַך קאָנטראָלירט מען, אויך ברוכוואַרג און ברעטער אויפן דאַך דאָ,
עס קורטשעט זיך די הויט און פאַרגליווערט, די זעלנער גייען צום קוימען צו, זיי פאַרדאַכטן.
הייבן די ברעט אויף, אוי־ווי, אַנטפּלעקט האָבן זיי דאָס קוימען־באַהעלטעניש פונעם קינד,
און לאַכן, דער עלטסטער געגענט פּרוווט מיט זײַן באַגנעט אים אַ שטופּ טאָן אַ צינד,
האַלט ער זיך אָפּ, בייגט אַליין זיך אַרונטער ,קוקט אַרײַן, און ציט בײַם קאָפּ אים אַרויס,
בײַם געקרײַזלטן פאַרסאַזשעטן קאָפּ; קײַכט פון געלעכטער: „אַ נעגערל, אַ נעגערל אַזוינס!״
ער הייבט אים אויף, ווי אַ וואַיענדיק הינטל, דרייט אַהין און אַהער אים צעוויגט,
שיסט און לאַכט, לאַכט און שיסט, און וואַרפט אין שוואַרצסאַזשיקן לאָך אים צוריק.

וואַגאָנען

אַ סך זענען געכאַפּט געוואָרן בעת מ׳האָט די אַזוי־גערופענע ,אַקציע׳ דורכגעפירט,
זיי אײַנגעזאַמלט הינטער שטעכלדראָט; דערשאָסן דעם ווער ס׳האָט געוואָגט און דעזערטירט.
לאַנג קוקט מען אויס דעם גורל, שטייענדיק, נישט האָבנדיק קיין שאַנס אויף צו זיצן,
אין ענגעניש, ביז די באַוואָפנטע וואַך זיי געטריבן צו דער באַן מיט שמיצן.
געדרענגט זיך אין אַטשערעט, געשטאַנען געוואַרט בײַ די אָפענע וואַגאָנען, וואַגאָנען געמאַכט
פאַר בהמות, פאַר חזירים, וואָס מען האָט תמיד פאַרלאָדן, געזאַרגט פאַר זיי, געלייגט אַכט
אויף באַקוועמלעכע ערטער, שטרוי אונטערלייגן, אַן עמער וואַסער, פול פאַשע, באַגערט
מיט רחמים ווויל־טאָן דעם חזיר, דער קו, דעם שעפּס, און אַוודאי געזאַרגט פאַרן פערד.
אָבער הײַנט איז אַ מענטשן־יאַגד, האָט מען אין די וואַגאָנען געדיכט זיי אַנגעהויפט,
די עפענונגען פאַרהאַקט, אויף ריגלען פאַרשלאָסן, און קיין צפון־מערב די באַן איצט שוין לויפט.
יעדער וואַגאָן — אַ פענצטערל פאַרמאַגט האָט, אַ טרעפל ריינגלט אים פון דרויסן אַרום,

אויף אים דרייט זיך אַ סאָלדאַט אויף דער וואַך, קוקט ער דורכן פענצטערל נישט שטום,
ער זידלט און שעלט; אויף אים ליגט די אחריות פאַר אַט דער דאָזיקער אַנגעלאָדענער פראַכט —
לעבעדיק צי טויט. טרעפט און ער שיסט אינעם אויפגערעגטן מענטשן־געווירבל און לאַכט,
ווי זיי שטופּן זיך אינעווייניק, ווי זיי וואָלטן געדראַט דורכצוברעכן, כאַטש געוווסט,
אַז פון אײַזן די ווענט. און די גערוכן פילן זיך, אַזש ס'פאַרעקלט דעם אָטעם אין ברוסט.

## דוד דער צילער

אין איינעם אַ וואַגאָן, גלאַט אויסגעקאָלעכטן, אין דער ווײַסקייט, וואָס קאָן נאָר טאָן
פאַרגיפטן, אַרײַנגעשליידערט האָט מען אַהין־צו שיכט אויף שיכט, פאָטער און זון,
מוטערס, זייגקינדער געוואָרפן אויף באַבעס און זיידעס, אַ פאַרווירבלטער גופים־געקנויל
פולט־אָן זײַנע לונגען מיט גיפטיקע גאַזן, הוסט, קרעכצט זיך און כראָקעט פון מויל.
אָטעמדיק שווער, ציט זיך דער געקנויל אײַנגאַנצן צום פענצטערל, לופט אַנצושעפּן זיך זאַט,
און זעט מיט שרעק, יעדע ווײַל, ווי ס'קוקט דאָרט אַרײַן די שפּיזיקע ביקס דעם סאָלדאַטס.
און וואָגט עמעץ דאָרט צום פענצטערל קומען, פאַרהאַלטן זיך אויף מער, ווי עס טויג
דעם סאָלדאַט אויף דער וואַך, איז ער מכבד מיט אַ שפּיזיקן שטאָך גלײַך אין אויג.

צווישן די נאָענטע צום פענצטערל, אַ יינגל אַ שטאָלצס, אַ רויטינקער, האָט זיך געהאַט
פאַרזעצט מיט אַ שליידערער אַ קליינעם, מיט שטיינדעלעך אין האַנט, ווי נאָר דער סאָלדאַט
זײַן פּנים באַווײַזט, — טוט ער אַ ציל אין זײַן אויג, שפּאַלט אים דעם קאָפּ, און אַט
כאַפּט זיך דער גלית ביי דער ווייטיקער וווּנד, קײַקלט זיך מיטן קאָפּ צום אַנשאַט
פון די שטיינער אַראָפּ.
„פאַרפגרט ער האָט! צום פענצטערל אַלע!" — באַפעלט ווער
פון די פּאַסאַזשירן — „איידער ס'וועלן וועקן זיך די איבעריקע וועכטער! שנעלער!"

געוואָגטע — קינדער, יוגנטלעכע, — האָבן צום פענצטערל שנעל זיך געשטופּט און געריסן
און געשפּרונגען פון לויפנדיקן צוג, געשפּרונגען מיט ברען, נישט געקוקט אויפן שיסן,
ווער ס'האָט רוקן־און־לענד צעבראָכן, ווער ס'האָט דעם קאָפּ אין די שטיינער צעהאַקט, —
אָבער געווען זענען אַ סך, וואָס האָבן געראַטעוועט זיך, ווײַל זיי האָבן געוואָגט.
איצט שעפּן זיי פרישע לופט אין טיף־געדיכטן וואַלד, וואָס בײַ דער באַנליניע ליגט,
שעפּן פולע לונגען, פרײַ אויף פרישער לופט.
ס'האָט דוד ווידער גליתן באַזיגט.

## רחל און דוד

אויף רחל איז געשפּרונגען פון צוג, אין די ליניע־באַלקנס שווער זיך דעם קערפּער צעקלאַפּט;
פאַרקראָכן אין די קשאַקעס, איז דוד אין טראַנס פון העלפן איר שטאַרק געוועזן פאַרכאַפּט.
שיין איז דוד דער צילער און שטאַרק; געפירט האָט ער זי אין וואַלד, געהאָלפן מיט אַלעם,
וואָסער פון טײַכל געבראַכט, ווען זי פאַרשטעקט אין שאָטן איז אין חלשות געפאַלן.
זיי האָבן זיך אין פלאַנט פון בלעטער און צווײַגן באַהאַלטן, פאַרהאַלטן דעם אָטעם, געשוויגן;
אין שטילן געשעפּטש פון די בלעטער אַרום זיי, קאָן דאָס שווײַגן די יסורים פאַרוויגן.

די זון האָט ביַים פאַרגיין שוין געהאַלטן, פלעקן פול ליכט האָבן שפּילעוודיק געראַיעט
צווישן די בלעטער; פּייגליש אָוונטגעבעט, וואָס פאַרוויגט די נאַטור, זי באַרויִקט,
האָט גענומען זיך שטילן; אַ צוויטש דאָ, אַ צוויטש דאָרט נאָך הערט זיך, און באַהאַלטן
האָבן גרילן און פראָשן דאָס איינצעלנע צוויטשעריַי דאָרט אונטערגעהאַלטן.

האָבן זיך רחל און דוד באַפריַיט פון דער איינזאַמקייט־שרעק, פון די זעלישע ליַידן:
אָט די־אָ שעה האָט אין פריַינדשאַפט פאַרבונדן זיי אויף נישט צום שיידן.



## קינדער אויף די וועגן

ווי יעדער פאַרוואָרצלטער בוים, זיַין פראַכט איז די פרוכט, איז די צוויַיגיקע קרוין,
אַזוי זענען די קינדער די עלטערנס פראַכט, פון זיַיט דורות דער שטאָלץ און דער לוין.
פון נישט־מקומים־געוואָרענע פאַנטאַזיעס, חלומות, — אָט די אַנטוישונגען אין לעבן,
ווי אַ צוואה פאַר די קינדער ליגט אין דער טרייסט: אפשר זיי וועט עס ווערן געגעבן.

ווען ס'האָבן פאַרלענדונג און פאַרניכטונג זייער פּיסק, ברייט צעעפנטן אָן מאָס, און
ווען ס'האָבן זיך האָריזאָנטן איַינגעלאָשן, אַלע טויערן פון רעטונג זיך געשלאָסן
אָן אויסגענג, אָן איַינגענג, דורך זיי בלויז איין וועג פירט, צו מיתה, צו מיתה,
מיט יסורים, ביחידות און צוזאַמען, שוין מיט שנעלער צי מיט פּאַמעלעכער גסיסה,
קוקן די עלטערן זיך צו צו זייערע קינדער, זעען זיי, ווי שאָף צו דער שחיטה געפירטע,
אָנגעהויפטע, פאַרשמיסן מיט ביַיטשן, און ס'מעקן די קליינינקע שעפעלעך פאַרווירטע,
איידער דער מענטש־וואָלף טוט זיי צערײַסן; זעען די עלטערן זייערע קינדער געשענדטע,
צעשמעטערטע, דורכגעשניטענע, צעשאָסענע, פאַר זייערע אויגן אַכזריותדיק פאַרלענדטע,
זאָגן זיי צו זיך: מירן נישט דערלאָזן! אונדזער לעבן פאַר זייערס וועלן מיר געבן,
מיר אַליין וועלן נישט פאַרגיין, ווען מיר וועלן מיט אונדזער בלוט זיי באַלעבן.
האָבן די עלטערן אַליין געלערנט די קינדער פאַרשטעלן און פאַרלייקענען זייער ראַסע און שטאַם,
אופנים פון רעטונג געזוכט, באַצאָלט, אָנגעוואָנדן כשרע־נישט־כשרע מיטלען, און סתם
געשיקט זיי וואַנדערן אויף וועגן־אומוועגן, איבער וועלדער און פעלדער, אַזוי
אָן אַן אַדרעס פון אַ קרוב, פון אַ באַקאַנטן, אָדער אָפּגעבן זיי צו אַ גוטהאַרציקן גוי,
צי אַן אכזר, אַ באַגלייבטן, צי אַ שווינדלער: און האָט ער באַקומען דאָס געלט פונעם פאָטער,
האָט ער געפירט די קינדער, אָווו ער האָט שוין געפירט זיי און — פטור.

## פויערים

ווייל פאַרוואָר, ס'זענען געווען, זאָל מען צו גוטן דערמאָנען דעם־אָ פאַל
אויף אייביק; ער האָט געוואָגט, דער פויער, ביַי זיך אַ ייִדיש ייִנגל אויסבאַהאַלטן אין שטאַל.
געבראַכט אים פון רוצחישע וועגן, געהיט מיט זיַין וויַיב אים, פאַר פרעמדע פאַרשטעלט,
אין אַ קאַסטן פאַרבאַרגן אין גנאַי, דאָרט פלעגט ער באַהאַלטן אים, אים אַריַינגעשטעלט
אין שעה פון סכנה, ווען מען איז געקומען זוכן אומדערוואַרט, נישט געוווּנטשן, ביַי זיי.
האָט דאָס ייִנגל ביַים פויער געראַטעוועט זיך, און וואָכן אַ סך זענען פון דאַן שוין פאַרביַי,

האָט ער שוין געוווינט זיך קוקן אין די פּנימער פֿון זײַנע צוויי גוטהאַרציקע באַשיצער,
און פּאַסירט, אַז ער האָט אויך אַ שמייכל געטאָן, אָט שפּילט ער זיך מיט אַ הינטל שוין איצטער.
אָבער עס וועט נישט שלאָפֿן דאָס אויג פֿונעם מוסר, תּמיד איז עס רק אָפֿן און וואָך,
יעדער באַהעלטעניש דערווישט ער, יעדן סוד, זײַן געוויסן וועט נישט פֿאַרשווײַגן די זאַך:
ס׳האָבן ייִדן דעם פֿויער פֿאַרלאָקט, באַשטימט אויך אַן אַפּויטיקע געשטעקט אים דערבײַ.
דאַרף מען שנעל פֿאַרמסרן בײַ דער מאַכט, ס׳איז פֿײַן אַזוי, פּאַטריאָטיש און כּדאַי.

דער מוסר האָט מאַכט־לײַט געבראַכט. געניסטערט אין דער כאַטע, אין שטאַל, זיך פֿאַרנומען
צום גאָרטן, אויך צום הויף; אַלץ צעבראָכן, פֿאַרשמיסן, און גאָרנישט געפֿונען.
שלעפּן זיי צאַרניק דעם פֿויער מיט שטריק געבונדן צו דער פֿאַרשונג, צו זײַן פּלאָג;
אויסגעטאָן אים, געברענט און געבראָטן, און דער פֿויער האַרטנעקיק קיין וואָרט נישט ער זאָגט,
דאָס באַהעלטעניש פֿון ייִנגל גיט ער נישט אויס. האָט מען אים געזידלט, דו עקשן, פֿאַררעטער!
און געפּייניקט אים, געשליידערט אים אַ גוסטן; שטילערהייט האָט געזאָגט מיט געבאָט ער:
„זע וויב מײַנס דאָס ייִנגל צו ראַטעווען, נישט ער שולדיק איז אין די לײַדן אין מײַנע;
זע, איך האָב דיר געבאָטן!״ — און אויסגעגאַנגען, זײַן בליק פֿאַרשטאַרט, פֿאַרשטיינערט.
האָט די פֿרוי אים באַגראָבן, געהיים פֿאַרלאָזן מיטן ייִנגל איר דאָרף, איר כאַטע די גראָע,
און אַוועק צו די קעמפֿער אין וואַלד, נקמה צו נעמען, מקיים צו זײַן די צוואה.

קיין סך זענען נישט געווען ווי ער. פּאַסירט, און מען האָט אַוועקגעגעבן קינדער צו אַ גוי,
אַ מין חסד של אמת אַזאַ, אויף צוטרוי, און ער, דער גוי, האָט ליידער געבראָכן דעם צוטרוי.
אַ קינד אַ פֿרעמדס איז נישט לײַכט צו באַהאַלטן, אויסהאַלטן אים, היטן און דערציִען,
אַ מאָל אין אַ שאַפֿע פֿאַרמאַכן אים אויף שעהען, מ׳זאָל נישט הערן זײַן קול, תּמיד זיך באַמיִען
נישט צו זען אים; אײַנצושטעלן דאָס הויזגעזינד זײַנס, ציטערן פֿאַר יעדן באַזוך
פֿון אַ שכן, וואָס ניופֿעט מיט דער נאָז, נישטערט מיט די אויגן, און דערנאָך, דערנאָך...
אויך אַרבעט־הענט פֿעלט אויס, און דאָס קינד עסט אומזיסט זייער ברויט, ווערט עס אַ לאַסט.
בעת עס אַרבעטן די אייגענע קינדער דעם פֿויערס, פֿאַרגינט מען נישט אַט דעם גאַסט.
און עס טרעפֿט, די באַלעבאָסטע הייבט אַ האַנט אויף אים אויף, בעת שטאַרק זי נערוועז איז,
און שילט מיט טויטע קללות דעם פֿרעמדן, וואָס פֿלאַנטערט זיך שטענדיק איר אונטער די פֿיס,
פֿאַרן מאַדנעם, דעם נישט געלײַטזעליקטן, זעט זיך צאַרניקער האָס בײַ די קינדער אין די בליקן,
בעט זי זיך בײַ איר מאַן, ער זאָל צום גורל פֿון זײַנע אַלע ברידער, די ייִדן, אים שיקן.

ראַנגלט זיך דער פֿויער מיט טויזנטער באַגרינדונגען און סיבות, מיט זײַן געוויסן,
הייסט זײַן גאַסט דעם קליינעם אַרויפֿגיין אויף אַ שליטן, אַפֿילו נישט געבן אים צו וויסן,
אַז ער פֿירט אים איבער ערשטער ווײַסקייט פֿון שניי אין טיף פֿון וואַלד צו דער נאַכט.
ער באַרויִקט זײַן האַרץ: אַזאַ מענטש, ווי ער, וועט אים דען איבערגעבן דער מאַכט.
נישט אים לאָקט דאָס געלט פֿון באַצאָלטס, — אַ האָר איבער זײַן יצר נאָך איז ער געזונג;
(און ס׳ציט דאָס גרויסע באַצאָלטס, פֿאַר יעדן געמסרטן ייִד, וואָס מען האָט צוגעזאָגט).
געזעגנט ער זיך אָפּ מיטן קינד, לאָזט אויך איבער אַ ביסעלע שפּייז אים פֿאַרגרייט;
שטייט אַ ווײַל פֿאַרווירט פֿונעם איבערגעשראָקענעם בליק — לאַנג נישט דויערט דער צעשייד.

נאך גלעקלט פריילעך דאס גלעקל אויפן האלדז פונעם פערד, און באלד ווערט קליין
דאס געגלעקל און קלענער. בלייבט דאס קינדעלע שטיין אין א גליוויער־וועלט איינער אליין.

זינגען א מזמור־שיר פאר איינזאמקייט פון קינדער, פאר פחדים, ווי קאן מען, עס זאל היילן
א הארץ פון א מוטער, פון א פאטער, ס'איז כלל נישט איבערצוגעבן, כלל נישט צו דערציילן.
איינזאמע זיי קלאמערן זיך אין לעבן, אן גארנישט, דערהאלטן זיך ווי עס איז, אפט
פון פארהוילענעם חסד, פון הארטקייט פון קעמפער, וואס קעמפן הארטנעקיק ביזן סוף,
פון ביטערקייט, חנופה, תחנונים, פון טריקן, מיט חכמה פון דערנידעריקן זיך ביז שטויב.
אן אן אפהאלט פון מוסר און פון בושה. —
פאר אט דעם־א לעבנס־קיום א געזאנג, א לויב.



## אין די וועלדער

שטייגט דער מענטש אויף די שטאפלען פון פארשריט, זיך העכער און העכער דערהייבן,
די רעדער פון דערפינדונגען זיינע פארשלעפן דעם שוואכן, דעם אונטערשטעליקן זיי צערייבן.
דור נאך דור פארברייטערט ער די וויסנשאפט־האריזאנטן, און אויך זיין פארשטאנד,
וואס אנטפלעקט די סודות פון וועלט, די הבלים, די פאלשע גלויבנס. און ס'שפאנט
שטאלץ דער מענטש פון לויב צו לויב, מיט שלמות און מיט כוח ווערט ער בארימט:
באריירט ער וואס מיטן סצעפטער זיינעם — מיליאנען לעבנס און טויטן ער באשטימט;
דרייט־איבער דעם סדר פון דער יצירה, לויט זיין ווילן, פרוכפערדיק פעלד און טאל,
רייכע גרויסע שטעט ער פארוואנדלט אין וויסטעניש, אין הויפנס גרוז אן א צאל, —
אדער ער צעבליט טרוקעניש, מדבריותן, באגראזט דעם נאקעטן פעלדזיקן שטיין;
נאר א האר און דעם אייגענעם סוד ער אנטפלעקט, דעם סוד פון זיין אייגענעם זיין.
לויט זיין אייגענעם באפעל, ווארפט ער אויף די רחבותן פון וועלט אן זיין כוח,
אויף די ימים, אויף דער לופט, — ווייל אומגעהויער גרויס איז די מאכט פון זיין מוח.

בלויז איין קיניגרייך גיט זיך דעם מענטשן נישט אונטער: און דאס איז דער וואלד.
אייגענע געזעצן ער האט. קומסטו אריין אין זיין אפגעשלאסענעם תחום, און ווי באלד
דו גייסט דעם טויער אריבער אין די אומהיימלעכע שאטנס אריין, באמערקסטו: דא ראלן
די רעדער פון טעג צוריק צו די אור־כוחות, וואס מיט פולער מאכט שפילן־אפ זייערע ראלן.

## אין סוד פון וואלד־חסד

דער שר פון וואלד איז אן אכזר, אינעם אנטפלעקער פון זיינע סודות איז ער זיך נוקם,
און ווייל דעם, וואס קומט אין זיין שאטן, ער שענקט אים זיינע גנאדן און שוינט אים.
א באהעלטעניש זענען די קשאקעס פאר האז, פאר סארנע, פאר לאם איז זיין גוטס דא —
אויף די פאלאנקעס בלויז פילט מען סכנה, דער שוואכלינג געפינט זיך א שוץ דא.
זוכן טאקע א סך צו באהאלטן זיך אין די שאטנס פון געדיכטע פארוואקסענע גראזן
מיט פולער האפענונג זיכער צו זיין, און טוען אינגאנצן אויף זיי זיך פארלאזן.

אויך באַשיצער ער גיט, ווער ס׳פאַרלאַנגט זיי, די בערן־און וועלפס שטאַרקע מאַכט,
אַנצוואַרפן אַ שרעק אויף דעם, וואָס שטערט זייַן שוץ־אָרט; די עופות פאַר שטענדיקער וואַך
רופט ער סייַ בייטאָג, סייַ בייַנאַכט, ווען ס׳הערן זיך די טריט פון באַוואָפנטע סאָטראַפּן,
וואָס ווילן שלעכטס טאָן די, וואָס ער באַשיצט דאָ, אין שרעק ער טוט זיי פאַרכאַפּן,
פון סאָוועס, פון כל־מיני רויבפייגל־געקוויטש, שטעלן זיך די האָר זיי קאַפּויער,
פאַרצוקן די זיכערקייט פונעם געוועזער זיי, לייִמען די הענט מיט שרעק אומגעהייער,
קומען זיי צוריק פאַרשעמטע פון וועג, אומזיסט איז זייער שוימיקער קללות־געוויכער,
ווייַל דער שר פון וואַלד זייַנע געשיצטע וועט נישט פאַרראַטן, בייַ אים זיי זיצן געזיכערט.
ווי אַ פאָטער ער טוט זיך דערבאַרעמען, באַרויִקן, דעם מאָד מאַכט ער ווייך פאַר געלעגער,
ווי סאַמעט איז ער אַ קישן זיי צוקאָפּנס, מאַכט פאַרגעסן זייער זיצן דאָ אויף טעג ער.

## פליטים אין וואַלד

פאַר אַ סך איז דער וואַלד אַ שוץ דאָ, ער פרעגט נישט צו סאַראַ ראַסע און נאַציע זיי געהערן,
ווער עס וויל טרעפט אַ שוץ דאָ, פון פאַרדאַרבערס צאָרן וועט ער שוין ניצול דאָ ווערן.

און געווען זענען גליקלעכע משפחות, וואָס זענען אַהער־צו נאָך אַנטלאָפן אין צייַט,
מיטן ערשטן צייכן פון אומקום, מיטגענומען כל טוב, אַוועק אין וואַלד אַרייַן ווייַט.
דאָ האָבן זיי געפונען אַ קוואַל מים חיים צופוסנס ריזיקע דעמב־ביימער, די שאָטנס
פון צווייַגן, געדיכט פאַרפלאָכטן אײנינעם, באַשיצט האָבן אַ וואַלד־פּליך, ווו געראָטן
האָבן כל־מיני פרוכטן זיך צום דערקוויקן, אויך וואַלד־געבענטשטע פירות אַ סך;
געגראָבן האָבן זיי אַ נאָרע אַ גרויסע, באַדעקט זי מיט צווייַגן, מיט גרינס, ווי מיט סכך:
אַ באַקוועמע ווילע פאַר מאַמע, פאַר זייגקינד, — טאַקע ראָבינסאָנס אַלע, ממש ווי ער
מיט ערשטער דעראָבערונג, מיט וואָגן, מיט שאַפן, נישט געדענקען דעם נעכטן שוין מער,
די געשעענישן, די סכנות, וואָס לויערן אויף זייער וואַלדיקן אויפהאַלט אַלע מעתלעתן,
ווי אַ חלום אַ בייזער, שנעל האָט מען די רו, די ברכה פון ליכטיקן טאָג־שייַן פאַרגעסן.

און געווען זענען אַנדערע, שפּעט שוין אַנטלאָפענע אַהער, — דאָס זענען קרבנות פאַרצוקטע:
פאַריתומטע מאַמעס און טאַטעס, בלויז רעשטלעך זין און טעכטער פאַרטריבענע, פאַריאָגטע:
די אויגן צעפּראַלט פון שוידער־בילדער בייַם שיסן, בייַ תּליות, בייַם בראָטן און ברענען,
בייַ די אכזריותן צו קליינוואַרג, צו שוואַנגערע פרויען, בייַם שענדן אין מענטשן גאָטס צלם.
זיי זענען אַנטלאָפן, ווי חיות געיאָגטע, מיט אָטעמס פאַרצוקטע, פאַרקלעמטע און שווערע,
דאָ אין וואַלד זיך באַרויִקט אַ ביסל, אָבער אין האַרצן בייַ זיי אַ נקמה־פאַרשווערונג
צו באַצאָלן: צעשטערן וואָס מען קען, הרגענען, שעדיקן דעם פאַגראָמשטשיק, דעם שונא;
זיי האָבן זיך געשטאָלט, געהאַרטעוועט, אויף צו קענען אַליין זייַן אכזריותדיקע פאַרשוינען.
גרופּן־ווייַז, גרופּן־ווייַז זיך געזאַמלט, ווי אַ רויבער־פאַרשווערונג — צו רויבן,
אויסרייַסן דאָס רחמנות פון האַרצן; וואָס עס קומט זיי אין האַנט — צו צעשטויבן
אַן פּחד אין האַרצן: איבערראַשן די מלשינים אין די היימען, איבערראַשן מיט געפאַרן
פאַזיצעס, באַפאַלן אויך וואַכן, פאַנגען געווער, וואָס זיי גלוסטן, און שטאַרק גאַרן
אויפצורייַסן סקלאַדעס מיט זיי, שפּרענגען בריקן, אונטערמינירן באַנען און שינעס.

זייער לעבן איז ווי אַ הפקר־פּאַן אויף צו צעבלאָזן דאָס פײַער פון נקמה און שנאה.
פונעם לעבנס־יצר פאַרבליבן איז זיי אַן איינאיינציקע גלוסט: נקמה פאַר אַלעם,
אַלץ־איינס, צי וועלן זיי בלײַבן בײַם לעבן, צי אַליין אין קאַמף וועלן זיי פאַלן.

אָבער מער פון אַלץ די קינדער, זיי זענען אויפגעקליבן געוואָרן, ווי פאַרלוירענע אייער,
פון יעדער סטעשקע און שטעגל, פון וועגן פאַרשוואָנקענע מיט בלוט, פון יעדן פעלד, נאָך מער
פון קברים, וואָס די עלטערן אַליין האָבן געגראָבן, פון פאַרניכטונג, געפירט זיי אַ צוג,
פון פוויערישע היימען — געפלאָגט דאָרט, ביז זיי האָבן עס געהאַט גענוג און איבער גענוג —
אַנטלאָפן זיי זענען דורך געטאָ־צוימען, פון תּפיסות, פון קאַרצערס, פון בייזע אויגהיינט,
און געגאַנגען אַליין, צי צוזאַמען. אַ גרויסע שוועסטער, אויף די אָרעמס אַ זויגקינד,
וואָס די מוטער האָט זי באַשוואָרן בײַם געזעגענען צו היטן פון אַלץ וואָס עס דראָט אים,
און אומעטום מיט איר, ווו זי וועט גיין, און זאָל אים זײַן אַ מוטער אַנשטאָט איר.

און אַ סך זענען די בלאָנקענדיקע קינדער אויף די וועגן, אויף די פעלדער און שטרעקעס,
מיט שרעק פאַרן מענטש אין הארצן; אויך ווען יעמערלעך וואָיען די וועלף, שרעקט עס
נישט מער, ווי דאָס קול זײַנס. פאַראַנען בלאָנקענדיקע, ווי געשלאָגענע הינט, פאַראַנען,
וואָס גייען־אויס פון הונגער; אָבער אויך גרופּן, וואָס האַלטן פעסט זיך אַלע צוזאַמען,
בײַטאָג שלאָפט מען פאַרשמאַכט אין נאָרעס, בײַנאַכט גייט מען אַרויס אויף יאַגד, צו ערשט
גנבענען קאַרטאָפל פון די פעלדער, דערנאָך קערנער פון פלאַקס, פון קאָרן און גערשטן,
אויך קוקורודזע טרוקענע, — וואָס פון שטענדיק איז עס אַ מאכל אַ גוטס פאַר בהמות —
זיי זויגן אויך מילך בײַ די קי, כאַפּן זיך אין הינערשטײַגן אַרײַן, אין קיכן. געהיים איז
דאָס וואָרעמען זיך דאָרט, מ׳שלעפּט־מיט אַ שטיק ברויט, אַ שטיק פלייש, מ׳האָט תּמיד באַדאַרפן.
פּאַסירט אויך, מ׳כאַפּט זיי, באַקומען זיי געשלאָגן מכּות רצח, און ווערן אין תּפיסה געוואָרפן.

## קליינוואַרג אין וואַלד

מיט די געשעענישן האָבן זיי זיך געמערט, ווײַל די שרעק פאַרן מענטש האָט זיך געמערט, שרעק
אַפילו בײַם בעטלען נדבות, געיאָגט און געטריבן, זענען זיי אין וואַלד וואָס מערער אַוועק.

און דער וואַלד אַדאַפּטירט זיי, ווי אַ קרוב אַ גוטער, באַרויִקט, וויגט־אײַן זיי, און דווקא
באַצויבערט מיט זײַן פּראַכט: צעהירזשעט זיי פון פרייד מיטן רוף פון קוקאַווקעס;
איבעראַשט מיטן פּיקהאַלץ־געפּויק ווי אַ פּרעציז־פּריילעך קלאַפּערײַ פון אַ העמערל אַ קליינס,
מיט שטיפערײַ פון ווועווערקעס, וואָס זיצן אויפן הינטן, קנאַקן ניסעלעך איינס בײַ איינס;
זייערע שוואַרצע אייגעלעך בלישטשען ווי שפּילקעס, מיטן שלעפּ פון זייערע האָריקע עקן
טוען זיי עלעגאַנט די רוקנס, די קעפּלעך און די גאָלדענע פעלעכלעך לײַכט פאַרדעקן.
די פעל, וואָס האָניק־ברוין איז, ביז אַ גלוסטונג טוט פאַרצערטלען דעם רויִקן ברוין
פון יאָרן צעקאָרבטע, מיט קאָרעדיקן ריס פון בליצן צעשפּאָלטן פון שטאַם ביז דער קרוין.
לאָכן שוין די קינדער צו דער סאָווע, וואָס שטייט ווי אַ זקן, אַ געלערנטער גרײַז,
שאָקלט זיך, ווי דער זיידע בײַם לערנען די גמרא, און מיט קאָנטשיק פאַרשמײַסט
זיי אונטערצוטרײַבן.

קינדער פאַרגיבן שנעלער ווי אַלע אַנדערע, פאַרהיילן און פאַרצײַען

אַ נײַע הויט אויף די ווונדן, און מיטן ביסל ברכה פרייען זיי זיך, שטראַלן, באַמיִען זיך משלים זײַן מיט אָרעמער וועלט, נישט צו זען דעם תּהום, וואָס דורך די מעתלעתן שטייט גרייט צו פֿאַרשלינגען. ווײַליק זענען זיי די יתומקייט, דעם בראָך, צו פֿאַרגעסן.

## קלײנע רויבער

חוצפּהדיק זענען די רויבער די קלײנע, אויף דערפֿער וואַרפֿן זיי אַן וויסט אַ שרעק,
אַלעמאָל נײַע קונצטשיק. ס'איז זיי נישט צו כאַפּן, נישט זייער שיטה, נישט זייער וועג:
דאָ באַרויבט מען אַן אוגערקע-פֿעלד, דאָרט שלעפּט מען בײַנאַכט פֿון שטאַל שטיל אַ קו,
און פֿאַרטושן די טריט. פֿאַר זיי קיין ששטער איז נישטאָ, אַ בייז אָנשיקעניש, לאָזן נישט צורו.
אָט זענען די רויבער געוועזן, און נישטאָ, אומזיסט די סטראַשידלעס פֿון יעטווועדן סאָרט,
וואָס פּויערים שטעלן-אויף, און די פֿאַסטקעס, זיי שפּיאָנירן-נאָך, פֿאַרזעצן זיך ווו נאָר אַן אָרט.

און ווען שרעקיק דער וואַלד איז אַפֿילו, דאַרף מען זען די רויבער צו פֿאַרטרײַבן,
ווײַל גרויס איז די חוצפּה, און שווער זייער האַנט (אוודאי די מערהייט ייִדן! זיי גליייבן).
שווער דערקוטשען זיי די דערפֿער — באַקלאָגן זיך געבעכדיק פּויערים: „פֿאַרוואָס?"
דער כּוח פֿון לײַדן געפּלאַצט האָט, די רויבער האָבן שוין שטאַרק איבערגעטריבן די מאָס.
אָבער נישט זיכער זענען די מוסרים, די געטרײַע משרתים די פֿאַרשקלאַפּטע פֿון דער מאַכט.
אויף הײַנט זיי האָבן אַ באַן אויפֿגעריסן, געררויבט און אויסגעפּלינדערט די פּראַכט.



## רחל אין וואַלד

אין פּלאַנט פֿון וואַלד איז רחל געזונט געוואָרן, דער שטייגער פֿון לעבן האָט איר נישט געשטערט,
צו די קינדער איז זי גוט, ווי אַ מאַמע; ס'איז זיי קיינער נישט פֿאַרבליבן אויף דער ערד.
זי איז אין זייערע אויגן דערהויבן: ווײַל ערגעץ-ווו האָט רחל נאָך עמעץ, אַ נאָענטן,
ווען זיי — ווי חיות אין פֿעלד, — בלויז ראַטעווען זיך, בלויז לעבן, אַן אײנזאַמער שאָטן.

און דוד איז רחלס באַגלייטער געוואָרן, ווו זי שטייט און גייט — גייט ער מיט איר מיט;
זיי חלומען קיין ציון צו קומען, — פּלאַנעווען דעם ציל דאַרף מען גוט! נישט אָפּשטיין, הערן מיד
פֿאַרשיידענע פּלענער מאַכן זיי שעהען אויף שעהען, שפּיאָנירן און שפּירן-אויס זיך די וועגן,
און פּלעגן אויספּרווון איר שוואַכיקן גאַנג, כּל-מיני מאַפּעס זיך צייכענען זיי פּלעגן.

אָבער ווי, נישט זוכה געווען ביזן סוף צו פּלאַנירן, עס איז זייער פּלאַן געוואָרן צונישט,
געשטערט איז דער אויפֿהאַלט אין וואַלד, ס'האָט פֿאַרלענדער זיי ווידער דערווישט.

## אַ רייניקונג אין וואַלד

געקומען איז אַ טאָג אויף פֿאַר דער רייניקונג אין וואַלד, אַרויס איז אַ חייל אַ גרויס,
אויף טאַנקען מיט קאַנאָנען און מאַשינען-געווער, זיי רינגלען-ציגלען נישט בלויז
אַרום, זיי דרינגען שנעל אין וואַלד טיף אַרײַן און צעטרעטן די קשאַקעס, צעברעכן,
לייגן די שטאַמען אַוועק, פֿרײַ צו מאַכן די וועגן; און ס'פֿאַלן אַוועק אין געפּלעכטן

ריזנביימער מיט דונער און געקנאַל, שלעפּן אויך אַנדערע מיט זיך מיט און פֿאַרשוויַיגן.
ווערט אַ געקוויטשע, אַ בהלה פֿון פֿייגל, צעקוועטשט זייער נעסט אויף די צווייגן.
עס שטעלן זיך אויך ביימער אַנטקעגן, פֿאַלן אַרויף אויף די פֿאַרלענדער־פֿאַרשוינען
און קראַכן אַנידער אין אַ געפֿלעכט צוזאַמען מיט זיי, שפּריצט זייער בלוט אויף די קרוינען.

ווערן חיות געיאָגט אַרויס אין די פֿעלדער: די האָזן, די סאַרנעס, די וועוועריקעס און הירשן,
זיי לויפֿן און שפּרינגען אין די פֿלאַנטערס אַריין, די שרעק איז נישט צו באַהערשן;
ס׳טרעפֿט, זיי שטעלן זיך מיט געמעקע אַנטקעגן דעם דראַענדיקן פּיסק פֿון האַרמאַט,
און ווערן פֿאַרגליווערט, ווי פֿאַרכּישופֿט, ווי פֿאַרלוירן די ראיה זיי וואָלטן געהאַט;
ווערן די שלאַנק־דינע אברימלעך צעריסן אונטערן ראָליקן שווער־שטאָליקן ראָד.
באַגעגענען די פֿאַרכאַפּער אַ פֿאַרחידושט־געפֿלעפּטן בער, ווי נישט געוווּסט כּלל ער האָט,
קערט ער פֿלוצים זיך אום, און מאַכט אַ ויברח שווער־פּוסיק, דוכט זיך אַוודאי פֿון שרעק,
וואַקלט ער זיך אין שיכּורן געלאַף, ליגט שוין אַ האַרמאַטן־שאָס אים אַוועק.

איז טאַקע זיי אַ זעלטענער פֿאַנג היַינט געלונגען, פֿון חיה און מענטש איז היַינט דער געפֿאַנג,
אויך פֿון פֿאַרשידענע פֿאַרעקשנטע ביימער, וואָס געפּרוּווט זיך נישט רירן קעגן שטאָליקן טאַנק.
אין געמיש פֿון חיות און מענטש, וואָס ווי זיי ער אַנטלויפֿט פֿון אַנגעגליטער ביקס,
באַהאַלטן זיך צווישן שטעכיקע דערנער און קשאַקעס, אין פֿלאַנט פֿונעם קלעטער־געוויקס.
די קינדער אויף די ביימער הויך פֿאַרדראַפּעט, — ווי מאַלפּעלעך, ווי וועוועריקעס פֿלינק,
נישט לייַכט זיי דאָרט צו אַנטפֿלעקן, קוקן דורך בלעטער, קלאַמערן זיך אין אַ צווייַגיקן רינג,
אָבער שאַרף איז דאָס אויג בײַם יעגער, עס געפֿינט שוין צווישן די קרוינען, ווען עס זוכט.
אַ קערפּערל קליין קלאַמערט זיך דאָרט: אַ שאָס־פֿײַף און — ס׳פֿאַלט רײַף אַראָפּ ווי אַ פּרוכט.

אַ סך זענען די קינדער, וואָס אַנטלויפֿן, ווי קרוליקעס פֿלינקע, און פֿאַלן דערשאָסן אַנידער.

זעלבסט־מאָרד משפּחות באַגיין, וועט דער שונא נישט פֿאַרפּײַניקן זייערע נשמות און גלידער.
געשעט און ס׳בלײַבט שטיין אַ פֿאַרכאַפּער בײַ אַן אַנטפּלעקט אָפּענעם גרוב נישט גלייביק,
ווען ער טרעפֿט טויטע קערפּערס אין ליבשאַפֿט געאַרעמט, געזעגנט זיך שוין אויף אייביק.

## קעמפֿער אין די וועלדער

דרינגען טיף די פֿאַרכאַפּער אַרײַן אין יעדן פֿינצטער־אומהיימלעכן פֿלאַנטער־פֿאַרהאַלט,
און באַנען דעם וועג זיך מיט טויטע געבעט אין דער טיף, צום סאַמע האַרץ פֿונעם וואַלד.
דאָ האָבן די קעמפֿער די לעצטע פֿון וואַלד צום קאַמף לאַנגע טעג און נעכט זיך געגרייט:
זיי וועלן נישט געבן זייער לעבן אָן צו באַצאָלן, אַ יעדער פֿון זיי דאָס פֿאַרשטייט.
מיט אַ ביקס אַן אַלטע, מיט אַ באַמבע, מיט אַ ווידלע, אַ האַקמעסער, באַהאַלטן געווען, פֿאַרשטעלט,
אויך אַ ריסקאַל, אַ צינדפֿלאַש, מיט די־אַ כּלים אין נישט גלײַך־כּוחיקן קאַמף זיך געשטעלט.
מיט סאַלוועס אויף סאַלוועס פֿון שוויפּנטשנדיקע קוילן, שנײַדט טויט זיי אין וואַלדיקע טאָלן,
אָבער מיט נישט קלענערן שניט פֿון מענטשן, פּאַנצערס, מאַשינען, באַצאָלן זיי און באַצאָלן.
האַלצערנע קלעצער, געהויפֿט ווי אַ וואַנט, איינער אויפֿן אַנדערן, ליגן רויט־אַבריק צעפֿליקטע
און פֿאַרשטעלן דעם דורכגאַנג צו דער לעצטער פֿעסטונג פֿון די מטורפֿדיקע סיקריקין.

קיין עצה נישטאָ, עס האָט דער גהינום אַליין געשיקט אָט די דאָזיקע טײַוואָלאַנישע זין,
נישט קיין קאַנאָן, קיין האַנט־געוועהר, וועט זיי פאַרניכטן, אויך נישט קיין ביקסן־מאַשין.
דער חושך וועט זיי פאַרשלינגען, מיט פײַער וועט מען לאָזן די פאַרשטונקענע נעסט!
אויף די ביימער, פאַרשפּאַרט, ווי אויף שײַטער־הויפנס, וועט מען ברענען זיי ווי די פּעסט!

האָט מען אונטערגעצונדן פלאַנטערס פון קשאַקעס, פון ווילדגראָז, עס זאָל ברענען דאָס פײַער,
סמאַליען פאַרטרוקנטע דערנער, פאַרפּלאָנטערטע גראָזן, פלאַקערן אין פלאַמען ווי אַ שײַער,
ביז עס וועט אײַנהילן ריזן־ביימער אויף שטחים ווײַטע אין אַ רויכיקן רויטן וואָל
מיט געקנאַק פון דערנער, פון טרוקענע קשאַקעס; צעשפּאָלט זיך אונטער זיי איבעראַל
שפּאַלטנווײַז, שפּאַלטנווײַז, די צעקאַרטשעטע פאַרסמאַליעט צעפּלאַצטע שיכטע פון ערד.
עס הערן זיך נאָך שיסערײַען פון פלאַמען אַרויס, גראַנאַט נאָך גראַנאַט עס ווערט
געוואָרפן, אַ ביסל כאָטש צו פאַרטיליקן דעם פאַרטיליקער, און זיך וואַגזיניק פרייען
אויפן בראַך פונעם אכזר.
עס האָט אַרומגעכאַפּט אַ פײַער, אַרויסגעלאָזן צונגען־רייען,
און אַלץ: סײַ בוים, סײַ מענטש, סײַ בהמה האָט אַ ים פון פײַער שוין פאַרשלונגען
אין מיט פונעם וואַלד.
איז נאָך דעם חיל־אונטערצינדער צוריקטריטן אין שאָטן געלונגען.
ס'האָבן נאָך די האַלעוועשקעס געברענט, די קערפּערס גערויכערט אין די נעכט, אין די טעג,
האָט ווײַסער שנײַ אָפּגעווײַסט און פאַרדעקט זיי, און דער רעגן אָפּגעשווענקט יעדן שטעג.

## די קליינע האַלעוועשקעס

וווּנדערלעכע יעגערס פּרעציזע, בעלי־מלאכות, וואָס צו מומחהשאַפט גרויסער זיי שטרעבן,
האָבן ריין געמאַכט די וועלדער פון די אײַנוווינער זייערע, קיינעם נישט געלאָזן בײַם לעבן,
בלויז אייניצלנע דאָ־דאָרט געפּרוווט זיך פאַרשטעקן צווישן דערנער, מיט בלעטער זיך פאַרשיטן,
שטיל־שווײַגנדיק מיט ערד זיך פאַראייניקט, האָבן די קייטן־אויטאָס זיי פאַרזען, אויסגעמיטן,
ווייניק אַזוי, נישט צום ציילן, קינדער דער עיקר, ווײַל וואָך זענען זיי, פלינק אין שווונג,
האָבן זיי דעם פּחד זייערן בײַ די האָזן און אײַליקע וועווערקעס דערלערנט אויפן ווונק.

אַרויסצושטעקן פאַמעלעך די קעפּ, טוט זיי דער אײַנלעש פון די פלאַמען אַרום פאַרלאָקן,
פון צווישן די סטרוזשקעס שוואַרץ־פאַרסאַמליעטע קוקן אַרויס שוואַרצאַפּלען דערשראָקן,
רונדע, צעברייטערט פון פּחד, דער אייביקער פאַרגאַף פון קינדישע אויגן קוקט אַרויסעט.
זיי זוכן און פאַרשן יעדן געשעפּטשע, געשאַרך, יעדן באַוועגלעכן שאָטן זעבען זיי חושד.
געשפּאַנט קריכן זיי צווישן האַלעוועשקעס, סמאַליקע, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, פאַרסאַזשעט,
ווי שליחים פון די מהורי גהינום, ווי שדים, פון קשאַקעס אַרויס פאַרשמירט, פאַרמאַזשעט,
צום פעלד אין תבואה אַרײַן, צו גאָלדענע זונרויזן, וואָס שטייען צעשטראָלט אַזוי סתם
פאַר גאָט פון דער זון און זײַן ליכט אין געבעט, — אין זייער געדיכטעניש, ווי אַ ים,
טובלען זיי זיך, קלײַבן קערעלעך, און טוען נאָכקוקן, אונטערשיידן קלאַנג פון קלאַנג.
פאַרהײַען זיי זיך דאָ צו כאַפּן אַ דרעמל־נישט־דרעמל, און וואַרטן ביז דעם ליכטן־געצאַנק,
ווײַל פרײַ זענען די וועגן בײַנאַכט, די שטעגן פון די פעלדער טוען זיך אַ שטרעק

פאַר זייערע באַרוועסע פיס; קריכן די קליינע אַרויס פון באַהאַלט, און גייען אַוועק.
וואַהין, ווייסן זיי אַליין נישט, זיי גיבן זיך איבער דער חכמה פון סטעזשקעס, ווי ווירעס
גלײַכע, לאַנגע, אויך געשלענגלטע, צו אַן ערגעץ אַן אומבאַקאַנטן זייער פירן איז.



## הינט

אויב דאַרפישע הינט האָבן געלערנט ס׳רשעות ביי יעדן אכזר־לומפּ און צערייצט געוואָרן,
ווײַל מען האָט זיי געשלאָגן, געצופּט די פעל, לאָזן זיי אויס צום פרעמדן דעם צאָרן,
הײַנט נאָך די דײַטשישע הינט, וואָס מיטן דרעסירן איז מען צו יאגד־שפּיר געוועזן דאָך אויסן,
איז קיין סוד פאַר זייער שפּיר־נאָז נישטאָ, נישט אין שלאָף, נישט אין שטוב, נישט אין דרויסן.
זיי ווייסן ווי־אַזוי ביי זיי דעם צאָרן דעם ווילד־פאַרצוקערישן צו דערוועקן,
וואָס איז פאַרדרעגגט נאָך פון דער איידעלער היים אָן; און באַפעלן דער אור־טבע דערשמעקן

אין יעדן לעבעדיקן וועזן אויפן וועג — בלויז אַזאַ, וואָס קומט אים צו דערמאָרדן,
איז פעדער זיך אים צו דערמאָרדן! פאַרדעכטיק דעם פרעמדן, האָס אים אָפּן און פאַרבאָרגן!
ווען ס׳קומט אין זײַן פּיסק נישט קיין עסן, איז יעדע בריה, וואָס דער צופאַל ברענגט,
וועט דערוועקן זיין אַפּעטיט, צערייצן די חיה, וואָס געוועזן אין אים איז פאַרדרעגגט.
די דײַטשן ווייסן, וואָס סיסטעם איז, פאַמעלעך און מיט וויסנשאַפטלעכער גענויקייט, געניט
זיי דרעסירן צו אַטאַקירן, צו פאַרצוקן בלויז בײַם דערהערן דעם אויסרוף: „אַ ייִד!״

אין טאָג פון „פאַנג״ האָבן זיך שוין רחל און דוד פון דער קינדער־גרופּע דערוויַיטערט
אויסצושפּאַצירן די וועגן צו דער באַן, פאַר דער נסיעה, וואָס רחל פאַרטראַכט פאַר אַ צײַט האָט,
די נסיעה, וואָס זיי וועלן מאַכן אַמאָל, ווען ס׳וועט קומען די צײַט פון דאַרפן זי מאַכן.

זיי זענען ווי פאַרחלומט געגאַנגען, אָבער פּלוצים דערציטערט געוואָרן פון אַ קראַך, און
ס׳האָט אַ פּחד זיי באַפאַלן אין עק פונעם וואַלד: איז טאַקע צעשטערט די צײַטווײַליקע רו?
זיי לויפן זיך באַהאַלטן, זיך ראַטעווען, אָבער זעען די סאַטראַפּן וואָס שטורמען נענטער צו
צום וואַלד מיט זייער געווער און פאַנצערנע אויטאָס.
זייער פאַרצווייפלונג, רעזיגנאַציע,
באַפעלט זיי אומקערן זיך, אַנטלויפן, אַליין זיך כאָטש ראַטעווען פון די נאַציס.

פון לאַנקעס ברייט־ווײַטע טראָגט זיך אַ שיכטע וואַרעמקייט אַ דורכזיכטיקע אין צעציטער,
איבער זיי שפּאַנען רחל און דוד, ווי זיי וואָלטן באַרעכנט יעדן טראָט. אַ ביטער
שטיקעניש אין קעל, דאָס געוויין, וואָס ווייל יאָמערלעך אויספּלאַצן, האָבן זיי פאַרשטעלט,
אָבער דאָס גוטס, וואָס פליסט פון דלאָניע צו דלאָניע, פאַרגיטעט די איינזאַמקייט פון וועלט.

## אין היי

ס׳איז שניט אויף די פעלדער, די פערפיום־ריחות שפּרייטן זייער דופט־מאַכט, און
מיט פאַרשלעפּנדיקער מתיקות, מיט געגלעט, מאַכן זיי טעמפּ דאָס קאַשמאַרנע טראַכטן.

די גייער ווערן מיד, פאַרטשאַדעט פון מיטאָג־שעה, פון שטילקייט, פון ריחות אויף אַלע ערטער,
קוקן זיי זיך אום, סע זאָל זיי קיין מענטשן־אויג נישט דערווישן, פאַרזינקען צופוסנס אַ סטערטע.
זיי טוליען זיך איַין אין פיַיכט־אַנגענעמער ווארעמקייט און דאָס האַרץ איז באַטריבט,
זיי לאָזן זיך נישט פאַרשיכורן פון די שאַרף־שמעקנדיקע גערוכן, וואָס פאַרזיסן ס׳געמיט,
נישט פון בלויען קאָרנבלימל, וואָס פלעכט זיך אַריַין אין גרין־זילבערנער קאָניטשינע,
נישט מיטן האַריקן האָבער־רייַץ, נישט מיט די גאָלד־ווייצענע זאַנגען זיי לאָזן זיך פאַרשפּינען.

נעמט דוד און לייגט זיַין קאָפּ אין רחלס שויס, דרעמלט מידלעך איַין, רוט זיך אויס.
אַ פעלד אַ נישט דערקאָסטעס מיט סנאָפּעס געבונדענע אויפגעשטעלטע דאָ און דאָרט מאָלט
זיך אויס
אַנטקעגן זיי ווי אַ שונא; רחל אַ דערדריקטע מאַכט קיין אויג נישט צו, און ווערט
אַ היטערין דודס, גייט מיט איר האַנט איבער די האָר אים.
אָבער פּלוצים און זי דערהערט
אַ האווקען פון אַנגערייצטע הינט. ציטערט־אויף איר האַנט אויף זיַינע טשופּרינע־לאָקן.
ער דערוואַכט, ווי פאַרווירט, כאַפּט נישט וואָס ס׳איז, אָבער אירע אויגן דערשראָקן
זאָגן אים שוין אויף זיכער: אַנטלויפן וואָס שנעלער, וואוהין, מען זאָל נישט געפינען?
צום עפּל־סאַד, צו די באַכנישט אָפּגעשניטענע פולע פעלדער פון געדיכטער קאָניטשינע?
הינטער זיי ברענט דער וואַלד, פאַר זיי ליגט דאָס דאָרף אין דער ברייט און דער לענג,
דאָרט טשאַטעווען מענטשן און הינט; צי ועלן זיי גיין מיט פעלד־וועג־און שטעג,
וואָס שווימבלען מיט שונאים? נישטאָ קיין עצה, אויך קיין צייַט נישט, אַ טשאַטע הינט
מיט געהאַווקע, און קולות פון אַ מענטש, וואָס רייצט זיי אָן, קומען נענטער אַצינד.

לויפן ביידע אַ שטיק וועגס, צעקרעלן זיך די פיס אין דערנער, אין די קלאָסן
שאַרף געשניטענע פון די סקיבעס, אויף נקמה; געזען ווו ער האַלט דאָ און וואָס איז,
פאַרהאַלט ער זיך, ווי צום באַפעלן: „לויף דו, אפשר וועסטו כאַטש ראַטעווען זיך, ניצול ווערן,
בעת איך וועל זיי אויפהאַלטן אַ וויַיל — פאַרשטעק זיך אין היי, אויף נישט צו ווערן!
נישט פאַרהאַלטן זיך; ווי באַצוווּנגען פון זיַין ווילן זי דער וויַיטערט זיך געפעדערט
קווענקלענדיק אַ וויַיל, אָבער באַלד, אַנטקעגן דעם פחד פון די זיך שטאַרקנדיקע קולות
מאַכט זי אַ לאָך אין דער סטערטע, קריכט־אַריַין אין דער טיף, דאָרט ווו הויל איז.
דעקט זיך איַין מיטן שמעקעוודיקן היי, קוקט און קוקט דורך די שפּאַרעס אַרויס
און זעט אַ טשאַטע הינט באַפאַלן דודן מיט שטשירעדיקע ציין מיט אַ געהאַווקע אַ גרויס.

ער וואָרפט שטיינער, ראַנגלט זיך מיט די הינט, וואָס מיט געריטש און געבייל אים באַפאַלן
פון אַלע זייטן, בייַסן זיך איַין אין זיַין לייַב מיט די שפּיץ־שאַרפע ציין, צו צעקאַלן,
צו צערייַסן זייער בלוט־טריפיקן פאַנג, און אַזוי אַ צעריסן־פאַרבלוטיקטן שלעפּן אים, פאַרשלעפּן,
ביַים הויכן געלעכטער פון זייער האָר, צו זיַינע פיס, און דערנאָך זיך אומקערן טרעפּן
נאָך שפּורן. קומען זיי צו דער סטערטע צו, וווּ ס׳ליגט רחל באַהאַלטן פאַרציטערט;
זיי דרייען זיך ווי אין וואַנזין, ניוכען, שפּירן אַרום דאָס באַהעלטעניש פאַרשיכורט,
פאַרטשאַדעט פונעם שאַרף־רייצנדיקן היי־גערוך, וואָס טוט דאָ פאַרשמעקן דעם אַרום,
צעווילדעווען זיי זיך, זוכן שפּורן, אומזיסט, — און צעלויפן זיך, קערן זיך אום.

## אין געפֿאַלנקייט

איז רחל ווידער געבליבן אַליין, שוין אַ צווייטמאָל אַזוי ביטער פֿאַריתומט געוואָרן,
אַליין אַנטקעגן דעם פֿאַרהוילענעם אין די אייביקע פּחדים פֿון פֿרעמדקייט געוואָרפֿן.
ווער קאָן דען ציילן די־אַ לאַנג־שעהדיקע, די־אַ לאַנג־מינוטנדיקע טעג און נעכט,
און ווער די וואַנדער־סטאַציעס, אַנטוישונגען, שטרויכלונגען און אַלדאָס שלעכטס,
וואָס רחל איז אין וועג, אין די פֿעלדער, אין די הייף און סטאַדאָלעס, אויסגעשטאַנען,
(גרויס דאָס רחמנות פֿון די קי, וואָס געוואָרעמט, אַנגעזויגן מיט מילך זי אין די שטאַלן!).
וויפֿל פֿויערטעס מרשעתטעס און אַרבעט־געבער האָבן איזדעקעוועט זיך איבער איר,
בעטלער־גענזעמלען, וואָס בעטלען נדבות ניצן־אויס זי און שיטן קללות, ווי פֿון צעבער איר!
באַרעמהאַרציקע נאָנעס נעמען זי אַרײַן, פֿאַר תּפֿילה, פֿאַר האַרט־שווערע אַרבעט־מי, און
זי לערנט זיך לייקענען, חנפֿענען, אויך שווײַגן, פֿאַר דער איקאָנע צו קני̇ען.
גנבענען מיט אַ זיס פּנימל, אַזוי גלאַטיק, ווי אַ נאַי̇וועס, אויך געלערנט זי האָט.
אָבער, אין איר פֿאַרהאַרטעוועטן האַרץ איז בלויז איינס: דער זכּרון פֿון מאַמעס געבאָט.

## דער וווּנדער

ווער קאָן ציילן די וועגן אויף וועלכע אין רעגן, אין שניי, זי איז געגאַנגען, געלאָפֿן,
פֿאַרצווייפֿלט, מיט ווילן זעלבסטמאָרד באַגיין, — ביז היינט האָט אַ נס איר געטראָפֿן:
זי איז געוואָרן געוואַרן, אַז עמעץ גייט איר נאָך, און נאָך איר גורל, פֿאַרבאָרגן,
אַז פֿאַראַן נאָך אַ ווער, וואָס וויל איר טובה, פֿאַראַן אַ האַנט, אויך פֿאַר איר טוט זי זאָרגן.
אין איינער אַ פֿינצטערער נאַכט אַזאַ, האָט מען זי לעבן אַ קלויסטער אויפֿגעקליבן,
ווען אין פֿאַרצווייפֿלונג זי האָט מודה געווען, אַז אַ ייִדיש קינד זי איז, אַליין געבליבן.
פֿאַר צוויי בחורים האָט זי זיך פֿאַרטרויט, און זיי האָבן זי שוין מיט עפּעס געפֿאַנגען,
געגלייבט אין זייער גוטער כּוונה, איז זי שטילשווײַגנדיק מיט זיי מיטגעגאַנגען
מיט איר לעצטן רעשטל כּוחות, געשטרויכלט און געפֿאַלן; זיי האָבן זי אונטערגעהאַלטן
אַ שטראָם גוטס האָט זי אָנגעפֿילט, ווי ס׳וואָלט דער באַריר געגלעט און געהאַלדזט זי.
ווען ס׳איז איר פֿלוצים שוואַרץ פֿאַר די אויגן געוואָרן, פֿאַרחלשט אין די הענט זיי,
האָבן זיי געטראָגן זי צערטלעך, אַ פֿינצטערער וואַלד היילט־אײַן די רופֿע גלײַך ער קען זיי.

דערוואַכט האָט זי ליגנדיק אין אַ וואַגאָן, און אַלע אירע גלידער גלי̇ען אין פֿיבער;
האָט זי געהערט אַ ווער שעפּטשעט אין אויער איר: „שטיי־אויף, די גרענעץ מיר זענען אַריבער".
דערשטויגט פֿון דער בשׂורה קרעכצט זי אָפּ, ווי פֿאַרשיכּורט, עפֿנט די אויגן נישט אויף,
און מורמלט: „היינטער אונדז די גרענעץ", און פֿאַרזינקט אין די לאַבירינטן פֿון שלאָף.



## שיפֿן

גרייט האָט די ברידער־ליבע ייִנגע־צערטלעכע אָרעמס געשטרעקטע אין ציון צו שפּענדן;
קיין האָס וועט די דאָזיקע ליבע נישט באַזיגן, נישט תּהומיקע שנאה וועט זי פֿאַרלענדן,
נישט מרחקים פֿון מדינות און גרענעצן, נישט ביי̇זווילן, נישט טיפֿענישן פֿון אָקעאַן, —
זי טרעפֿט שוין אירע וועגן, אירע אונטערגרונדן, ביי̇ יעדער סכּנה איז זי פֿאַראַן;

דערמוטיקט נישט אַרונטערצופאַלן אין תּהום פון צווייפל, — פאַראַן אַ האָפענונג אין לעבן! —
זי רופט די פרייַהייט־שטרעבער זיך זאַמלען, די־אַ, וואָס טוען זיך נישט אונטערגעבן.
פאַראַן וואָס וואַנדערן, ווי שאָטנס דורך די נעכט, זוכן אַ ליבלעך־אויסגעשטרעקטע האַנט,
באַהאַלטן דורך אויסגענג געהיימע גנבענען מיט פאַראַלן גרענעצן צווישן לאַנד און לאַנד;
אַ טייל פאַלן, אַ טייל ווערן טאָקע געכאַפּט, ווערן געפּייַניקט, און ברעכן זיך צוזאַמען,
און גיבן־אויס חברים. אַ טייל דערשלאָגן זיך צו פאָרטן, אויף מאַפּעס נישט פאַראַנען.

דער ים האָט פּאָרטן: דערלויבטע, פאַרבאָטענע, אויך שווער־צוגענגלעכע, אויך באַקוועמע,
פאַר פראַכט־שיפן, וואָס הייבן־אויף פלאַטערנדיקע פענער, — און שמוגלער־שיפלעך געהיימע
זענען אויך פאַראַנען און פאַראַנען.

,תקוה׳ *

האָט מען רחלן מיט פליטים אויפגעקליבן אויף וועגן פאַרוואָגלט,
געהייסן אין אַ שיפל אַרייַנגייַן, ביי אַ פּאָרט, אַוואַהין מען האָט זיי אַלעמען פאַרשמוגלט.
אַ שיפל מיטן נאָמען ,תקוה׳, דערמאָנט וויקטאָר הוגאָס גאַלעריע, אָדער אַ מין מוראדיקע
קנעכט־טראַטווע פון אַלט־אַלטע צייַטן, אַזעלכע אומעטיקע טראַטוועס, טרויעריקע.
שווער זיך פאַרצושטעלן; אין צוואָנציקסטן יאָרהונדערט אין ים מיט אַ שיף אַזאַ באַנען,
איבערן אומהיילעכן טיפן ים זיך אַ לאָז טאָן, הפקר דאָס לעבן, וואָס נאָך פאַראַנען,
לאָזן זיך אויפן גנאָד פון די שטורעמס, כוואַליעס־געברויז, וואָס ווי מיט האָס־צאָרן ראָלט ער,
אַזוי־ווי מיט דראָענדיקן שטן־געלעכטער קלאַפּט זיך אָן אין די ווענט פון מולטער.

די ברעגעס פאַרלאָזט מען נישט ווען אָן אויג קאָן דערזען, לבנה־נעכט, שעהען געטאָגטע
קומען נישט אין באַטראַכט, נאָר אין פינצטער־באַהאַלט געהיים, ווי פאַרברעכער נאָכגעיאָגטע.

קומט חצות, לעשן זיך די ליכטער, אויפן ברעג פאַרצייכנט זיך אַ מין עפּעס, עס קורסירט
אַ סילועטן טשאָטע אַ שוואַרצע, אַ סודותדיקער געשאַרך, — אָט און דער עולם שוין רירט,
שנעל פאַרגנבעט ער זיך אין פּאָרטל, באַהאַלטן צווישן פעלדזן, גייט ער ווי אויף שטאַבעס
און נידערט איבער יעדן שטיין אַראָפּ אויף דער דעק פונעם מולטער: ברוך הבא!
שטופּן זיי זיך אָן, ענג איז דאָס אָרט.
עס איז שוין דער לעצטער אַרויף צו דער צייַט.

פרייַ אָטעמט מען אָפּ: מיט דער פאַרשאָלטענער ערד האָבן שוין די פיס זיך צעשיידט!

און די רייזע הייבט אָן. מען הייבט־אויף דעם אַנקער, עס קלינגען די קייטן קלין־קלאַן;*
מען חלומט פון זיכערע ברעגעס, מיט גאָטס הילף, און אויך מיט דער הילף פונעם ים.
מ׳גליטשט זיך בגנבה, און שטיל מייַדט מען אויס די שווימעדיקע שיפלעך פון דער וואַך
מיטן פּראָזשעקטאָר־טורעם, וואָס צינדט און לעשט זיך. פאַרגליטשט פון דער פלאַך. —
און צום אָפענעם ים שוין אַרויס. יעדן געהער דאָ דאָס וואַסער, נישטאָ מער קיין וואַכן,
ברייט און גלאַט איז דער ים, גרענעצן צערייַסן נישט און פאַרטיילן נישט די פלאַכן.

מ׳פּאַרט אויפן פרײַען ים אַ טאָג, און נאָך אײנעם, פון קײן שום דאגה נישט געשטערט;
אפילו באַקוועמלעכקײט האָט מען אײַנגעשטעלט, ס׳פילט זיך אַ האַנט פאַרלײַכט און באַשווערט.
באַשטימט די פּאַרציעס עסן, דאָס וואַסער, אַ פּלאַץ צום שלאָפן, אין אײנגעטײלטע מאָסן.
גרופן יונגוואַרג האָבן אפילו אָנגעהױבן דיסקוטירן מיט וואַרעמע גלענצנדיקע ישמועסן;
אײבער פאַרן צווײטן טוט זיך פאַרטרויען, עס טויכט־אויף אַ געזאַנג, צו ערשט געפלאָסן
שטיל, ווי זיך געקווענקלט, באַלד האָבן זיך שטימען אַנדערע אינעם כאָר אָנגעשלאָסן.

און רחל פאַרקלערט, גײט אײנזאַם אַזוי צום שפּיץ שיפל מיט איר טריביקן מוטנעם
בליק צו די כוואַליעס, געשפּאָלטן מיט ווײַסן שרונט, און חלומט וועגן איר מוטער.
זי ציט פון איר טאַש אַ קלײן בילדל אַרויס, קוקט־אײַן זיך לאַנג אין איר צורה,
קוקט און זעט צוויי שוואַרץ־גרויסע אויגן, אַט אַזעלכע גרויס־שוואַרצע, ווי אירע;
פאַרשטײט זי איר ריס, גאַנץ איז זי נישט מער, ס׳איז יאָ און נישט קײן שאַד איר,
צעריסן ווי פון זיך, ווײַל עס דופקט געהײם אין איר בלוט דאָס בלוט פון איר מוטער.

## אַ שטורעם אויפן ים

און נאָך אַ נאַכט, נאָך אַ טאָג, — פאַרוואָלקנט זיך דער הימל, צעשטורעמט דאָס וועטער,
שוימען די כוואַליעס שטויסן דאָס שיפל, צעקלאַפּן זיך מיט כּוח און געשפּריץ אין די ברעטער.
קרעכצט דאָס שיפל אַן איבערגעלאָדנס, ראַנגלט זיך פאַרעקשנט מיטן געברויז, קעמפט מיט גבורה,
שיצט טאַקע דאָס טײַערסטע אין זיך, אָבער קאָן זיך נישט פעדערן, און דאָס איז די צרה.
אַט אַנטבלויזט זי דאָ די לינקע, דאָ די רעכטע זײַט אירע, דעם נאָז־שפּיץ, שוין פאַרזונקען,
הײבט זי אַרויס פון די תּהומות; אומזיסט: די ערשטע פאַרענטש איז שוין פאַרשוואָנקען.
אַט גיט אַ הײב זיך אַ ווײַסע בײַגעריקע כוואַליע, דראָט דעם דעק־זוים צו צעברעכן,
ווי זי וואָלט אַ גלעט טאָן דאָס שיפל, אויפרײַסן דאָס פאַרשטעקטע, ס׳באַהאַלטענע פאַרשוועכן;
פאַר איר איז קײן סוד מער נישטאָ, זי נישטערט, דרינגט אין די באַהעלטענישן אין אַלע,
און שווענקט און שוימט, פאַרצוקט זאַכן, און קאַסטענעס גאַנצע טוט זי מיט כּוח אַ פאַרוואַליע.
צום אומגליק צום גרויסן פאַרשווײַגט דער מאָטאָר, נישטאָ מער די פירנדיק־זיכערע האַנט,
אויסגעגאַנגען דאָס האַרץ פונעם שיפל, מיט געוויין און געבעט אַרום מאַסטבוים בײַנאַנד,
האָבן זיך די פאַרער צוזאַמענגעשטופּט, — אָבער עס קראַכט דער מאַסטבוים אין געוויטער.
ווי אַן אויסגעהוילט שעלעכל טויכט עס, שווימט־אַרויף, דאָס נעבעכדיקע שיפעלע ציטערט.

אויב אַ שיפל אין מיטן ים איז שעלעכל אַ קלײנס — זענען קערנער די פאַרער בײַם פאַרן,
קלײנינקע זערנעלעך, געוואָרפענע אַנגעקלאַפּטע — אָבער כּלל צעקלאַפּט נישט געוואָרן.
יעדער באַגריף, יעדעס געזעץ פון וואָג, האָט פאַרזאָגט, עס האָט דער תּוכן קײן אַנזען,
דער תּוכן, וואָס ווי אַן אמת איז אַ מאָל געלערנט געוואָרן: האָט קײן האָפט, קײן אַנלען!

פאַראַנען פּחדים, וואָס פאַרשטײנערן, לײמען די גלידער, ברענגען דאָס בלוט צום פאַרהאַלט,
פאַראַנען אימות שווײַגנדיקע, פאַרדומפּענע, וואָס רײַסן־אויף זיך אַלײן מיט געוואַלד,
פאַראַן אַ וואַנזיניקער יאוש פון אָפענע אויגן, וואָס גיבן זיך איבער דעם גורל געשווינד,
פאַראַנען פאַרביטערונגען, אָדער אומבאַהאָלפן געוואַי, אַ בעטנדיק געפּישטש פון אַ קינד,

פאַראַנען אַ סך פּחד־ביזאַנסן פאַרן טויט, ער איז דאָך געזיכערט אויף אַל־אַלע צײַטן
נישט אָפּגעווישט צו ווערן, נישט אויסצומײַדן, ס'העלפט נישט דאָס גיין אין די זײַטן:
ער איז אַ באַשערטער. בלויז תּפילה און וידוי, בלויז חשבון־הנפש פאַר גלייביקע קאָן
פאַרבלענדן, באַרויִקן, פאַרזיסן, קאָן פאַרדעקן, אָדער פאַרקלענערן דעם אמתן תּהום.
האָבן זיך צוזאַמענגענומען פּחדים אין אַ געמיש דערשרעקנדיקע קולות, מיטן געלויף
פון ברויזנדיקע כוואַליעס צעברילטע, שפּאַלטן זיי די הימלען און שטײַגן אַרויף.
אַלע האָפענונגען, שטרעבונגען, ליבעס און אייפערזיכטן, זענען בטל געוואָרן, ווי אָפּגעמעקט;
די טרענקנדיקע, יעדער אייגער פאַר זיך, האָבן אין שטענדיקער איינזאַמקייט זיך אַנטפּלעקט:
ווען אפילו געאַרעמט, צוזאַמענגעטוליעט, אײַנגעקלאַמערט, מיט זיך זענען זיי בלויז,
ווי זיי וואָלטן אַ שוץ געזוכט — און נישט געפונען, גייען זיי אין יחידישער איינזאַמקייט אויס.

ס'האָט אַ שלײַדער געטאָן מיטן שיפל; אַ זעץ, אַ סקריפּ, אַ סירענע־געוואַי, באַפעלן אַ קול טוט:
אַרומביינדן די רעטונגס־גורטן!
דאָס שיפל איז אין אַ פעלדז דאָרט אַרײַן, זיך צעשפּאַלטן האָט.
זאַמלען זיך די טרענקנדיקע מיט האָפענונג אויף רעטונג, אַרויף צו דער אייבערשטער דעק:
אַ פעלדזיקער צעריסענער ברעג אין דער נאָענט, האָט זיך פאַרן זינקענדיקן שיפל אַנטפּלעקט.

## גראַטעוועטע פון שטורעם

שפּריצנגען בחורים געוואַגט אין צעשטורעמטע כוואַליעס, און פּרוּוון דערשווימען צום ברעג,
בעמען אויף זייערע אַקסלען און צײַען מיט זיך פאַרדרייטע שטריק ווײַט־ווײַט אַוועק;
צווישן פאַרצוקטן שיפל און דעם האַרט־פעלדזיקן באָדן אַ שטריק־בריק ווערט פאַרבונדן,
אין אים האַלטן זיי זיך אָן מיט די רעשטלעך פאַרלוירענע כּוחות.
ס'שיפל איז פאַרשוווּנדן.
אַ טייל זענען אַרויף, אין די פעלדזן זיך געקלאַמערט, ציטערנדיק געפאַלן אין אָנמאַכט.
אָבער אָט יאָגט צאַרנדיק־בייז אַ וואָך אָן, באַוואָפנטע און געטרײַע שליחים פון דער מאַכט:
„אָן וויזעס גייט מען נישט אויפן ברעג פון דער דאָזיקער מדינה, פון דעם דאָזיקן לאַנד, אַרויף;
ס'איז מלחמה אויף דער וועלט. ווער קאָן וויסן די כּוונות, וואָס יעדער קאָן האָבן?"
„אפשר האָבן די געקומענע בייזע כּוונות, אפשר האָט עמעץ זיי אַלס שפּיאָנען אָפּגעקויפט;"
שווײַגן די גראַטעוועטע פּליטים, בלויז זייערע פאַרלאָשענע אויגן אַ תּשובה פאַרמאָגן.
האָט אַ פונק פון רחמים געצונדן זיך אין פאַרהאַרטעוועטע הערצער, אין פּנימער, ווי געמאַכט
פון שטיין: צוריקגעצויגן זיך פון געשרייען, האָבן זיי רעטונג־בעטלעך צו טראָגן געבראַכט.
ווען ס'האָט גענומען זשאַריען אויף טאָג, האָט מען אַ מאָדנעם קאַראַוואַן געכאַפּט אויפן ברעג:
פּשוטע פאָלקס־מענטשן, בעלי־רחמים, פירן די גראַטעוועטע פּליטים פון שיפל אַוועק;
און אַ שטאַרק רחמנות האָט אַרומגענומען זיי, האָבן זיי צו דער מצווה זיך געריסן,
אין שטוב זיי גענומען, אין נעבעכדיקע הײַזקעס, געוואַרעמט זיי, געטיילט זיך מיטן ביסן.



## צוויי שליחים

איסטאַמבול די הויפּשטאָט די גרויסע, אַ רײַכע און אַ פאַרצויבערטע וווּנדער־שיינע שטאָט,
יעדער אויסקוק־פּונקט, יעדער טורעם, יעדע פעסטונג, הונדערטער לעגענדעס זיינע האָט.

שיינע קאַלומנע־פּאַלאַצן, גערטנער, וואָס טוען אין דער לופט זיך דראַפּען, ווי הענגען,
אַ פאַרביק געטומל אויף ברייטע רעשיקע גאַסן: אַ צעהוליעטע שטאָט אין געדרענגען.
טויזנטער איינוואוינער אין איר: רייַכע, קינסטלער, געלערנטע, און דערונטער אָרעמע לייַט,
בעטלער, קריפּלס, פּוסט־און־פּאַסטניקעס, אויך פלייַסיקע, וואָס גייען צו אַרבעט אין צייַט.
פאַראַנען דאָ פאַרשיידנפאַרביקע גערטנער, גריגע אַלייען, פייַנע גאַסן, פּראַכטיקע סקווערן,
אויך פאַרשטונקענע קוואַרטאַלן זענען פאַראַנען, שמוציק־צעקרומטע געסלעך אָן לאַמטערן.
קומסטו אַרייַן דאָרט, ווי וואָלסט מפקיר געווען דייַן לעבן, נישטאָ קיין אַרויס, עס טוט דאָ
בלויז אַ הי־געבאָרענער קענען די אַרייַן־און אַרויס־גענג, בלויז ער קען זיי גוט דאָ.

אין אַ פינצטער געסל, צווישן אָרעמע אָפּגעריבענע גראָע הייַזער און אָפּגעשליסענע פאַרשווינען,
צוויי בחורים, פרעמד איינער צום צווייטן, זייַט חדשים אַ פּאָר דאָרטן שוין וווינען.
די שכנים ווייסן נישט וואָס זייער באַשעפטיקונג איז, נישט זייער שטאַם, זייער לאַנד:
אַ סך שעהען פון טאָג אויך פון די נעכט, געפינען זיי זיך נישט אין שטוב דאָרט בייַנאַנד.
ווען נישט זייער שיינער אויסזען, דאָס ליב־זייַן צו די קינדער אין שפּיל, אין געלעכטער,
וואָלט מען זיי מן הסתם פון לאַנג איבערגעליפערט דער מאַכט, אין שפּיאָנאַזש פאַרדעכטיקט.
אָבער העפלעך זיי זענען, ברייט־האַרציק, טוען גוטס, קאָן מען קיין שלעכטס נישט דענקען, —
יעדע פּשוטע פרוי וועט האָבן רחמנות אויף זיי, און ליבע, ווי אַ מוטער זיי שענקען.

דערגייט דער אָפּקול פון מלחמה אויך ביז אַהער, דער אונטערגאַנג פונעם מערב, און אויס.
דערגייען אימהקע בשורות וועגן חורבן פון פעלקער און לענדער, די הריגה איז גרויס.
די מאַכט און דאָס פאָלק לאָזן איבערן געוויסן אַ פאַרהאַנג אַראָפּ, ראַטעווען זייער הויט!
און וואַנזין פון וועלט, דער וואָס שטייט אין דער זייַט, ווערט געהאָלפן, ניצול פון טויט.
ווויל איז דעם פּחדן וואָס איז רואה את הנולד, יעדן סימן פון אַ דורכבברוך ער זעט
און אײַלט צו פאַרשטאָפּן אים. יעדן פונק פאַרלעשט ער, טאָמער דאָס פייַער וועט
זייַן לאַנד אויך פאַרלענדן. ווערט יעדער פרעמדער, — אפילו דעם נביאס שליח, קאָנטראָלירט,
מ'וועט רעדן אים שוין מאַכן, און צו אונטער טיר און ריגל ער ווערט אין קייטן געפירט.
סאַראַ סוד האַלטן די דאָזיקע צוויי, אַ ליכטיקן סוד אַוודאי, פאַרכאַפּט יעדן אייַנעם מיטן
פּראָגראַם?
יוגנט? גלויבן? די ליכטיקע וויבערקייט זייערע איז אָן אַ פלעק, אָן אַ פּגם?

צוויי שליחים פון ציון, צוויי יונגע בחורים, אין עלטער, אפשר צוואַנציק די יאָרן,
האָבן פאַרלאָזן די היימען די גוטע, די בריקן פאַרברענט הינטער זיך, און געפאָרן.
מיט דער נשמה אין די הענט, ווי אַ פאַקל צו באַלייַכטן די פאַרצווייפלטע שארית הפליטה;
פאַרבאָטענע וועגן, נישט גרענעצן, לעשן זייער פייַער, נישט קיין ימים נישט קיין ווייַטע.
זיי אונטערהאַנדלען מיטן נידעריקסטן מיט פאַרדאָרבענע פאַרשווינען, שמוציקע ליגנער,
קעשענע־גנבים, גנבים פון צוטרוי, שמוגלער, מלשינים, מאַרוויכער און באַטריגער.
אין דער מחשבה פון די צוויי, אין אופן פון זייער משא־ומתן, נישט קיין דרייענישן פאַראַנען;
יעדער דריי־קאָפּ, יעדער מנוול, איז פריִער צי שפּעטער צו דער רעטונגס־טאַט צוגעשטאַנען,
פאַר געלט אַ מאַטניאַ, אויך אָן געלט, קומט מען העלפן די דאָזיקע צוויי יונגע פּיאָנערן,
פאַר זיי איז מען גרייט צו אַוואַנטורע, צו סכנה, פאַרהאַפטעט און געפייַניקט צו ווערן.

זיי שיקן צעטעלעך, דערמוטיקן די גראַטעוועטע פּליטים, די אַנטלאָפענע פונעם געטאָ.
שמוגל־פּאַספּאָרטן, פאַלשע פּאַפּירן, אויך געלטער, צייכנס, סימנים און פאַראַלן: זעט,נאָר
נישט צו פאַרצווייפלען! מען זאָרגט! מיר לעבן נאָך! מיר זענען דאָ, נאָך פאַראַנען!
געזיכערט זענען די דורכגענג באַהאַלטענע ביי די גרענעצן, ביי די ברעגעס פון ימען.
ווען אפילו קליין און נישטיק איז דער לויכטנדיקער כוח אין מבול פון אומקום,
שטאַרקט ער, ווי אַ טורעם אין ים און שײַנט, ווי אַן אויפגאַנג פון הילף אומעטום.
טראַטוועס שאַפן זיי אײַן, דינגען־אָפּ שיפן און שיפלעך און פענער פון פעלקער;
זיי שיקן די פּליטים דורך יבשות, דורכן ים, דורך וועגן־אומוועגן פאַרשטעלטע.

## צו אַלץ פאַראַן אַן עצה

צוויי פּשוטע בחורים, נאָך ייִנגלעך כמעט, אַן לעבנס־דערפאַרונגען, זענען אויך אומשטאַנד
ביז טרערן, ביז משוגעת, בענקען אַ היים, צו זייערע עלטערן, צו זייער אייגענער סביבה אין לאַנד.
זעצן זיי זיך אַוועק מיט שכנישע קינדער צו שפּילן און אַליין זיך פאַרשפּילן,
מיטלאַכן, דערמאָנען זיך פון דער יוגנט יעדן שטות און שגעון מיט בענקשאַפט־געפילן.
אַ דראַכלער זיי צו מאַכן, אַנצובלאָזן אַ באַלעם — פּעיק צו אַלץ, אַלץ־אַלץ קאָנען זיי.
אָט איז שוין אַ באַלעם פאַראַן, דערפרייען אַ פאַרווייטיקט נשמהלע פון אַ בידנע קינד!
מאַכט נישט אויס, קינדערלעך, פאַר אַלץ איז אַ האָפענונג פאַראַן, אַן עצה געשווינד!

אָבער הײַנט, וואָס געשען איז? אין דער טיר פון זייערע חברים דאָס קליינוואַרג קלאַפּט־אָן,
און ביידע זענען אין צימער דאָרט פאַרשלאָסן, זיי שווײַגן שטיל, שעהען אויף שעהען.
דער בלאָנדינקער, דער געקרײַזלטער, דער מחוצפל, וואָגט דרייסט און עפנט די טיר, פאַרשטײַפּט
ציט ער צוריק זיך, פאַרמאַכט זי געשווינד; דאָס קליינוואַרג מיט אָפענע מײַלער פאַרגאַפט;
זיי פרעגן, ער ענטפערט: עס זיצן די חברים דאָרט אין דער שטאָק־פינצטערניש אַליין,
נישט זיי ווענדן זיך, נישט זיי ענטפערן, נישט זיי רירן זיך, פאַרגליווערט, ווי אַ שטיין.

אָט ערשט איצטער איז געקומען וועגן פאַרצוקטן שיפל אין ים די ידיעה אַהער דאָ צו זיי:
פאַרהאַפטעט זענען די מענטשן, ס'איז קיין עצה נישטאָ, ווער ווייסט וואָס וועט זײַן.
מ'עט אַלע צוריקשיקן פון וואַנען זיי זענען געקומען — מ'זאָגט, מ'שמועסט, מ'טוט ברײַען.
אַלץ דאַרף מען טאָן, ראַטעווען, דערמוטיקן, שנעלער, מען קאָן זיך מער נישט פאַרהײַען!
מ'טוט זיך אָן כוח, בײַנאַכט פאַרלאָזט מען אין דער שטיל, דער שליסל דעם צימער פאַרשליסט:
צו מאָרגנס קומען קלאַפּן זייערע חברימלעך־יתומים אין דער טיר, קלאַפּן, און אומזיסט.

## מיט די פּליטים

צווישן די פּליטים פון שיפל דערשײַנען די שליחים, — זײַן מיט זיי אין דער דאָזיקער שעה!
מען זאָגט זיי אויס: פון ציון געקומען, טוט נישט פאַרצווייפלען, לאָזט נישט צו רו!
שטעלט אַ ווידערשטאַנד דער מאַכט, שפּאַרט זיך אײַן, פאַרעקשנט זיך ווידער און ווידער,
בעט זיך ביי זיי, שטרײַקט, דראָט מיט זעלבסט־מאָרד, גיט זיך נישט אונטער, אַ ברידער!

מיט שאולן און גדן האָט זיך די שטימונג ביי פּליטים פאַרצווייפלטע איבגאַנצן געענדערט,
אַנשטאָט רעזיגנאַציע האָט האָפענונג פאַרנומען דעם פּלאַץ, האָט מען שוין געקאָנט דאָרט

הערן זאָגן: כאָטש די צוויי זענען יונג נאָך געווען, אויפּטאָן אַ סך וועלן זיי קאָנען,
און ס'איז פֿאַראַן עפּעס אין דעם, ממשותדיקע הבטחות, — נישט סתם אַזוי זיך געקומען;
און לעגענדעס און וווּנדער דערציילט מען, ווער ס'האָט זיי צו אַזאַ סכּנה־שליחות צוגעטיילט.
אין יעדן וואָרט, וואָס זיי האָבן נאָר געזאָגט, האָט מען אַ טיפֿן מיין אַריינגעלייגט.
זייער קומען האָבן זיי געבעטן זאָל אַ סוד זיין, — מסתּמא אויס עניוות דאָס געטאָן;
האָט גד וואָס געזאָגט, פֿלעגט מען זאָגן: „גאָט האָט געהייסן", און געקלונגען האָט דער טאָן
ספֿק ערנסט, ספֿק שפּאָס. דער מקור פֿון זייער כּוח אין זייער וואַרעם האַרץ איז, באַזונדער
אינעם אויפֿגאַנג־וואָס־וועט־נישט־פֿאַרזאָגן, האָט מען אַלץ דעריבער געשעצט און באַוווּנדערט.

און דער באַפֿעל איז געקומען, מען זאָל אַלעמען אַלעמען איבער דער גרענעץ אומקערן,
האָבן זיי אַן אַליאַרם אויפֿגעהויבן, ער זאָל זיך איבער דער גאַרער וועלט לאָזן הערן;
מ'עט נישט גיין, מ'עט הונגערן, דאָ וועט מען שטאַרבן, צום הריגה־טאָל נישט ווערן מער געפֿירט.
האָט דער רוף פֿון ים־תּהום־גראַטעוועטע די מושלים, די געוועלטיקער פֿון וועלט, באַרירט*:
האָבן צייטונגען געשריבן, און גערעדט האָט מען אין די הייזער, אויך אין סאַלאָנען,
ס'האָבן אַדל־דאַמען רחמנות באַקומען, אויך יוגנט פֿיינפֿיליקע האָבן רחמים גענומען מאָנען.
האָט די וועלט די ציוויליזירטע אירע בליקן צום געוויסן פֿון די הערשער אין ציון געווענדט
אַז מען זאָל אין זייערע גרענעצן זיי ברענגען. אָבער זיי ביי זייערן: מען האָט דערקענט
שפּיאָנען צווישן זיי, ס'איז מלחמה, וועלן מיר זיי לאָזן דאָס פֿייער פֿאַרמערן
אין ברענפּונקט פֿון וועלט?

ס'איז אָבער דער עפֿנטלעכער מיינונג שווער צו דערקלערן;
האָבן די מאַכטהאָבער פֿון ציון זיך צוגעהערט צום בייז־העצערישן קול צום מיאוסן:
און האָבן קיין ציון נישט געשיקט זיי, נאָר מיט כּוח אָפּגעשיקט קיין קפּריסן.



## אויפֿן אינדזל

מיט אַ שיף אַ שיינער האָט מען זיי געפֿירט, אין האַרץ די פֿרייד פֿון דערוואַרטונג, קיין ציון.
די לעצטע נאַכט פֿון דער רייזע, נישט צוגעטאָן האָבן זיי קיין אויג, אָבער אַלע ווי אין
אַנטוישונג פֿאַרוואַנדערט געוואָרן זענענדיק דעם שיינעם ברעג צו וועלכן זיי זענען געקומען;
נאָכנישט פֿאַרענדיקט די יסורים פֿון וואַנדערן.

מיט כּוח האָט מען זיי אויפֿן אינדזל גענומען.

די נאַיווע קפּריסינער אייגוויזינער קוקן פֿאַרוווּנדערט פֿון פֿענצטער, פֿון דעכער,
אויף די אונטער־וואַך־געבראַכטע דאָ צו פֿאַרשפּאַרן. זענען עס אַרעסטאַנטן? פֿאַרברעכער?
רעוואָלטירן די דאָרטיקע קעגן דער מאָדנער סצענע מיט איר אומפֿאַרגעסלעכן רושם;
צי וועט טאַקע דער הערשער פֿאַרוואַנדלען דאָס אינדזל אין אַ תּפֿיסה אַ גרויסער פֿאַר פּושעים?

האָט מען זיי פֿאַרשפּאַרט הינטער שטעכלדראָט, ערשטע שוואַלבן פֿון אַ המון, וואָס שוין ציילט
צענדליקער טויזנטער פּליטים פֿון דער שחיטה און שׂריפֿה; צו לאַגער־לעבן פֿאַראורטיילט,
צו אַ לעבן־נישט־לעבן, צו אַ כּמו לעבן, אַ לעבן אַן אבסורדיש, אַ לעבן אַ דערווייליקס,
אַ פּוסט־און פּאַסטנע לעבן, פֿאַרשאַלטן צו בטלנות, אַן אַפּהעטיקס, אַ לאַנגווייליקס.

אײַנגעבראָכן געוואָרן, קיין נחמה נישט געפונען, פון רעזיגנאַציע אין רעזיגנאַציע געוואָרפן,
נישט געקאָנט זיך געוויינען, משלים זײַן, אָפּגעריסן פון דער וועלט דאָ זיצן באַדאַרפן;
און נישט איינער וואָלט אוודאי אַ ביטערן סוף געמאַכט צו זײַן יסורימדיקן לעבן,
ווען נישט שאולס און גדס דערמוטיקן, דער אומאויסשעפּלעכער קוואַל, וואָס זיי איז געגעבן.
געלערנט האָט מען זיי רעוואָלטירן: זיי זענען דאָך נישט קיין פאַרברעכער פון מעסער־געשטעך,
נישט קיין רויבער, נישט קיין אויסניצער; זיי זענען דאָך געמאַרדעט — ס'איינציקע פאַרברעך.
תּקיפותדיק, שטאָלץ, רעכט אויף פריַיהייט זיי פאָדערן, לאָזן זיך נישט, מיט הויך געהויבענעם קאָפּ
זענען די הערשער איבערראַשט געוואָרן. ווען אפילו זיך פאַרטיידיקט — איז נישט אַזוי גראָב,
און פאַרלײַכטערט די האַרבע באַדינגונגען, נאָכגעגעבן — ווען בלויז געווען גרייט
אַ ביסל נאָכצוגעבן די פאָדערונגען. האָט מען די פאַרשפּאַרטע אונטער וואַכן באַגלייט,
געלאָזט פונעם לאַגער אַרויס צום ים, זעטיקן אַ ביסל זייער גוף מיט קילע וואַסערן,
צי אין שטאָט אַרײַן. ווען זיי זענען געפאָרן, צי געפירט אין דער שטאָט דורך די גאַסן,
פלעגן זיי אַ צעטעלע אַ קליינס, ווי צופעליק, ווי נישט־וויסנדיק, אַרונטערלאָזן, פאַרלירן,
פלעג דער נאַיִוועער דורכגייער זיך אײַנבייגן, אויפהייבן, לייענען און עס איבערפירן;
האָבן די איינוואוינער דאָרט ליב זיי באַקומען; פלעגן בײַנאַכט, איינציקווייַז, אַליין,
אונטערגנבענען זיך צום פלויט, מען זאָל נישט באַמערקן, שעפּטשענדיק זיך דורכשמועסן
געהיים;
מיטלײַד מיט די פליטים באַקומען, הילף אויסצושטרעקן זענען זיי גרייט אויך געווען.
ווײַל אויך זיי קענען די שטיק פון דער מאַכט, האָבן זיי אין די פליטים ברידער צו לײַדן געזען.



## האַלעוועשקעס

די טויערן האָבן זיך ברייט דאָרט געעפנט פאַר פליטים פאַר נײַע אין איינער אַ באַכט
מיט וואַכן באַגלייט. איז אַלאַמירט געוואָרן דער לאַגער, האָט ער אַ ריס זיך געטאָן, אויפגעוואַכט,
געזאַמלט זיך דערשראָקן אַרום פּראָזשעקטאָר, וואָס פאַרבלענדט מיט זײַן ליכט און פאַרגיסט
דעם הויף, וווּ עס שפּאַנען פאַרבײַ די געקומענע; צווישן זיי פאַרחלשטע, קוים אויף די פיס
זיי האַלטן זיך. קיין תענוג נישט געהאַט פון דער רײַזע: בלויז צעקלאַפּט מיט ווונדן
באַנדאַזשירטע אויף קעפּ און פיס, פאַרמאַטערטע, קרוּעי־בלויי אינגאַנצן, ווי אָפּגעשוונדן.
די תושבים פון לאַגער נעמען זיי אויף, מ'איז זיך מטפל מיט זיי, ווידער און ווידער
דערלאַנגט מען זיי עסן, אַלטע בגדים, בראָקן טיילט מען זיי צו, געצעלטן, מ'זאָרגט ווי פאַר ברידער.

## בשורות פונעם אומקום

אַ סך פון די לאַגער־מענטשן נעמען־אָפּ בײַ די געקומענע שלעכטע בשורות און גוטע,
גרוסן פון געראַטעוועטע, אַדער קלאַנגען פאַרשידענע, וואָס זענען ווי סם אַזוי ביטער:
ווען אַ ברודער, אַ זון, וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן, צי געהאַט אַ טויט פון גנאָד,
און זוכה געווען צו קבר ישראל, אַדער אין אַ שול מיט אַן עדה ייִדן פאַרברענט אים מען האָט
מיט אַ ספר־תורה אין די הענט; ווער ס'האָט זיך אין אַ שאַפע באַהאַלטן, איז צוריק ער
אַרויסגעשלעפּט געוואָרן, פאַר די הינט געוואָרפן. וואָס צערייסן אים האָבן זיי אויף שטיקער.
און געשילדערט די פאַרשיקטע אין וואַגאָנען פאַר בהמות, מיט זיי האָט מען איבערגעשיקט

טויזנטער געפּײַניקטע צו ערגעץ אַן אָרט, פֿון וועלכן מען קומט שוין מער נישט צוריק.
און מען סודעט זיך אויך — נישט צום גלייבן — אויסטראַכטענישן מאָדנע, ווײַטע,
— באַשטימט סתּם קלאַנגען — וועגן קאַלעך־אויוונס, וועגן גאַז־קאַמערן צוגעגרייטע.*

אויך רחל האָט שטעטישע געפֿונען צווישן זיי, און געפֿרעגט וואָס געטראָפֿן האָט איר מאַמען ;
נישט געזען מען זאָל זי אומברענגען ; פֿון די אויסקונפֿטן האָט זי פֿאַרשידנס פֿאַרשטאַנען :
די וואָס האָבן די לעצטע געזען זי זאָגן אַז געפֿירט האָט מען זי צוזאַמען מיט אַ גרופּע
באַגלייט מיט שיסערײַ און שמיץ, אַלעמען צוזאַמענגעוואָרפֿן אין אַ וואַגאָן אויף אַ קופּע,
און צום דניעסטער געפֿירט, פֿון דאַן־אָן ווייסט מען נישט וואַהין זי איז פֿאַרשוווּנדן.
האָבן די דאָזיקע אויסקונפֿטן אילוזיעס פֿאַרזייט מיט לאַקנדיקע האָפֿענונגען, וואָס מילדן.
ווײַל עס האָט דאָך יענער וויסט געזעגענונגס־טאָג איר האַרץ דערדריקט, שווער געריִרט,
און מיט חרפּה פֿרעסט עס איר, הלמאי האָט זי דאַן מיט איר אייגענער מאַמען אַזוי זיך געפֿירט,
און זי איבערגעלאָזט אין פּײַן, אַליין זיך אַרויסגעריסן אויף נישט צו טראָגן באַזאַמען
דעם אומגליק, דעם בראָך, וואָס איז פֿאַרלענדן אַראָפּ, און גאָרנישט געקאָנט האָט אים צאַמען.
און די פּליטים האָבן דערציילט, ווי זיי אַליין האָבן זיך געראַטעוועט, ווער בלוט־באַגאָסן
פֿון אַ קבֿר אַרויס, ווען צווישן די דערשאָסענע, האָט מען אויך אים געהאַלטן פֿאַר געשאָסן,
האָט ער זיך אַרויסגעראַטשקעוועט פֿון צווישן די טויטע, די דערוואָרגענע, די צעריבענע,
יעדער ווי פֿון פֿײַער איז אַרויס, ווי פֿון אַש, אַן אייַנצלנע האַלעוועשקע איבערגעבליבן ;
האָט אַ פֿאַרהוילענע האַנט זיי געוויזן דעם וועג און אַלעמען אינײינעם צוזאַמענגעקליבן.

געבראַכט האָט מען זיי צו אַ שיף, דערפֿירט זיי צום ברעג, און צוגעשטעלט צו דער שוועל.
שוין האָט דער כּרמל דער אויסגעבענקטער געוווּנקען פֿון ווײַטן מיט ליכטלעך צעהעלט,
ווי ער וואָלט צעזייט לוסטיק־פֿריילעך, דערמוטנדיק, זיי ברכה, זייער קומען באַגריסט.
אָבער באַלד זענען די ליכטער ווי אויסגעקערט געוואָרן מיט אַ ליכט אַ שאַרפֿס, וואָס פֿאַרגיסט,
נישטערט איבער די פֿלאַכע כוואַליעס, אַ סנאָפּ, וואָס פֿאַרבלענדט די ראיה מיט כּוח, האָט געלעקט
די לויכטנדיקע שפּיגל־פֿלאַך, געגליטשט זיך איבער איר, און די שיף שוין אַנטפּלעקט.

ווי נבו
איז דאָס שיפֿל פֿון קריגשיפֿן אַרומגערינגלט געוואָרן, מיט יאָמערלעך געוואָיִ פֿון סירענעס.
אַ סך זענען געשפּרונגען אין ים, נאָך זיי זענען שאָסן געפֿאַלן, מיט שיפֿלעך געווען איז
אַ געיעג, צו כאַפּן, אַרויסציִען זיי פֿון וואַסער. געבראַכט האָט מען זיי צום ברעג, געשלאָגן
ביז בלוט, און אַ בייזע האַנט פֿון מאַנדאַט־מאַכט האָט זיי באַנדאַזשירט, און באַפֿוילן צו טראָגן
זיי אויף טראָג־בעטלעך צוריק אויף דער שיף אַרויף. איצט האָבן אויפֿן דעק אַרויפֿמאַרשירט
סאָלדאַטן. עס האָט אויפֿגעפֿלאַקערט אַ קאַמף מיט נישט־גלײַכע כּוחות, זיי האָבן זיך צעפֿירט
מיט ביקסן באַוואָפֿנט, מיט שטעקנס און נאַהײַקעס האָבן די סאָלדאַטן געשטעלט זיך אַנטקעגן
בלויזע הענט, קאָנסערוון־פּושקעס, פּיס פֿון בענקלעך און בעטלעך אַנטקעגן, פֿויסטן און נעגל.
אַן ערבֿ־רבֿ פֿון מענער, ווײַבער און קינדער ; אין געווירבל האָט מען זיי ביז בלוט צעשלאָגן,
און זיי טרעטן נישט צוריק, שטעלן ווידערשטאַנד פֿאַרעקשנט, אײַנגעשפּאַרט נישט צום
דערטראָגן :

זייער האַרטנעקיקייט באַליידיקט דעם סאָלדאַטן־שטאָלץ. ביז מען האָט גאַנץ־באַמבעס געבראַכט,
זיי ברענגען צו טרערן, צו דערשטיקונג, צו איבל. ווײַבער גיבן זיך אונטער דער מאַכט,
באַשיצן מיט זייערע גופים דאָס קליינוואַרג, און ברעכנצוזאַמען.

אויך מענער צום סוף.

פאַרוווּנדעט, פאַרווירט, צעמישט פון די גאַזן, שלעפּן די סאָטראַפּן די געשלאָגענע אַרויף
צום פּאַרצוּים אויפן דעק. דאָ האָט מען זיי געשטעלט שוין אונטער וואַך, אָבער אַצינד
זענען זיי שוין געלעגן, נישט קיין ריר, נישט קיין וואָרט, אַ געוויין בלויז פון אַ זייגקינד
דערשיטערט זיי.

די נאַכט איז פאַרביי. פאַמעלעך צעשפּילט־צעשײַנט אַ ציכטיקע שײַן
דאָס פּרימאָרגן־ליכט. אײַנגעהילט אין שאָטן, ווי פאַרשלאָפן, איז דאָס כּרמל־געשטיין.
מיד זענען די פאַרשפּאַרטע, דורשטיק־פאַרחלשט, דער טשאַד פון די גאַזן טוט נאָך פּלאָגן.
די זון שטײַגט און שטײַגט, און ווי זי — שטײַגט איר היץ אויף נישט צו דערטראָגן;
וואָלט אַ ביסל שאָטן פאַרן מידן קאָפּ געווען, אַ ביסל פריש וואַסער דאָס חיות צו דערכאַפּן;
טרעט די וואַך נישט אָפּ, שטייען, ווי גולמס אויפן אָרט דאָרט, די היטער־סאָלדאַטן.

## די ברידער אויפן ברעג

פון ברעג הערן זיך געשרייען, געוואַלדן, אין דער לופט — געפּיפּ פון שאָסן; מען האָט
אויף זיכער זייער קומען אַנטפּלעקט, שטורעמט און רוישט און קאָכט־אויף די שטאָט.
אַ פאַרהוילענע וואַנט טיילט זיי אָפּ, איז זי פון אַן אײַזערנער וואַנט נאָך שטאַרקער;
ליבשאַפט רײַסט זיך פון איין זײַט פון דער צווייטער — אומבאַהאָלפן די פאַרשפּאַרטע.

און ס׳פאַרגייען די שעהען אין יסורים; פונעם ברעג, פון צווישן המון, זײַן צאַרן נישט דערשטיקט
האָט מען אויף דער שיף אַרויף קראַנקן־שוועסטער און דאָקטוירים אין ווײַסן געשיקט.
זיי גייען אויף דער דעק, דערשטיקן די טרערן, צום צרים געווענדט זייער טראָט;
פון דעזעקטיוון באַגלייט באַנדאַזשירן זיי די פאַרוווּנדעטע; יעדעס וואָרט אין פאַרבאָט.
איבער קעפּ פון די פאַרשפּאַרטע אַ פלאַכטע געצויגן, צו געבן זיי שאָטן און קילקייט פאַרזוכן.
אויף פאַרוווּנדעטע פונעם שפּרונג פרעגן זיך נאָך די דאָקטוירים, און גייען זיי באַזוכן.
אַ סירענע. די וואַך אײַלט אונטער די געסט צו פאַרלאָזן די שיף, און נישט ווערן;
דערדריקט גייען זיי אַרונטער צום ברעג, איצט פאַרהאַלטן זיי מער נישט די טרערן.

דער טאָג האָט געזעצט זיך. ווי אַ בריטווע שנײַדט רעזיגנאַציע, און יענע ליכטער צעבליצטע,
וואָס האָבן שטיפעריש געוווּנקען נעכטן אָוונט, די טרערן־טראָפּנס שײַנען זיי איצטער.

„... אָוונט־צײַט איז דער אַנקער אויפגעהויבן געוואָרן; ווידער אונדז אין דער נאַכט
באַלויכטן, נישט צו אַנטלויפן פון פאַרצוּים; און אַזוי־אַ האָט מען אונדז קיין קפריסין געבראַכט,
אָבער עס האָט זיך בעתן רעזיגנירטן פאַרן אַ נחמה־בשורה דערטראָגן, אַ וווּנדער:
צוויי בחורים פון ציון פאַרן־מיט אין געהיים; האָבן מיר זיך אַלע געוווּנדערט:
ווי־אַזוי? און ווען? ווי זענען זיי אַרויף אויף דער שיף? זיי האָבן זיך פאַר דאָקטוירים
פאַרשטעלט, ביים אַרונטערגיין באַזוכן די קראַנקע, פלינק די קליידער געביטן, אַזוי אַרום

באהאַלטענערהייט זיך אויסגעמישט צווישן די פּאַסאַזשירן, און אַזוי אַפילו נישט דערפירט
צו אויפמערקזאַמקייט ביי די פאַרשפּאַרטע, — עס האָט זיי דעם צורר'ס אויג נישט דערשפּירט".

אַזוי זענען צווישן די פּליטים אַמגון מיט גדעון אַריין, ווי גד און שאול אין אָנפאַנג,
פיר בחורים, ווי ליכט, טרייסטן, דערמוטיקן, דעם גייַסט פון דער מחנה אין געפאַנג.



אונטערגאַנג־שיין

די שעה פון זונפאַרגאַנג אויפן ים, איז די שעה פאַר אומעט און שטילן געוויין.
אין דער דאָזיקער שעה שטייט רחל בייַם פאַרצוים אויף דער שיף אַזוי איינזאַם, אַליין.
פאַרשלונגען אינגאַנצן אין פלעק פון צעשמאָלצענעם גאָלד, פון וואָלקנס, ווי לעגענדעס,
די פאַנטאַסטישע לייַכט־ראַזע ווואַלן זיפּן דורך שטראַלן פון ליכט אין די מעגנגעס.
פאַרמינערט נידערט שוין זייער שייַן, און פלוצים האָט זיך, ווי אַ פלאַקן, פאַרשטאַכן
אַ רויטער פייַל, וואָס צעברייטערט זיך, פאַרקייַלעכט זיך, און אין רויטער טיף אַרונטערגעקראָכן;
צום אָפּשייד ציטערן־אויף זייַנע גאָלדיקע ווואַלן, — ציטערן אַזוי פאַראומערט, פאַרטרויערט,
און ס'פאַרשווינדט דער סוד פון זייער גאָלד: געוויינלעכע וואָלקנס שוין, אַשיק־גרויע.
ווי פאַרשעמט צעלויפן זיי זיך. אָבער דעם האָריזאָנט נעמט־אַרום מיט בלאַס־גאָלד באַהויכט
אַן אַרעאָל, דורכזיכטיק, ווי אַ פאַרגעסענער חלום, וואָס האָט דאָ אויפסנייַ אויפגעטויכט.

אַ ברכה איז פאַראַן אין דעם שטילן אַרעאָל, ער האַלט־אָן און דויערט אַזוי אַ לענגערע צייַט,
ווי אַ וועלט־קרוין, וואָס האָט די זון אָנגעווירן, אַרעמט ער אַרום צערטלעכערהייט
מיט אַ בענטשונג אַ מילדע. טויכט איצט רחל אין אים, ווי צוגעשמידט צו איר אָרט.
און אין דער דאָזיקער שעה פילט זי אויף זיכער איר מוטער אין דער נאָענט נעבן זיך דאָרט.
זי קערט זיך אום מיטן שאָטן־אָנקום, און גאָרונגען, בענקשאַפטן טוען איצט זי פאַרכאַפּן,
זעצט זי זיך אַוועק, שרייַבט אַ בריוול אָן אַן אַדרעס, אין איינעם פון די באַראַקן.

אַזוי אין איינעם אָן אָוונט, מיט אַ בלייַער אין האַנט, ווען זי זיצט אַזוי אַליין,
גייט גד צום עק פון איר בעטל שטיל צו, שווייַגנדיק לעבן איר בלייַבט ער שטיין.
ציטערט רחל אויף, ווי זי וואָלט פלוצים דערוואַכט, קוקט זי צו אים דערשראָקן אַציַנד,
און טוט באַלד באַרויקן זיך, זי זעט זייַנע אויגן די בלויע, אויגן, ווי ביי אַ קינד.
ס'האָט כלל נישט געפּאַסט דאָס רונדיקע פּנים זייַנס, דאָס נאַיווע אַזוינס און צאַרטס,
צו זייַן ערנסטן מעגלעך־טיפן קול, צום באַפעלערישן, אַ קול, וואָס אין ווערטער איז קאַרג.
ער ווענדט זיך צו איר און ער זאָגט: „הייַנטיקע נאַכט דייַן פעקעלע נעם, פרעג נישט קיין סך,
קום האַלב־נאַכט צו דער צפון־זייַט פון צוים; דאָרט ווערסטו שוין וויסן יעדע זאַך".

און אַוועק.

איז רחל פאַרבליבן אַ פאַרווירטע, אַ צעמישטע, און איר האַרץ אויפגעברויזט
און צעפלאַטערט ווי אַ פויגל, ווי ס'וואָלט געוואָלט זיך באַפרייַען פון איר און אַרויס.

# אַ זעגלשיף

אין געהיים איז זי אין מיטנאַכט געגאַנגען אַ ציטערנדיקע, מיט אַן אומדערטיילעך האָפן,
צום אַנגעצייכנטן אָרט; דאָרט האָט זי שוין שאולן און גדעונען און אמנונען געטראָפן.
בייגט גדעון זיך אַן, און פון אַ שטיק פאַרהאַרטעוועטער ערד הייבט ער אויף דאָרט אַ דעק,
האָט פאַר דער פאַרחידושטער רחל אַ טיר גאָר צו אַ דורכגאַנג־טונעל זיך אַנטפּלעקט,
אונטערן פאַרצוים אויסגעגראָבן. איז זי באַפוילן געוואָרן אַרונטערצוגיין דורך דער טיר.
אין טיר־לאַך פאַרחידושט איז זי אַרײַן, די וועלט האָט אַ פרײַע זיך געעפנט פאַר איר!
נישט געבעטענע טרערן שטיקן איר האַלדז אין אַנבליק פון די אַלע געשעענע נסים.
דאָ האָט גד שוין געוואָרט אויף איר. דריקט זי אים די האַנט מיט דאַנק. „שטותים!" —
איז ער מבטל איר דאַנק, און צעטומלט זיך. אָבער אָט און עס קומען די איבעריקע דרײַ;
גד, שאול, וואָס האַלטן בײַם פאָרן, מיט אַ נישט־באַמערקטע ברכה חבריש טוען זיי
זיך געזעגענען מיט אמנונען און גדעונען, מיט אַ גוט־ברודערישן קלאַפּ און געהיימער מינע.
„אַ, מיר קערן זיך אום שוין אַ היים!"
„מירן שוין טרעפן זיך אין דער ייִדישער מדינה!"
שפּאַסט גדעון. מ׳דריקט נאָך קעגנזײַטיק די הענט זיך, צו געזעגענען וואָס שנעלער,
און גדעון מיט אמנונען קריכן אין טונעל צוריק אַרײַן, ווי אין טונקלען קעלער.

דעקט שאול פאָרזיכטיק די עפענונג צו מיטן שטיק ערד, פּאַסט עס גוט צו, גלעט עס אָפּ,
עס זאָל עס נישט אויפדעקן אַ פײַנדלעך פרעמד אויג. טוט גד שאולן אַ שטופּ:
„שנעל, נישטאָ קיין צײַט!" שאַרן זיך די דרײַ, ווי שאָטנס, ווערן גיך פאַרשוווּנדן, אַוועק
אין דער פינצטערער שויס פון דער נאַכט. מיט פאַרהוילענע שטעגן זיי קומען צום ברעג;
געציילטע בחורים וואַרטן זיי אָפּ, טוליען זיך פאָרזיכטיק אין די שפּאַלטן פון פעלדזן מיט אַ ביסל
קליין־געפּעק אין די הענט; שווײַגנדיק שטאַרק געשפּאַנט זיי וואַרטן דאָ אויף נסים.

שטייט אַ זעגלשיפל פון דער ווײַטן, שיפער דרײַ פון איבדזל זענען געווען דאָרט אַליין.
טוט גד אַ פײַף, ענפערן זיי אָפּ — אָט אַזוי ווי מען האָט נאָך פריִער אָפּגעשמועסט אין געהיים;
האָט ער זיך פאָרזיכטיק דערנענטערט צום ברעג. און רחל נאָך דערווײַל מיט די איבעריקע,
באַהאַלטן אין שאָטן, טוען וואַרטן. מיטן רוף פעדערט מען זיך, ס׳נעמען קלאַפּן פיבערדיק
די הערצער ביז דערשטיקט צו ווערן. זיי גייען אין פלאַכן ים־וואַסער אין שיפל אײַנשטײַגן
מיט אַ צעבראָיזט געמיט אין שווײַגן.
און שאול, אין וועג זיך לאָזן טוט ער באַפעלן;
די דרײַ בינדן די שטריק אָפּ, אויפן מאַסט די זעגלען זיי שטעלן.
די גוטע ווינטן זיך מערן.
אין רויִקער פלאַך פון די כוואַליעס שפּיגלען זיך איצט טויזנטער שטערן;
נאָך הערשן זיי אין הימל איינע אַליין — ס׳פאַרשפּעטיקט די לבנה מיט איר שײַן דער בלאַסער —
פול זייער ליכט. אין טיפער שטילקייט הערט זיך דער לײַכטער געפּליעסק פונעם וואַסער.

שוין דערווײַטערט פון ברעג זיך; דאָ און דאָרט שײַנט אַ ליכט אויף, די שווימער
טויכן אין שטילקייט פון ים, זייער בליק געווענדט צו דעם ליכטיקן שטראַלגעשימער.
די מאַטראָסן טוען ציִען מיט טרויעריקע צאַרטע שטימען פאַרבענקט שטיל אַ ניגון,
וואָס וויקלט זיך געטרעלערט זיס ביז ווייטיק מיט פאַרגאַרטע מעלאָדיעס זיך פאַרוויגן.

קלאָרט זיך דער מזרח אין אַ זילבערנעם פּעכער ; פאַרבלאָסן דאָרט די שטערן זייער בליק :
צוליבן אַקופּאַנט זיי פאַרבלאָסן, ער רײַסט זיך אַרײַן, נעמען זיי טרעטן באַלײדיקט צוריק.
פּלוצים שיילט ער זיך אויס אין אַ פּערפּלענעם קײַלעך, ווי אַן עלעקטרע־לעמפּל פון ים.
דער דורכזיכטיקער פּעכער ראָזלט זיך, רויטלט זיך מיט גאָלדיקער רויטלעכער ראַם,
ווי אַ שיכּורדיק פּנים. אַ רויטס, אַ געשוואָלנס, אַ זאַט־צעשײַנטס, פון בראַנפן באַרוישט,
וואָס ווערט אַלץ בלאַסער מיטן ניכטער ווערן, אַזוי־אַ אירע קאָלירן די לבנה טוישט
פון רויט אויף פלאַם־גאָלד, דאָס פלאַם־גאָלד טוישט זי אויפן ניכטערנעם זילבער ;
קאַלט שטײַגט זי שטאָלץ, אײַלט זיך העכער צו קומען, פאַרלאָזט דעם מזרח, קיל ווערט
איר שווימען, איר שײַן ווערט בלאַסער, ווי גלײַכגילטיק, ווי פאַרגעסן דאָס יוגנטלעכע רויט.
איר אָפּשײַן וועבט אַ סטעשקע שאַרסטקע שטראַלעכלעך, וועבט ביז צו דעם שיפל פאַרקרויזט,
און פלעכט שטריק פון גאַרונגען פאַר די אויגן פון די יונגע פּאַסאַזשירן די מידע,
ווערן זיי פאַרכּישופט פון דער נאַכטיקער פּראַכט בײַ די רויִקע ניגונים פון די לידער.

אין דער דאָזיקער נאַכט אין דער ערשטער, איז רחלס געמיט מילדער און ווייכער,
דאָס זילבער־סודותדיקע ליכט האָט ווייך געגלעט איר נשמה, געהיילט און פאַרלײַכטערט.
האָט זי געשעפּטשעט ווי צו זיך, גדן דערציילט פון איר מאַמען, אַלץ פון איר היים,
די פּאַסירונגען אירע מיט דודן, וועגן די הינט, — פלעג זיך איר דוכטן אַליין,
אַז עס זענען די אימים אין תהום שוין פאַרזונקען, פאַרשווײַגט זי, — איז שוין אומשטאַנד
גד איצט צו גלעטן לײַכט אירע האָר, צו פאַרלײַכטערן, באַרויִקן, און נעמען איר האַנט,
רחלס בלײַך־ווייכע האַנט ; — קוקט זי, ווי פאַרווונדערט, אים אַרײַן אין די אויגן,
און זעט בלויז רחמנות און תמימות אין זיי, ס'האָט אַ שײַן פון ידידות פון זיי זיך געצויגן
וואָס דערמוטיקט צו גלייבן אין מענטש, — האָט זי ווידער גענומען דערציילן : וועגן
איר מומען, אַנגערופן זי בײַם נאָמען. גד האָט דערפרייט זיך : איר שילער געוועזן !
די יוגנט־לערערין זײַנע. און גענומען שטאַרק זי לויבן. און רחל, ווי נאָך איר מוטער
האָט זי געבענקט נאָך איר מומען דער פרעמדער ; האָט עס טרייסט געגעבן און מוט איר.



אַזוי האָבן זיי פיר מעתלעתן געבאַנט, מיט זונאויפגאַנג און אונטערגאַנג, מיטן שטײַגן
פון לבנה, מיט טאָג־היץ, — מיט געשפּרעכן, מיט געזאַנג, און אויך מיט שווײַגן.
אַ מאָל באַגעגנט אַ שיף, וואָס גליטשט איבערן האָריזאָנט זיך, און פאַרשווינדט צו ענדע,
דאָס אַלץ, ווי אין אַ פאַנטאַסטישער שטילער, שיינער און ווײַט־ווײַטער לעגענדע.
האָבן זיך די פּאַסאַזשירן באַפרײַנדט ; איינער פאַרן צווייטן זיך פאַרטרויט, צום רוב
זיך געמאָלן די צוקונפט און געמאַכט דאָס פאַרן זייערס מיטן שיפל פאַר דעם סוף
פון דער פאַרגאַנגענהייט, פאַרן פאַרדרענגען די זכרונות, די שווידערקייטן פון אַנוסטן

אין דער טיף פון דער נשמה, ווי אין אַ תהום, ווו די „השומר"־לײַט, די „הגנה"־לײַט, ווי אַליין
זיי באַאַרבעטן די ערד דאָרט און זענען גרייט אַנטקעגן יעדער סכנה, וואָס דראָט, צו גיין
און פעסט צו שטיין ; ווי זין געבוירענע אין לאַנד, וואָס ווייסן נישט פון צוריקצוג.
אַ מאָל קלינגען די זאַכן, ווי פאַרטראַכטע, ווי אויסטראַכטעניש, אויסגעקלערטע אין פלוג,

אין לעבן ווערט פֿאַרגרויט זייער גלאַנץ, ווערט געשעדיקט זייער לויטערע שיינקייט;
אָבער צוזאַמען, מיט דעם — איז מען מיט גדן און שאולן זיכערער, נישט קיין אַליינקייט.
אַ פֿאַרגיטיקונג אין זייער רייַזע, אַ שוווּנג צו העלפֿן זיך אין דער צוקונפֿט, ס׳וועט פּאַסן
צולייגן אַן אַקסל פֿאַר דער לאַסט, אַט פֿאַר דער שענסטער לאַסט פֿון די לאַסטן.

## צום ברעג

און אין פֿערטן טאָג, ווען ס׳האָט נאָך די זון געגליט אין די הימלען אין די הויכע,
האָט ער דאָס לאַנד, ווי אַ דיוואַן, האָט אַ בת־קול אים געזאָגט: אַהין וועסטו נישט קומען!״
האָט פֿלוצים זיך אַ פֿרייד־געשריי פֿון די העלדזער געריסן, נישט איין טרער איז געפֿאַלן
אין געהיים, מ׳אַרעמט זיך, און ס׳נעמען גדן און שאולן באַגריסן די אַנוועזנדיקע אַלע.
זאָגט גד: „ס׳צייַט נאָך פֿאַר פֿרייד, — אויך משה, ווען מ׳האָט אים צום נבֿו־באַרג גענומען
„האָט ער דאָס לאַנד, ווי אַ דיוואַן, געזען, האָט אַ בת־קול אים געזאָגט: אַהין וועסטו נישט קומען!״

אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי אַרומגעפּויזעט אַנטקעגן ברעג, דעם ברעג פֿאַרהילט מיט אַ נעפּל־פֿאַרלויף,
ווי ער רופֿט דעם פֿאַרבענקטן: רייַס דורך דעם פֿאַרשטעל! וואָג און שטייַג אַרויף!

זיי האָבן זיך נישט דערנענטערט, אפֿילו אויסגעמיטן יעדע שיף דערזעענע פֿון וויַיט, ווי אַ שאָטן
גייט די זון און טויכט־אונטער מיט איר רויט־שייַן, און אַ געטלעכע שלווה פֿון פֿאַרנאַכטן
לייגט זיך אויפֿן באַרויִקטן ים; אָבער זייער האַרץ אין געברויז, דאָס האַרץ דאָס פֿאַרשמאַכטע,
האָט נישט אַנטייל גענומען אינעם שייַנען־שייַן פֿון כוואַליע־געשפּריי, ליכטשפּרענקעלעך,
וואָס באַוועגן זיך שפּילעווודיק, בלישטשנדיק־פֿינקלענדיק — אַזוי־אַ ווי שלענגלדיקע שלענגעלעך,
אַ לאַקנדיקע שפּיל אַזאַ, פֿאַרשאַפֿט תענוג, נישט זיי; געלעכצט האָבן זיי בלויז נאָך דער באַלד
אָנקומענדיקער נאַכט, וואָס טייט־אָפּ די ליכטער; דערוואַרט האָבן זיי אַ פֿינצטער באַהאַלט.

און ס׳האָבן געצויגן זיך די רגעס פּונעם ליכט־טויש אויף ניואַנסיקע פֿאַרבן־געוועבן,
ווי איינער קעמפֿט פֿאַרן לעבן, פֿאַרבלאַסט, פֿאַרגרויט, דער פֿינצטערניש זיך אונטערגעגעבן.
דאַן האָט מען די זעגלען אָנגעשטעלט צו די ווינטן און געבאַנט, די כוואַליעס דירעקט
געשניטן צום זיך שוואַרצנדיקן ברעג, וואָס קלאָרט זיך, געצונדענעם ליכט שוין אַנטפּלעקט
אַ גרינער פֿונק האָט אַ בליצל געטאָן פֿון פֿינצטער אַרויס, איין מאָל, אַ צווייט און אַ דריט.
„זעט דעם צייכן! נישט דערוואַרט!״ — פֿרייט זיך גד, און פֿון ערגעץ־ווו ער ציט
אַ טאַשן־לאָמפּ, ענטפֿערט מיט גרין אויף גרין, חזרט־איבער אַ צווייט מאָל, אַ דריט, און שוין ער
לעשט און צינדט און לעשט, ווי אַ פֿינטלען פֿון אויג, ס׳זאָל עס נישט באַמערקן דער שונא.

כאַפּט זיך אויף דער גרינער פֿונק פֿריילעך און אָפּטער, ווינקט זייַנע ווונקען און וועקט,
ווייַזט־אָן און איז מודיע.
אָבער פּלוצים שפּאַרט צום ים אַנטקעגן אַ סנאָפּ ליכט פֿון ברעג;
דער סנאָפּ קערט־אויס די כוואַליעס, די הימלען, דרינגט־דורך די פֿינצטערניש און נישטערט
איבעראַל. גד באַפֿעלט אין ים אַרייַן שפּרינגען, נאָך אים שפּרינגען שוין אַלע איצטערט.
די מאַטראַסן האָבן שוין פֿאַרענדיקט, זייער האַרץ מיט די שווימער; זיי באַנען אַהין, און
ווערן פֿאַרשלונגען אין נאַכטיקע כוואַליעס; וואָס שנעלער פֿון פּראָזשעקטאָרס אָרעמס אַנטרינען.

און די שפּרינגערס, ווער זיכער ס'שווימט, ווען עס שטרעקט־אונטער אַ חבר די האַנט,
אין אָנהייב באַהעפט זיך, אָבער פּאַמעלעך אַנטפּלעקט זיך אַ שוואַכער, מער נישט אומשטאַנד.
דאָס ים־וואַסער ברענט געזאַלצן די ליפּן, קריכט אין די אויגן, אין מויל, אין דער קעל.
איינער דעם צווייטן האַלט־אונטער, ס'פּאַרלאָזט זיי די כּוחות, אָט־אָט און זיי פּאַרפּעלן,
נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל! שטרענגט אײַך אָן! שטאַרקט זיך, נעמט אָן כּוח די כוואַליעס
צו שפּאַלטן

הערט נישט אויף באַנען, ווען אפילו די כּוחות לאָזן זיך אויס ביז נישט אויסצוהאַלטן!
אָבער דער ברעג, וואָס זעט־אויס אַזוי נאָענט, ווי ער וואָלט בייזוויליק זיך אָפּגערוקט;
באַהערשן זיי מיט אָנשטרענג די כוואַליעס. גד האָט רויט־ליכט־אַליאַרם געשיקט.

מיט לעצטע כּוחות פּעדערן זיי זיך, צעקלאַפּן, צעקרעלן, די קני און די פיס זיך צו ענד
אין די שאַרפע מאַכיק־גליטשיק־שטעכיקע פעלדזן; זיי ליגן און הערן שטימען געווענדט
פון די אײַלנדיקע צו זיי אויפן ברעג.

אָט זענען זיי דאָרט; געבענטש זייער קומען!
„נעמט לייגט אײַך, ברידער, אויף אונדז!" און האַלטן־אונטער די מידע, און פאַרשטומען.
מ'פירט געשטרויכלטע צום ווייכן זאַמד, מ'לייגט זיי אַנידער, מ'באַטראַכט די ווונדן
זאָרגפעליק בײַ יעדן, מ'גיט זיי טרינקען, מ'וואַרעמט זיי אָן. דאָך, ס'איז איינער פאַרשוווּנדן,
נישט דערגאַנגען צום ברעג. מ'זוכט אים צווישן די פעלדזן, אומזיסט. און מען מוז אַוועק,
פאַרלאָזן זיי דאָס אָרט מיט דער האָפענונג, ער וועט אַליין זיך דערשלאָגן צום ברעג.

אַ טאָג שפּעטער איז פערעפנטלעכט געוואָרן אין די צײַטונגען אַ ידיעה, אַזוי בײַ די ראַנדן,
אַז דער ים האָט אויפן ברעג אויסגעשפּיגן אַ טויטן קערפּער פון אַ בחור אַן אומבאַקאַנטן.



## אין לאַנד

אַ ווילרואיק שטעטל *

אויף ווײַס גלאַטינקע זאַמדן פּיצלעכע, נישט ווײַט פון ברעג־ים, איז ספק אַ דאָרף
ספק אַ שטעטל צווישן אַלייען און גערטנער פאַרבאָרגן. קלייניקע זענען די שטיבער דאָרט,
פיין־זויבער די גאַסן, סימעטריש גלײַכע, געבויט און געשטעלט לויט אַ פּלאַן אַ געניען,
ווי אַרויסגענומען פון אַ צײַט־שריפט פאַר מאָלער, פון זשורנאַלן פאַר בויער צו בויען.
רויִק לעבט עס זײַן לעבן, אָן גלאַנץ, אָן איבעריקן רעש, אָן האָוועניש און טומל־געבערען,
אַלע אײַנוווינער פון דער אָרטשאַפט בײַ זייער אַרבעט תמימותדיק באַשעפטיקט, קיין בהלה
נישט געזען,

די וואָכן־טעג פאַר מי, שבתים און יומטובן פאַר אָפּרו, פאַר באַשײַדענעם אונטערהאַלט:
ים־ספּאָרט טרײַבן זיי, און אין די אָוונטן אויף אומבאַקוועמע בענק, אויך אין קינאָ־אַנשטאַלט.
זיי קערן נישט איבער מיט רעשיקע פראַזן דעם סדר פון זייער לעבן, פעסט אײַנגעשטעלט,
ווי זיי וואָלטן פאַרגעסן די וועלט־אומגליקן, די מלחמה־פראַגנטן, וואָס גייען־אָן אין דער וועלט.
אין די נעכט שלאָפן די אײַנוווינער דאָרט צופרידן זייער שלאָף, ווילרויִק, אין שלום,

נישט קיין סיבה פאַר שרעק־געשרייען, קיין וואָלקן פאַרטונקלט נישט זייער חלום.
אַנדערש איז אָבער די הײַנטיקע נאַכט פון אַלע נעכט: צו דערוואַרטן געשעענישן זענען זיי אויף,
און היטן יעדן פרעמדן בײַ זיי, עס זאָל נישט געשטערט זײַן זייער רויִקער שלאָף.
זיי שטייען אויף דער וואַך, וואַרענען זיי פונעם באַהאַלט אַרויס פאַר יעדן גאַסט נישט געאַנט,
מיט ציטער און מסירות נפש. יעדעס האַרץ איז דאָ גרייט אויף אַלץ און איז געשפּאַנט
מיט שטאָלץ זײַן רויִק וויינאַרט אין סכנה צו שטעלן.
מ'שעפּטשעט זיך צעשטרײַט,
און מיט ציטער קוקט מען צום ים־ברעג, ביז סע באַווײַזט זיך אַ הייפעלע לײַט,
פּײַכט זייערע קליידער. די שוואַכע, וואָס פאַלן פון די פיס, האַלט מען אונטער, אומגעשטערט
מישן זיך אַנדערע אויס מיט די אַרטיקע. אויף זאַרגפעלטיקע העפלעכע אײַנלאַדונג־ווערטער,
אָן איבעריקע דערקלערונגען — ווי געשמועסט — אין געציילטע מינוטן, לויט די אָנווײַזער,
צעלויפט מען זיך אין שטילע גרופּן, און מ'ווערט פאַרשלונגען אין דעמער פון די הײַזער.

## אין נוה־שאנן

גד האָט רחלן געפירט, און אַן אַלטער מאַן האָט זיי גאַסטפרײַנדלעך צוגענומעןביידן,
זיי אַרײַנגענומען צו זיך, זאַרגפעלטיק געהייסן זיי זיצן, און כּיבוד זיי העפלעך געגעבן.
אויך דאָס ווײַב אויפגעוועקט, ביידע האָבן זיך מיט זיי מטפּל געווען, ווי טאַטע־מאַמע.
רחל וווּנדערט זיך אויף דער דאָזיקער פרײַנדלעכקייט, און איידער זי איז געגאַנגען
שלאָפן, האָט זי זיך אין געהיים אַרומגעקוקט, אויך געכאַפּט אַ בליק דורכן פענצטער,
פאַרזיכערן אַ וועג זיך צו אַנטרינען, אַ באַהאַלט, אין פאַל אַפילו פון אַ נויט אַ קלענסטע.
גד האָט געשמייכלט, ווי ער זאָגט: „אוי, רחל, וואָס איז עס פאַר אַ מורא און ציטער?
„ס'איז דאָך דײַנע די היים, דײַן גוטס בלויז; אַנטלויפן מען דאַרף שוין נישט איצטער!"
האָט רחל, ווי פאַרשעמט, פאַר די גאַסטגעבער אַנטשולדיקט זיך מיט אַ נייג פונעם קאָפּ:
„אַנטלויפן, שוין זיך צוגעוווינט אַזוי, פון זייט מײַן מאַמען פאַרלאָזן איך האָב".

אין די גאַסטגעבערין צוגעגאַנגען צו רחלן און געקושט מיט ליבשאַפט דעם שטערן איר,
שלאָפן זי געפירט, זאָל אַליין מיט זיך זײַן אין צימער, און מיט אַ גוטנאַכט צוגעלענט די טיר.

האָבן זיך די שעהען רחלן געצויגן, אַ טשאַטע מחשבות האָבן גענומען איר אין קאָפּ אַרומפלײַען
אין דער דאָזיקער ערשטער נאַכט אין לאַנד, האָט זי נישט אײַנגעדרעמלט ביזן זשאַרײַען.
אין זי שטיל אויף דער טעראַסע אַרויס, אַלץ איז מיט שמעקעדיקע קלעטער־געוויקסן באַדעקט,
שטייט זי און ציטערט — נישט פון קעלט — געזען האָט זי ווײַסע נעפּלען געשטרעקט
אײַנהילן און גלעטן ווייך און מיט ליבשאַפט די הײַזער, די זאַמדן, און ווערן
פאַרצויגן ביז צום רויִקן ים־ברעג. דאַן האָבן צוויי פול־רונדיקע גרויסע טרערן
האַרציק אַ קײַקל געטאָן זיך איבער אירע גלאַטינקע באַקן; אַזוי־אַ האָט זי באַגעגנט
דעם פרימאָרגן דעם ערשטן.
באַרויִקט זיך איז זי צוריק אין בעט אַרײַן זיך לייגן
שלאָפן לאַנגע רויִקע טאָג־שעהען, ווי די פאַרגאַנגענהייט וואָלט פאַרזונקען אין תהומות
פון שכחה, זי זאָל נישט דערוואַכן, פאַרזונקען אין זיסן שלאָף אָן קיין שום חלומות.

ס'האָבן שטראַלן געשפּילט אויף איר פּנים, די אויגן געעפנט, ווען פּרנסה־אַכט האָט געבלאָט,
מיט אַ זיכערהייט־געפיל, שוין לאַנג נישט געהאַט, אַ געפיל פון אַ היים, וואָס באַרויִקט.

האָט זיך אָנגעשטויסן איר בליק אָן אַ בליק, ווי באַקאַנט, דערקענט יאָ, דערקענט נישט ביז —
דערמאָנט זיך: אַזוי האָט איר זיידע געקוקט! און אַ ריס זיך געטאָן: „די מומע, דו ביסט!"
און ס'ענטפערט מיט ציטער, דער מאַמעס קול איר: „יאָ, רחל, די מומע, דאָס בין איך!"
האָבןביידע אַרומגעכאַפּט זיך! שטים־קלאַנגען, ספק געלעכטער, ספק געוויין, האָבן זיך
פון זייער קעל אָן ווערטער געריסן.

ביסלעכווייַז באַרויִקט, פאַרשוויגן, גאַרנישט צו זאָגן,
בלויז דאָס פילעוודיקע האַרץ זייערס, האָט ווי אַ צוויגטער גלאָק געגומען שלאָגן.



## די מומע שרה

דער מומע שׂרהס פּנים דערמאָנט דעם זיידנס, אויך שוין מיט קנייטשן צעאַקערט געוואָרן,
נישט לייַכט איז צו טרעפן איר פאַרגליוורטע עלטער: פופציק צי זעכציק די יאָרן.
איר גראַקייט, לאָקן, וואָס בונטעווען זיך דעם קאָם, צו איר זיידנס גראַקייט איז גלייַך;
אַ האַרטער בליק — זייַן בליק — פלעגט ער צו רחלען געווענדט, ווי אירער ווערן ווייך;
און דער זעלבער שמייכל, וואָס באַווייַזט זיך אין זייַנע אויגן, ווי אַ זעלטענער גאַסט,
בעת דאָס עקשנותדיקע מויל מייַדט־אויס אַ שמייכל אַרויפצוברענגען, ווי אַ לאַסט.
בלויז איר פול קול, ווי דאָס קול פון עדהן. אָבער כּלל מיט גאַרנישט ענלעך
צו דער שוועסטער.

זי, ווי מיר ווייסן, האָט נאָך אַלץ מיידל זיך געריסן, און ענדלעך
פאַרלאָזן די היים און קיין ציון אַוועק.

דאָ האָט איר שווערקייט, ריזן האַרטקייט אָנגעטראָפן:
אַ ווילדע פרעמדע לאַנדשאַפט, דערנער, פעלדזן, הונגער און קרענק, געשעענישן פאַרלאָפן,
און איינגעהאַלטענע לייַדנשאַפטן רייַסן זיך פון יאוש, פון בענקשאַפט און בדידות,
דאָס אויפשטעלן געצעלטן אויף גאַרנישט, דאָס גלויבן, און דער בונד אין ידידות,
וואָס זענען שטאַרקער פון יסורים.

אַ הייפל יוגנט אַ קליינס האָט רעוואָלטירט, געמיינט *
אַ נייַעם שטייגער־לעבן פאַרן מענטש אין לאַנד. דאָס שטרעבן צו לייַכט־לעבן האָבן זיי פאַרניינט.
זייערע טעג דער שווערער האַרעוואַניע געווידמעט, די איידעלע הויט פאַרברענט ביז וונדן,
זייערע נעכט — פאַר לערנען און בילדן זיך, געהויבענע טרוימען האָבן זיי געצונדן.
זייער לערע — דאָס לעבן אַליין, אָן אַ מחיצה, ביז אַפילו דעם וואָכן־טאָג צו תּפילה געמאַכט,
ווי נישט־ניכטערנע; און דעם יש, ווי געהאַקט פון זייער נשמה, אַרויסגעבראַכט.

האָט שׂרה זיך אָנגעשלאָסן אין די, וואָס טרינקען־אָן די ערד מיט זייער מאַרך, זי באַגראָזן,
באַפרוכפּערן זי, באַלעבן די אור־אַלטע שטילעניש, נישט־געלייַטזעליקט פאַרלאָזן;

ליבשאַפט־פּעדעם האָבן געצויגן זיך פון די גרודעס פאַר די, וואָס שענקען זיי דעם גנאָד;
זייער כבוד איז דער כבוד פונעם פעלד, גרייט צו באַצאָלן פאַר אים מיט זייער בלוט.
און האָבן באַצאָלט, געפאַלן צוליב אַ שטרענגל טרויבן, צוליב אַ צעטראָטענע טעראַסע־טרעפ
פון אַ פעלד אַ באַאַרבעטס, צוליב אַ שאָף אַ געגנבעטע, צוליב אַ צעבראָכענעם שטשעפּ.
ס׳האָט פּאַסירט און מען האָט זיי איבערראַשט אין פינצטערע נעכט אויפן וואָך־אָרט,
ביים היטן אין יהודה, אין שומרון, אין גליל, פאַר רויב און פאַר מאָרד.

## אַ פריינד און אַ חבר

אַ יונגערמאַן איז געווען צווישן זיי; האָט ער דעראָבערט די שטאָלצע האַרטקייט שׂרהס
מיט זיין גנאָדן־בליק, מיטן בטחון אין דער צוקונפט, און געשטילט איר שטורעם.
ער האָט זי געלערנט אָפּגעבן זיך דער ווילדער לאַנדשאַפט, אין איר התפעלות צעבלאָזן
פאַרן איינזאַמען בוים אין מדבר, פאַר יעדן מינדסטן דאָרן, פאַר די ווילד־גראָזן,
וואָס בלויען, ראַזלען און פורפורן זיך, מיט זייערע פאַרבן טוען זיי שטרעבן
גלייכן זיך צו די בלומען די שענסטע, אין זייער מדרגה פון חשיבות פאַרוועבן
אויף זיך צו באַרימען.
ער האָט שטעגן אין לאַנד איר אַנטפּלעקט, נישט אַנדערע געגעבן
צו זען אַ חוץ זיי. וועגן די שכנים דערציילט ער איר, וועגן זייער פּאַרציַיטיקן לעבן,
פאַרגלייכן זייער שטייגער מיטן שטייגער פון די אבות, וואָס זיי טוען אויפהיטן;
זי געלערנט, און זיך אַליין, זייער פאָלק־און מענטשן־חכמה, זייער אומגיין זיך, די זיטן.
האָט ער חברים באַקומען, פאַרערער, צווישן פאַסטעכער, ווינער פון געצעלטן פאַרציַיטיק,
געגלייבט אין גוט־שכנישע באַציִונגען, און אין אַן עצה, וואָס ווירקט קעגנזייַטיק.
נישט איין מאָל האָט ער געראַטעוועט חברים פון נקמה, פונעם אכזריותדיקן „גואל הדם־זיַין".
אָבער אויך געקאָנט אַנשטעלן זיַין געווער אַנטקעגן אַ באַפאַלער, אין די פעלדער, אין די וויַין־
גערטנער, און געקוקט גלייַך צום שלעכטס־ פאַרטראַכטער, צו פּחדנים האָט ער שטאָלץ און אָפן
מיט פאַראַכטונג זיך געהאַלטן.
אַ קויל האָט אים אין אַ שמירה־נאַכט פון הינטן געטראָפן.

זי האָט אים אַ שטאָלצע אין איר נשמה באַגראָבן, פאַר טרוים, פאַר גבורה, פאַר אַלץ, וואָס איז
טייַער,
און האָט דאָס קבר מיט שוויַיגן פאַרמאַכט, און אים פאַרחתמעט מיטן פלאָם פון איר פייַער.

## שטאָלץ פון אלמנהשאַפט

אין זיַין נאָמען איז זי איבער די שטעגן פון לאַנד געגאַנגען, אין זיַין נאָמען און אָנדענק,
זיך באַקענען מיט אַלץ, מיט יעדן דאָרן און גרעזל, מיט זייערע נעמען און שטייגער; אין דער
לענג

און ברייט דאָס לאַנד דורכגעגאַנגען אַליין, אויך צוזאַמען מיט אייזל־און קעמל־טרייַבער,
אין בעדואינישע געצעלטן באַזוכט, זיי האָבן געבראַכט איר קראַנקע קינדער, מענער און ווייַבער
מיט איר דערבאַרעמקייט צו היילן זיי; געוואַנדערט, געלערנט און אַנטפּלעקט אין שטויב
גרעזלעך, וואָס ביז איצט האָט בלויז דער תּנ"ך געקענט זייערע גערוכן, זייער לויב.

ווען זי האָט שוין די וואַנדערונגען, די וועגן, געוונג געהאַט, האָט זי באַשלאָסן
אין דער הויפּטשטאָט צו וווינען, איבערצוגעבן דאָס וויסן, איר לעבן־ווײ, אין צימער פאַרשלאָסן.

אַ צימערל אַ קליינס, אַ טריב־געוועלביקייט, פון געטעסעטע שטיינער זענען זיינע ווענט,
שאַרסטקע און טונקל; דאָס מעבל: דאָס בעט און די שאַפע פאַר קליידער אין וואַנט אַנגעלענט,
אויף איר אַן איינציקע פּוץ: אַ בלומען־קראַנץ אַרום אַ בילד אין שוואַרצן געראַמט, זאַכט
שטראַלט־אַרויס פון בילד, ווי לעבעדיק, ס׳פּנים פון אַ יונגנמאַן, געפאַלן אויף דער וואַך.

וויניק זענען די באַזוכער אין איר ווינפלאַץ, בלויז איינצלנע פלייסיקע שילער, וואָס זענען
בילדונג־דורשטיק, זעען בײַ איר די צמחים־זאַמלונג, און וואָלטן אויך געוואָלט באַקענען
די אַזוי מאָדנע וועלט אירע, די וואָרצלען פון דער אַזוי זיך עלטערנדיקער דאַמע,
וואָס שווימט אין ים פון וויסנשאַפט, פאַרטוט דעם גאַנצן חן מיט דער ענערגיע צוזאַמען.
זי מאַכט מיט זיי פאַרשונג־עקסקורסיעס, זיך באַקענען מיט די צמחים, און גיט זיך איבער
דעם אונטערריכט אינגאַנצן, וועקט בײַ די שילער איר באַגײַסטערונג און ליבע.

די יוגנט־זכרונות, די אַטמאָספער פון איר היים, האָט זי פון לאַנג שוין פאַרלאָזן,
איר יוגנט־לײַכטזין, ווי אַ נישטיקייט באַגראָבן, אַ פאַרגאַנגענע וועלט, וואָס פאַרבלאָזן.
און דער ים, וואָס זי איז אַריבער, ווי ער וואָלט צווישן לעבן און לעבן צעטיילט;
פאַראַן און ווי אויסטראַכטעניש זענען פאַרגעקומען איר די דמיונות פון יענער זײַט.
די בני־עיר, איר משפחה, דאָס בני־בית, זענען לחלוטין מאָדנע אין אירע אויגן פאַרבליבן,
זיי האָבן זיך נישט באַמיט זי צו פאַרשטיין, האָט זי אויך זיי קיין בריוו נישט געשריבן.
זייער מעמד, דער פעסטער עקסיסטענץ, האָט אַ רחמנות־שמייכל אויף אירע ליפּן געברענגט;
די גלײַכגילטיקע טראַכטענישן וועגן איר היים זענען מיט אַ ביסל פאַראַכט געווען פאַרמענגט.

די בשורה פון ווײ

אָבער ווען דער פאַרפלייץ, דער חורבן, איז געקומען, איז איר גלײַכגילט און שפּאָט ווי צערונען;
זיך געוואָרפן אין שלאָפלאָזע נעכט, אויפגעפרעסן פון זאָרג־יסורים, פון זייער מאָנען,
ווײַל פּלוצים זענען זיי געוועזן אין איר, אין איר בלוט, ווי איר פלייש און געביין. פון געפאַרן
בלויז שטום געמאָנט רעטונג, ראַטעווען זיי פון פאַרלענד, פון די אימה־קאָשמאַרן.

אין איינעם אַ טאָג איז אַ צעטעלע איר דערגאַנגען פון קפריסין־אינדזל, אָנגעפילט
מיט ביטערע בשורות, אָבער צוזאַמען מיט דעם, האָט עס אירע יסורים געשטילט און געמילדט.
דערוואַרטנדיק רחלען. ביז ס׳איז פון גד, איר שילער, טעלעגראַפיש אַ בשורה געקומען:
„לערערין מײַנע, קום שנעל מקבל־פּנים זײַן דײַן שוועסטערס טאָכטער, רחל איר נאָמען״.

מיט רחלען

צעווירט און מיט שרעק איז שרה געפאָרן, ווי דורך שולד־בײַטשן געיאָגט און געטריבן,
צו רחלען. זעענדיק דאָס מיידל שלאָפן און אָטעמען, איז זי ווי באַרויִקט געבליבן.
די הויט פון איר פּנים זײַדן־איידל; אַזוי־אַ האָט זי עדהן איר שוועסטער געדענקט,

ווייך צעפּיעשטשעט.

האָט זי אָוועקגעזעצט זיך לעבן איר שטיל, איינגעקוקט זיך פאַרבענקט

ביז זי וועט דערוואַכן.



## חסד פון זאַמדן

שווײַגנדיק זענען זיי אַראָפּ צו די אָפּהענג־זאַמדן, האָט אין האָט פאַרקנופּט,
אײַנגעהערט אין זייער האָרץ־געשעפּטש. זיי האָבן ווי מסכּים געווען נאָך אַ ביסל אָפּשטופּן
ס'געשפּרעך, וואָס וועט גריבלען אין די וווּנדן, וואָס ווילן זיך באַרויִקן, פאַרהיילן.
זיי זעצן זיך אויף די וואַרעמע זאַמדן, וואָס גלעטן ווייך־תּענוגדיק, פאַרווײַלן.
לאָזן־דורך צווישן די פינגער גאָלדיקע שטראָמעלעך זאַמד פון זייערע אָפענע דלאָניעס,
אייביקער מענטשישער שפּיל, פאַר יונג, פאַר אַלט, אויך דאָס קליינוואַרג קאָן עס;
זייער נשמה קאָנצענטרירט זיך אינעם חסד בײַם געפּליס פון זעמדעלעך קליינע,
מיט אים שווענקען זיך אָפּ, פאַרשווינדן זכרונות פון פּײַן, יסורים נישט ווייניק.

פאַראַן עפּעס ריינס אויפן זאַמד, יושרדיקעס, פאַרגעבונג, אַזאַ אייביק פליסן־שפּילן
פון געדאַנקען, וווּנדערלעך צאַרטע בענקשאַפטן, פאַרשטענדלעכע און פאַרהוילענע געפילן.
שטענדיק, ווען מיד ווערט דער מענטש פון אַ מענגע גרויקייטן, וואָס פאַרטעמפּט, פאַרטושט,
אַנטלויפט ער צום ברעג־ים, צו זײַן וויגנדיקער רו, און די האָנט זײַנע, ווי זי קושט
דאָן גלעטנדיק דאָס זאַמד.

אַזוי האָבן רחל און שרה שווײַגנדיק געלאָזט איצט שפּילן
די פינגער איבערן זאַמד, ווי זעענדיק־נישט־זעענדיק די בלאָע ים־כוואַליעס, ווי נישט פילן
זייער רויש, ס'קלאַפּן לײַכט־צערטלעך און ס'שיקן זייערע צונגען קושן די פיס זיי,
פאַרלאָקן, איבעררעדן צו לאָסקעס; און טוען אַזוי פליעסקען און שווענקען פאַרבײַ
און באַזיגט זיי: האָט רחל פאַמעלעך, מיט אַ שמייכל, שוין לאַנג נישט געשמייכלט, אָפּן און
פרײַ אויסגעטאָן די שיך, זיך איבערגעגעבן די כוואַליעס מיט דער האָפענונג
נישט אַנטוישט צו ווערן, פאַרשפּילט זיך צאַרט, נישט געשטערט פון כוואַלישן פלייץ;
האָבן די כוואַליעס טרײַשאַפט געהיט איר, זי באַרויִקט און געגעבן איר הנאה און רייץ.

נעמט אַ פרײַנדשאַפט־בונד אָן ווערטער אין דער דאָזיקער שעה און פאַרבינדט זיי,
און אָן עדות איז דער רויִקער ים, דאָס גנאָדיקע זאַמד און די כוואַליעס אַרום זיי.



## טיפע פרעמדקייט

צווישן די פּאַסאַזשירן פון זעגלשיפל האָבן זיך ברודערשאַפט־קייטן שטאַרק פאַרשמאָלצן;
זיי האָבן באַשלאָסן זיך נישט פונאַנדערשיידן מער, קלאָר איז דער וועג זיי דער שטאָלצער,
דעם ביטערן נעכטן דערמאָנען וועט ער מיט גאָרנישט. גד און שאול אַ מאָל נאָך וועלן
באַפעלן זיי, געבן דירעקטיוון.

בלויז רחל זי גייט נישט מיט זיי; שטיל קוועלן
זי וועט, פאַרשיכּורט מיט ווײַן פון רו, וואָס באַרוישט טאַקע, און דאָך גוט איז:
איר אייגענעם זיכערן ברעג זי האָט שוין, אַ וואַרעם ווינקל מיט ליבשאַפט באַרוט איז.

צו מאַרגנס איז יעדער פון זיי געגאַנגען זײַן וועג, שטיל מיט אַ געזעגענונג־בליק
האָט רחלען אויפן שטערן גד געגעבן אַ קוש, צום געזעגענען שטיל שׂרהס האַנט געדריקט.
גד זאָגט־צו צו באַזוכן, ווען צום לערנען וועט ער קומען צוריק, צום לעבנשטייגער, אין גיכן,
„אָבער איצטער פאַראַן זענען פליכטן, וואָס פאַרפליכטן אַזאַ יונגן מענטש, ווי איך דאָ...״
באַדויערט אים שׂרה, וואָס אַ שילער אַזאַ גוטער פאַרלאָזט די לימודים, דאָס שטודירן, —
זאָגט אים צו ווײַטער צו לערנען נאָכן צוריקקער, געטרײַ בײַם לערנען אים פירן.
אָבער רחל, ווי פּלוצים אויפגעציטערט, דער פּחד פאַר דער איינזאַמקייט האָט זי דערשלאָגן,
ווי אָפּגענאַרט געבליבן אויף גאַרנישט; ווער איז זי די מומע פאַר איר, ווער קאָן זאָגן.
עס ציט זי צו גדן, און שעמט זיך; אָבער באַלד באַהערשט זי די לאַגע, אָנערקענט מער
דעם נײַעם זיכערן שוץ־פּלאַץ: קערט אום זיך צו איר מאַמעס שוועסטער — דער פרעמדער.



זיי פאָרן.

אַ גלי־היץ לייגט זיך אויף אַלץ, אויפן זאַמדן־אויסשפּרייט געקאַרבטן דורך ווינטן.
וואָס דאָ און דאָרט באַשפּרענקלט איז מיט ווילדגראָז, מיט דערנער, מיט טערעבינטן
איינצעלנע, וואָס לעכצן נאָך רעגן, איינגעדעקטע מיט שטויב, וואָס נישטאָ איז קיין מאַנגל.
זיי שפּאַנען איבער בידנער ערד, ווו דער דאָרן שטייט תּמיד אין קאַמף פאַרן לעבן, אין געראַנגל,
און יעדער קשאַק, נישט געצערטלט, שטרעקט ווי מיט דראָונג זײַנע צווײַגן און שטאַמען.
שרומפּט רחל אין זיך אײַן פון דער טרוקעניש, און דער שטילער אָנדענק פון איר מאַמען,
פון איר היים, פון פעטע גרינע לאָנקעס, זענען לויפנדיק איר אויפן זכרון געקומען:
ווי זי וואָלט טײַכן געזען, ריטשקעס פעלדער און גערטנער, אין זיי האָט זי צווישן בלומען
שפּאַצירט אין דער יוגנט.

דער זעלבער שאָסיי

זיי פאָרן. שטילקייט צווישן זיי, ווי אַ ווענטל איז צום זען:
איינע באַליידיקט — די צווייטע טראָגט די באַליידיקונג פון אַ לאַנדשאַפט, אָן שיינקייט, אָן חן.
ווײַל שׂרה ווייסט, אַז דער שאָסיי מיט וועלכן זיי פאָרן איצט אַלץ האַסטער און האַסטער,
איז נישט ווי יענע אין דער וועלט: יעדער מעטער און מעטער איז מיט בלוט דאָ געפּלאַסטערט.
ווי לעבעדיק שטייען פאַר אירע אויגן בחורים און מיידלעך מיט האַמערס און אַרבל פאַרשאַרטע;
זיצן אויף קופּעס פעלדזן־שטיינער און פאַר זיי אַ צווייטער הויכער אָנשיט אַ האַרטער,
ווי מיט שׂנאה זיי חוזקן: „מיט אַזעלכע צאַרטע הענט, ווי אײַערע, ווילט איר זיך כאַפּן
שאָטער אָנצוהאַקן?!״ טאַקע צאַרטינקע זענען זיי, און דאָך טוען זיי האַקן און קלאַפּן
און באַצווינגען האַרטע פעלדזן פאַר שאָסייען טאַקע מיט די הענט מעשׂה בראשית געבענדט;
האָט זיך זייער גײַסט געשטאַלט, ווי ס׳האָבן זיך צו ביסלעך האַרט־געשטאַלט זייערע הענט.
זי געדענקט דאָ אַ זיבנפאַכיקע פּוסטקייט, פאַרשטונקענע בלאָטעדיקע וואַסערן דאָ שטייען;
און רחל ווידער זעט בלויז אַ נעבעכדיק טרוקעניש, און אַ שאָסיי, ווי אַלע שאָסייען.

ווידער האָט אײַנגעריסן זיך אין רחלס האַרץ אַ יתום־ריס, וואָס האָט ערשט אָט פאַרהיילט,
און שׂרהס דערבאַרעמדיקן גלעט נישט פאַרשטאַנען, נישט געוואונטשן, שטופּט זי אָפּ פאַרשײַט.

חידושט זיך די מומע אויף איר פײַנטלעכן בליק מיט איר פײַנלעכן שווײַגן צוזאַמען: פּרוווט דערוועקן רחלס הארץ צום רעדן, פרעגט זי זיך זאָרגפעלטיק נאָך אויף דער מאַמען, אויפן אַלטן זיידן, אויפן שטייגער־פירן פון איר שולע, אָבער רחל האָט עקשנות געשטעלט אין איר שווײַגן. קרעכצט שׂרה אָפּ, לאָזט איר פּאַרטאָן זײַן אין זיך, אין איר וועלט.

איצט איז פאַר שׂרהן קלאָר שוין געוואָרן: שווער וועט איר נעמען, ווי ביז איצט האָט גענומען, אויסצוואָרצלען די קינדהייט־זכרונות, פאַרבינדן מיט פרעמד־לאַנד, ליב דאָס באַקומען.



## צו דער הויפּטשטאָט

זיי זענען דירעקט אין דער הויפּטשטאָט געפאָרן, פלאַכלאַנד, פליכע בערג, און ס׳האָט געטראָפן אַז פון רחלס קעל האָט אַ געוואָי זיך געריסן, אַ כליפּע־געוויין, פרײַ און אָפן.

זענען זיי אַרײַן אין אַ שטיינערנער פאָרשטאָט, נאַקעט פון ביימער, גאָרנישט טוט דאָ גרינען, און אירע אויגן, מיט ווײַסער היץ געשלאָגן, האָבן יעדעס געסל געפאָרשט, ווי מיט שׂנאה. די פאַרבײַגייער קומען איר אויס דאָרט, ווי מידע, און אַלע זעען־אויס איר קבצניש, זייער טונקל־הויטיק פּנים, שרעקעוודיק שאַרף, שלעכט און פײַנטלעך, מער גאָרנישט.

אין אַ קרום שטיינערן געפלאָנטערטן געסל, האָבן זיי זיך דערנענטערט צו אַ מויער אַ ווײַסער זייערע טריט קלאַפּן אינעם אַרויסטאַרטשעדיקן געפלאַסטער, טוען די שטילקייט צערײַסן. אין אַ פּירעק אַ פאַרטרוקנטן, אַ שפּאַט־צייכן פון אַ גערטל, שטייט אַן אָפּגעטרוקנטער בוים און סטאַרטשעט קרום־צווײַגיק, צופוסנס אים אַ בלאַסע חבלבל־בלום,*וואָס קוים קוים זי שלענגלט זיך שווינדזיכטיק, אירע פאַרדאַרטע קלעטערער און איינגעשרומפּענע בלעטער זענען נישט גנאַדיק באַוואָסערט פון לאַנג שוין, גוססעט די בלום און רחמים זיך בעט זי.

## שׂרהס צימער

אַ פּאָר טרעפּלעך, אַן אַ פאַרענגטש, פירט צו שׂרהס צימערל, פירט אַרויף דאָרט צו איר. זענען זיי אַרויף, און מיט אַ שווערן גרויסן שליסל האָט זי געעפנט אַ סקריפּנדיקע טיר. געוועלבט, גרוילעך און קילבלעך איז איר צימער, באַשײַדן שטייט דאָרט דאָס מעבל, דערמאָנט עס אין נאָנעס: פאַראַן אַ בעטל מיט גאָר ווייניק בעטגעוואַנד דערנעבן, אויך אַ קופערט פון פּאַק־קעסטלעך איז פאַראַן דאָרט, אַ טוך אַ גרויער דעקט זיי אַלע צוזאַמען. קליידער נישט קיין סך, אָבער ריינע, און אַ סך, אַ סך ביכער און ביכלעך פאַראַנען; אַ האַלצערנער הויך־פוסיקער טיש, לעבן אים צוויי שאַקלענדיקע שטולן אומבאַקוועמע, אין ווינקל אַ קאָך־מאַשינדל, און אין די אַנדערע ווינקלען צעשטעלט דרײַ טאַבורעטקעלעך קליינע, אויף דער פלאַטשיקער שוועל פונעם פענצטער, שטייט אַן ערדענער טאָפּ אַ טיפער, אווו עס רויטלען זיך קײַלעכדיקע מילגרוימען, וואָס דאָס רויטקייט זייערס דאָס אויג ציט צו.

---

*) אַ קלעטער־בלום אין פאָרעם פון גלעקעלעך.

אויף אַ דרייפוס־טישל שטייט שיף אַ דזשאַרע קיל וואַסער, אַ רונדבייַכיקער ערדענער קרוג,
באַדעקט מיט ווייַסן לייַוונט איז זי, אין די עקן מיט קאַליריקע קרעלן באַוואָגט.
אין אַ נישע פון אַ דיקער וואַנט, אַנגעהויפט זענען פרעסן אויף פרעסן צעשטעלטע,
אונטער זיי טייַערע זאַמלונגען, געזאַמלט זייט יאָרן, זאַמלונגען געפּרעסטע צמחים פאַרגעלטע.

קוקט רחל זיך איַין אין שׂרהן און אין איר צימער; האָבן זיך די בליקןביידנס צו לעצט
באַגעגנט פאַרווירט.

די מומע האָט אַרומגענומען זי און געזאָגט: „דאָס איז מייַן היים, זעסט.
פון איצט־אָן זע זי אויך, ווי דייַן היים. און אויב איז זי דיר צו באַשייַדן און אָרעם,
איך האָב זי ליב מיט איר איינזאַמער שטילקייט, געוווינט דאָ האָב איך יאָרן אויף יאָרן".

## אַ בילד אין בלומען

זי האָט זי געפירט צו אַ בילד מיט בלומען, און ציטריק געשעפּטשעט די רייד איר:
„אָט איז דאָס בילד פון מייַן געפאַלענעם פרייַנט, די איינאַיינציקע פרייד מיר".
און פאַרשוויגן. מער גאָרנישט געזאָגט. אויך רחל האָט גאָרנישט געפרעגט און געזאָגט,
אָבער זייער־זייער לאַנג און מיט ערפאַרכט האָט זי זיך אין נאָבעלעם פּנים פאַרקוקט.
און פּלוצים, ווי ס'וואָלטן די פרעמד־שטריק אַרונטער, זייער אָטעם־צוג, ווי פאַרלאָרן
מיט דער פּשטות פון שׂרהס אַראָפּרעדן פון האַרצן זיך; ס'איז דאָס מיידל איר אַ טאָכטער
געוואָרן,
באַפרייַט פון קאָשמאַר זיך, וואָס האָט זיי געהאַלטן, האָט רחל די האַנט איר געשטרעקט,
איבערגענומען געשטאַמלט: „אויך איך האָב אַ בילד, מייַן איינאַיינציק בילד געהאַלטן
פאַרשטעקט,
און אַרויסגענומען פונעם בוזעם דאָס בילד פון איר מאַמען, געהאַלטן בייַ זיך, ווי געוועזן
אַ קמיע איז איר אויף אירע וואַנדערונגען, דער מוט־סוד צום לעבן, זי האָט עס שׂרהן געוויזן:
„דאָס קלייניטשקע בילדל האָט מיך אויף אַלע פאַרפּלאָנטערטע וועגן געזיכערט, געפירט
ביז אַהער, און צו דיר איך בין דערגאַנגען, מיטן כּוח פון איר צוואה, אין מיר כ'האָב געשפּירט".

שטיל־שווייַגנדיק האָבן זיי בייַם בילד זיך פאַרטראַכט, פאַראייניקט מיט עדהס געשטאַלט זיך
אַצינדערט
און לאַנג אַזוי געשטאַנען איבערגענומען, אָבער שווייַגנדיק, האַנט אין האַנט האָט געציטערט.
האָבן זיי דערנענטערט בילד צו בילד, און אַרומגעקראַנצט זיי ביידע מיט בלומען.

## מילגרוימען

רחלס צונג איז ווי דורך אַ צויבער צעבונדן געוואָרן, די שווערקייט פון האַרץ אַרונטערגענומען:
אַ צעשפּילטע לויפט זי צום פענצטער, דאָרט זענען, ווי אויסגעשטעלט צום זען, די מילגרוימען,
פינקלדיק רויט־בעקלדיק; האָט זי אַ כאַפּ געטאָן איינעם און אינעם שאָלעכטץ דעם האַרטן
אייַנגעביסן; שרייַט די מומע צו איר: „ניטע רחל, ניטע, וואָס טוסטו, וואָס דער מער איז,
האָב רחמנות אויף די ציין, מיט דער שאָלעכטץ זייַ וויסן עסט מען נישט די דאָזיקע פּירות!"
און ביידע האָבן צעלאַכט זיך פון טיפער ברוסט ביז טרערן, האָט עס האַרציק דאָס געלעכטער
געמאַכט;
שוין לאַנג־לאַנג האָט רחל אַזאַ פריילעך צעשפּילט הויך געלעכטער נישט געלאַכט.

אַנטשפּאַנונג

שעהען האָבן זיי געשמועסט וועגן זייער אַמאָליקער היים, אַלע קלייניקע פּרטים דערמאָנט,
יעדעס צימער באַזונדער, דעם סאַלאָן, די פּוץ־שטיק, דאָס רײַכע שווערע מעבל, וואָס בלויז
געקאָנט

האָט אַ מײַסטער פּאַלירן. און האַרציק געלאַכט: ווי אַנדערש, ווי אַנדערש איצט אויסזעט
דאָס מעבל אין איר צימערל דאָ. זיי האָבן ווי געשפּילט זיך אין אַ דערמאָן־וועט,
געשילדערט דאָס געשטאַלט פון יצחקן, שמואלס זון, דער עלטערזיידן, זײַן ווײַב און
איר ברייט שוואַרץ פּלושן קלייד, אויף איר קאָפּ פאַרטשיילט דאָס זײַדן הייבל
מיט איידל־שטיינער און פּערל באַהאַנגען.

אויפגעטויכט האָט איצט פאַר זיי אַ חורבע וועלט,
זייער פאַנטאַזיע האָט געמאָלט זי נאָך שענער, פול אין לעבהאַפטן ליכט צוריק אויפגעשטעלט.
האָבן זיי וועגן אומקום נישט געשמועסט, נישט ווייטאָן זיך, ווי באַשלאָסן פון לאַנג עס
דערשטיקן אפילו אין זכרון, און אויסמײַדן אפילו צו דערמאָנען אין געדאַנק עס.
זיי האָבן דאָך געוווּסט: ס׳וועט קומען די צײַט, ווען זיי וועלן קאָנען דאָ אַנטפּלעקן
ביזן סוף דעם בראָך פון זייער לעבן; אָבער איצט פּרוּווט מען דעם ביטערן תּהום פאַרדעקן.

האָט רחל ערשט איצט דעם טיפן סוד פון משפּחה־קנופּן פאַרשטאַנען, דערפילט זייער וואָג מער,
ווי יעדעס וואָרט ווערט פאַרשטאַנען אויפן ווונק, בלויז פון אייגענעם באַזונדערן מקור.



ביסט צוריקגעקומען, טאַכטער

צו מאָרגנס האָבן זיי איבער דער שטאָט זיך געלאָזט, זי איז אינגאַנצן געענדערט זײַט נעכטן:
מענטשן, ווי אַלע אויף דער וועלט: אָרעמע־לײַט, רײַכע, אומגליקלעכע, אַלע אין געפּלעכט,
אויך פריילעכע, יוגנט און אַלטוואַרג, — און רחל זיך דערנענטערנדיק האָט נישט געפונען
קיין פאַרדראָס בײַ קיינעם, ווי נעכטן, נישט קיין שאָטן, נישט קיין צייכן פון שׂנאה.

זיי גייען אין אַ געסל געשלענגלט אַרונטער צו אַ גאַס צו אַ גרוימער, ווו עס זענען פאַראַנען
פּרעכטיקע הײַזער, באַפּוצטע; זיי גייען צווישן זיי, קומען אַלץ בענטער און שפּאַנען
אין אַ סקווער אַ רחבותדיקן אַריין, אַנטקעגן איבער אים אַ טויער אין דער מויער,*
וואָס שליסט־אײַן די מיטשטאָט.

אַ געראָדער אין סקווער, אַ געפּילדער, און אַן אומגעהויער
ערב־רב אַ ווימלדיקס, הענדלער, פּעדלער, און פאַרשידענע פּרויען מיט פּנימער פאַרהאַנגענע;
און הויפנס אויף הויפנס אַנגעוואָרפענע גרינע, פּיאַלטע, ראָזלעכע און גאָלדענע
פּירות און גרינצײַג; וועגעלעך מיט שפּיצערײַ, טרעגער מיט קוישן אויף פּלייצע פאַרלייגט,
און אַלץ, ווי געבאָדן אויף הייס, מענגעס מענגעס־ווײַז, וואָס זענען פאַרווירבלטערהייט
ווי פון אַ פּילפאַרביקן בילד אַרויס, אָדער, ווי אַרויסגעכישופט פון טיפער אור־צײַט.
שמייכלט רחל און שמייכלט צום געמיש, וואָס זעט־אויס אין זײַן טומלען־ווימלען, ווי פּלעקן,
ווי ער וואָלט זײַנע פאַרבן פאַר מאָלערײַ, פאַר פּאַטאָס, דעם עולם אַנטקעגן אויסשטרעקן.
און אין המון פאַרשלינגט זיך דער יחיד: אפילו דער בלינדער פון אַ ייִנגל געפירט,

זײַן שטעקן טאַפּט ווי אין שפּיל, קלאַפּט בײז, אויפגערעגט, דעם וועג אויסשפּירט, —
אָדער דער־אַ ריז, וואָס שרײַט רעקלאַמיק אויס זײַן קילן געטראַנק מיט פרײלעכער מינע,
און קלאַפּט ריטמיש צו מיט די מעש־גלאַנצפינקלענדקע טאַצן, ווי אויף אַ בינע.

## די מויער

זיי באַגעגן צווישן ברויזנדיקן המון און קומען אַלץ נענטער און נענטער צו דער מויער.
באַפּוצט מיט אָפּגעריבענע גראַווירונגען אַרום שטייט אָפּן און שווער דאָ דער טויער,
און די גראַווירונגען: בלומען און בלעטער, זענען פאַרבליבן נאָך פון אור־אַלטע צײַטן,
אַ סימן פון שיינקייט און פּראַכט. צוויי הויך־אויפגעהויבענע טורעמס פון ביידע זײַטן
ברענגען־אויף רחלען לעגענדעס אויסגעדאַכטע, און מעשיות פון פאַרשידענע העלדן, און אפילו
פון שומרי החומות, פּײַל־און בויגן ציל־געשפּאַנטע, — סאַראַ וווּנדערלעכע צילער.

זיי זענען אַרײַן אין אַ געוועלבטן טיף־טויער, דאָ און דאָרט אין די ווענט די קילע
אָבסערוואַציע־און שיס־לעכער; אָט דאָ איז דער אינערלעכער קאַמער פונעם טויער,
אין באַלאַגערונג־צײַט אײַנצוזאַמלען אַ פּאָר צענדליק קעמפער אַהער דאָ אין מויער,
אויף ווײַט־קוקער. זייערע אויגן, אָדלער־אויגן, זאָלן קענען זען מיט אַ בליק אַ שאַרפן
דעם שונא, וואָס שטורעמט די מויער, אָנשטעלן אין ציל די אַלע שטיין־און קוילן־וואַרפער,
וואָס שפּײַען צעגליטע געפּײַערטע שטיינער, און אויך אַ שטאַרקן האָגל זיי שיטן,
אַ האָגל פון פּײַלן פאַרסמטע, אויך זאַדוואַסער, עס זאָל דער פּײַנט אין טויט־שרעק אויפציטערן,
און מוזן צוריקציִען מיט בהלה און חרפּה. קוים טרעפט און אַ שטאַרקער איז דעם שונאס דרוק,
קענען זיי דאָ אײַנגעשפּאַרט שטיין, אָבער געזיכטערט, מוטיק און העלדיש־פעסט טאָג נאָך טאָג,
שיצן קינדער און פרויען הינטער די מויערן, ווען באַלאַגערט איז יעדער אײַנגאַנג און טויער;
פאַראַן שפּײַז, אויך אַ גרוב טרונק־וואַסער פאַראַן דאָ אין שוץ־קאַמער פון דער מויער.

און רחל מיט שׂרהן גייען און שטײַגן־אַרויף מיט די טרעפּ, אין פעלדזן אויסגעהאַקטע,
אַמאָל פלעגן שטײַגן אויף זיי די אָבסערווירער, די פּײַלן־שיסער, די גוטע צילער געוואַגטע,
צום וואַך־טורעם, אָנטקעגן די בערג, אָנצוזאָגן אויף דערנענטערנדיק געפאַר פון קריגן,
וואָס קאָן קומען פון מזרח, פון צפון און פון מערב.

דאָ שטייען זיי ביידע פאַרשוויגן,
ווי זיי וואָלטן געשפּירט די שרעק־געשעענישן און די גבורות, פאַרלאָפענע יענע יאָרן.

דאָס געטומל פונעם פאָלק דאָ צופוסנס דער מויער, ווי דאָס געווימלען פון קליינע יצורים,
נישטיק פּויזנדיק אומפּלייט, וואָס בלויז אַ שמייכל פון רחמנות דערוועקן זיי קענען:
ווײַל ווי פלעגן זיי וועלן זיך צעפליִען, אונטערגיין, ווי די פעלקער, ווי יענע,
וואָס האָבן דעראָבערט די מויערן, ווי זיי, און פאַרשוונדן; און די מויער איז געבליבן
מיט די טויערן און טורעמס, מיט דער גאַנצער גדולה און פּראַכט, נישט געוואָרן צעריבן.

זיי גייען איבער דער מויער און היפּען אַריבער די שטאָט, וואָס ליגט דאָרט אונטן קליין
צו דער ערד צוגעטוליעט, בלויז די פּלאַטשיקע דעכער אַרויסגעשטעלט זענען צום זען,
דאָ און דאָרט הייבט אַ טורעם זיך אויף, אַ קופּאָל, אַ צלם שפּיצט־אַרויף, אָבער ס׳רוב

געבויגן צו דער ערד, נידעריק, אויף געסלעך צעשניטן. דאָ און דאָרט אַ קוסט הייבט זיך אויף,
אָרעם, פאַרגרויט איז זײַן גרינס, אַן חיותדיקן סאַק; פאַראַן און ס׳דערהייבן זיך גרויס,
ווי שוואַרץ-גרינע ליכט, ציפּריסן שלאַנקע שמאָל-געצויגענע אַרויף, וואָס זעען-אויס
ווי פאַקלען פון מתים.

און די מומע ווײַזט רחלען אַן אויף אַ היגל פון דער ווײַט,
וואָס שפּאַרט-אַרויס מיט זײַן הויך, מיט אַ פלאַך-שפּיץ, צעשפּרייט אין דער ברייט, שײַדט
זיך אָפּ מיט זײַן גרייס; פון זײַן ווײַסקייט רונדיקט זיך אַ קופּאָל, לײַכט ביז דאַנען
גאָלדן-רײַך איבער אַ פּרעכטיקן טעמפּל. „דאָ איז מוריה, אַוו ס׳איז דער בית-המקדש
געשטאַנען״ —

זאָגט זי; און אין איר קול, ווי ס׳וואָלט אַ פּראָטעסט זיך הערן, ער איז אירער-נישט-אירער,
ווי דער פּראָטעסט פון דורות, וואָס זייערע היילקטימער זענען געוואָרן, שפּעטער צי פריִער,
דאָס אייגנטום פון פרעמדע.

און ס׳האָט פּאַסירט, ווען זי האָט דאָס ווענן דער מויער געהערט,
אין איר האַרץ אײַנגעפאַלן פון אומבאַקאַנטער פרייד און ווייטיק; זי האָט געקלערט,
אַז זי קען דאָס אָרט פון לאַנג שוין פון לאַנג, ווי אירס. די הײַזער דאָ, לויטן בליק
צו דער שטאָט, טוליען זיך צופוסנס מוריה, ווי זיי וואָלטן זאָגן: „ביסט, טאָכטער, צוריק
געקומען!״ „טאַקע צוריקגעקומען״ — האָט זי דערציטערט געדענקט און אין שרהן זיך
געקלאַמערט.



די אַלטשטאָט

שווײַגנדיק האָבן זיי געגנידערט און אַדורך דורכן המון, אין געוועלבטן קאַמער,
און אַרײַן אין די געסלעך געפלאַסטערטע מיט שטיינער פּירקאַנטיקע, וואָס פירן
פאַרבײַ די קלויסטערס, די מאָנאַסטירן, וואָס שטייען אַזוי שטענדיק מיט פאַרשלאָסענע טירן,
און אַריבער אין שטאָט, אין די גאַסן געוועלבטע, ווי ס׳וואָלט זיך וועלבונג מיט וועלבונג באַהעפטן,
אין די פאַרשידענע מאַרקן אַרײַן; צירונג-געוועלבער, געווירצן, בשמים-און וויין-געשעפטן,
יאַטקעס, אויף זייערע טירן הענגען אַרויסגעשטעלט אָפּגעשונדענע שאָף, ווײַסע פון שמאַלצן.
יעדע נישע און נישע — איר קרעמער, יעדער מאַרק און מאַרק פון זײַן בעל-בית אויסגעהאַלטן,
בעלי-מלאכות, גאַס-גאַס און איר מאַרק, אָט אַ מאַרק פון טעפּיכער, אָט אַ קליידער-מאַרק.
מיט אַ קרעמער אַ כיטרען, דינגט-קריגט זיך אויפן קול, און אַ געזעמל ווײַבער, שטאַרק
האַלטן זיי אין די הענט זייערע אַ געשטיקטן אונטערראָק, ווי זיי וואָלטן אים צעריסן
אין ברען פון משא-ומתן. אָט איז אַ מאַרק פון קיכוואַרג, שטייט דאָרט אַרײַנגעטאָן אַ שיסל
אין אַ שיסל, קעסעלעך אויסגעקלאַפּטע פון קופּער-בלעך, מיט כל-מיני פליטערלעך גראַווירטע
און מײַנסטערהאַפט באַצירטע.

זיי גייען מאַרק-אײַן מאַרק-אויס, פון געסל צו געסל,
און קומען אין הויפּטמאַרק אַרײַן, אַ מין אייביק אייביק הייס-זידעוודיק, קאָכעדיקער קעסל,
וואָס רוט נישט אײַן, נישט בײַטאָג, נישט בײַנאַכט. די דורכגייער שטראָמען דאָ אינאיינעם
מיט טאָפּלט געפּילדער; ס׳איז ווי אַ רודישיקער וואַסער-פאַל פון מענטש און בהמה,
אַ ציג און אַ לאַם, מיט פריילעך געפּײַקל פון די טלאָען. נזירים אין דער שטראָמיקער מאַסע

טראָגן זיך, ווי גאָטס־געשיקטע פּאָסטעכער; טרעגער פלייצעדיק שווער באַלאָדן מיט משׂא
שרײַען און סאָפּען; ווי קלעצער־זײַלן שטרויכלען זיך זייערע געשוואָלענע פּיס,
און פּרויען שלאַנק־קערפּערדיקע אין זייערע קאָלירן־געהאַפטענע קליידער, פון רויט ביז
ווײַס און שוואַרץ; זיי טראָגן זיך גראַציעז מיטן שטראָם, זעען־אויס ווי פאַרחלומט,
ווי שטומע פאַרשלאָפענע פּרינצעסינס, אַ שנירל קלינג־גלעקלעך בײַ די פּיס אָנגעטאָן, מיט
לאַסט־פּעק פאַרהויבן אויף די קעפּ. מיט זיי גייען־מיט, פון פאָרנט, פון הינטן, קליינע
מוילאייזעלעך מיט תמימותדיקע אויגן, באַלאָדן מיט קאַנען, מיט צווײַגן, מיט נישט ריינעם
אָפּפאַל; די פּיס זייערע, פּיס פון אַ קונצנמאַכער, דינינקע, וווּנדערלעך־פלינקע, נישט קיין קלעפּ,
נאָר אַ פּייקלען פון דריבנע טריטעלעך הערט זיך אויף די שטיינער־גליטשיקע טרעפּ,
אויסגעריבן, אויסגעשטשערבעט, זײַט טעג אויף טעג און יאָרן אויף יאָרן; זיי קענען שוין
אַ גליטש טאָן זיך, אָבער קיין מאָל נישט פאַלן.

אַ ריזן גרויסער שטראָם פון מענטשן
אײַליקע אין געפּילדער, גייט־אַרויף אין טומלענדיקן מאַרק, לאָזן זיך אַראָפּ אין גאַלאָפּ
מיט די טרעפּ צו דער זײַט, וואָס פאַרזינקט אין דער שטילקייט פון געוועלבונג, שטאָק־
פינצטער, סודותפול, שרעקעוודיק. שטיינערנע, קילע נאָס־טוכלע גליטשיקע ווענט,
וואָס פילן־אָן ציטער און דראָזש. אויגן, אויערן, וואָס זענען פאַרטויבט, פאַרבלענדט,
פונעם רעש און ליכט, אויבן אין די מאַרקן, זענען פלוצים שטיל, פאַרטונקלט, ווי פאַרשטעלט.

## פינצטערע געוועלבונגען

איצט האָבן זיך דאַ רחל און שׂרה, פאַרשלונגען פון המון, אַרויס פון אים שוין געקליבן
אין אַ ליידיקן חלל אַרײַן, וואָס דונערט מיט זײַן שטילקייט; זיי זענען דאַ שטיין געבליבן
צעטומלט־פאַרווונדערט, געפּרווּט צוגעווינען די אויגן צום אומהיימלעכן גרוי.
גלעטן זיי די אַנטבלויזטע אייגענע אָרעמס, וואָס די קעלט שרומפּט זיי ציטערנדיק, אַזוי
אַרײַנדרינגנדיק אין די ביינער. דאָ באַמערקן זיי אײַנגעבויגענע געשטאַלטן, געהילט
אין שמאַטעס, אויסגעשטערעקטע, אָדער אָנגעלענטע: שאָטנס מיט פרעפּלנדיקן געמיט,
איינע צו דער צווייטער געטוליעט, אָנגעשפּאַרט אין זײַלן, צי אין שטיינערנעם ווענט־ליק;
אַמאָל גיסט זיך צוזאַמען דאָס מורמלען מיט אַ פּײַפּנדיק שעלעשטש־קוויטש, קענטיק
אַן איבערגעשראָקענע פלעדערמויז, אַ שאָרש אַזאַ פול מיט סוד און שרעק אומגעריכט.

## די יידן־גאַס

זיי זענען פון דער געוועלבטער נאָרע אַרויס צום ייִדישן געסל, דורך אַן עפענונג פון ליכט.

געציילטע גייען דורכן געסל; שוואַרץ־זײַד די לאַנגע בגדים, ווי מען טראָגט אין קוואַרטאַל,
אָדער כּתונת־פּסימדיקע לאַנגע כאַלאַטן, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק־געפלאָכטענעם גאַרטל.
פון אונטער די ברייטע קאַפּעליושן הענגען געדריידלטע לאַקן־פּאות אַראָפּ, נישט פאַרשאָרטע,
לענאויס די שיטערע בערד, לענגאויס די לענגלעכע פּנימער די שיינע און צאַרטע,
ווי קינדער פון חדר, וואָס קוקן אפילו אַזוי מאָדנע, ווי זעענדיק־נישט־זעענדיק,
נישט הייבנדיק דעם בליק, בלויז נאָענט לעבן זיך, ווי אַרײַנגעקוקט אין אייגענער זעל זיך.

די שטיבער דאָ זענען אײַנגעפּאַלענע, ווי טיף בײַ די זײַטן פון געסל פאַרזונקענע.
ווי בלינדע שיקן זיי זייערע שטאַרע בליקן, די קליינע קוקערלעך די פאַרטונקלטע,
דורך משונהדיקע ווינקל־שויבן; בײַ די אַרײַנגענג האַלצערנע טירן צעבראָכענע, אָפּגעשיילטע,
זיי הענגען, ווי מיט נס, אויף די זאַוויעסעס, ווי זיי צייכענען די רשותן די אָפּגעטיילטע,
רשות היחיד פון רשות הרבים, אָבער דער סטעמפּל פונעם דורותדיקן לעבן איז דערבײַ
אפילו אין שטיין פון ברוק אײַנגעסטעמפּלט.
דאָ שפּאַנען אַדורך, ווי פרעמדע, די צוויי.
זיי גייען אַרונטער מיט די אָפּגעריבענע אויסגעשטשערבעטע טרעפּ, וואָס בידערן פאַרהענגלטע
צו די געסלעך אַראָפּ גרעסערע און געסעלעך קלענערע, שמאַלענקע און קרום־געשלענגלטע.

## די קלאַגוואַנט

אָבער פּלוצים האָבן זיי אין גאַנג זיך פאַרהאַלטן, דערשטוינט, גלײַך פאַר זיך קוקן זיי בײַנאַנד.
אָט האָט אַ שטיינערנע וואַנט זיך אויפגעהויבן זיי אַנטקעגן, ס'איז די אַלט־דורותדיקע קלאָגוואַנט.
איר גרייס און הייך דערשלאָגט, בלײַבט שטיין דאָ דער מענטש געפּלעפט, ווי אַפּהענטיק
אַנטקעגן דער שטומער אייביקייט פון די שטיינער. אויך רחל און שרה זענען קענטיק
באַרוישט געשטאַנען מינוטן צי שעהען, נישט געפילט, ווי ס'פאַרלויפט דאָ די צײַט.
נישט געגעבן אויסדרוק דער פאַרווונדערונג, ביז זיי האָבן דערזען באַרוועסע מיידלעך צוויי
רוקן זיך צו צו דער מויער, און אַ קליין פאַרקוועטשט צעטעלע אין זייערע ציטערנדיקע הענט,
זיי טאַפּן־אָן די ריזיקע געטעסעטע אָפּגעהיטענע שטיינער, און מיט ציטער זיך געווענדט
צו קושן זייער גלאַטקייט, דאָס אײַנגעדרייטע צעטל אין די הענט אין אַ שפּאַרונע צו שטופּן,
און הינטערוויילעכס אָפּרוקן זיך. דערציטערט פרעגט רחל וועגן סוד פון צעטל פאַררוקטן
צווישן די געטעסעטע אַלט־אַלטע שטיינער מיט פאַרדומפּטער קלאָגעניש אַצינד.

דאָ איז אַ תּפילה צום אַלמעכטיקן גאָט; ווי אַ פּוסטבענקעלע די וואַנט אים דאָ דינט,
וואָס זעט אייביק דעם מענטשס בראָך און וויי. אָהער ברענגען די גרויסע בעלי־אמונה
דאָס צעקנייטשטע קליינע צעטעלע, וואָס מיט זייער יאושדיק גאַרן פילן זיי אָן עס.
בלינדע, קריפּלען, געשלאָגענע פון גורל, פאַרביטערטע, פאַרפּײַנצטערטע, ווי די נאַכט,
זענען מצרף זייער בראָך, ווי אַ פּקדון צו די איבערבלײַבענישן פון דער חורבער פּראַכט.

שפּאַנען שרה און רחל פּאַמעלעך איבערראַשט, פאַרשוויגן, פון אַלע ווייען דאָ נישט געלינדערט,
מיטן אַראָפּגאַנג פון די געסלעך; באַגלייט זיי לאַנג דאָס קלאַג־געוואָי פון די בלינדע,
ביז ווײַט ציִען און שפּרייטן זיך די תּהומים, דער ביטערער אָפּקלאַנג פון געוויינען,
דורות געוויין, וואָס ווידערקולט אין זייער קלאַג, טראָגט זיך צווישן די שטיינער.



## גיא בן־הינום

זיי גייען און קומען אַרויס צו אַ ווײַסן טרעפּן־פּלאַץ, גייען און גייען און שטײַגן־אַרויף
צו איינס פון די טויערן אין דער מויער. פאַר זייערע פאַרוווּנדערטע אויגן עפענען זיך אויף
טאָלן, תּהומות, וואָס גליטשן זיך שרעקיק איבער די שאַרע אָפּהענג־פעלדזן טיף אַזוי אַראָפּ,

כאַפּט רחל שרהן אָן ביַי דער האַנט, דערשטוינט, דערשראָקן און דערציטערט, ס'נעמט דעם אָטעם איר אָפּ
דער גרויס־אויפגעפּראַלטער טאָל דאָרט אונטן, וואָס דעקט־אויף דעם גאַנצן פעלדזיקן סוד
פון דער שרעקיקער אייביקער פעסטונג, וואָס גערופן מען האָט זי אַמאָל „גאָטסשטאָט".

זיבן־פאַך העכער שטײַגט די מויער דערהויבן דאָ אויף די זײַטן פון טאָל־רוים.
אויף אַ שמאָל שטעגעלע זיי גייען, פון לינקס זיי די מויער, פון רעכטס זיי דער תּהום.
זיי שפּאַנען, מיט פאַרזיכט קוקן זיך אום, גייט איינע אין פוסטריט פון דער צווייטער,
און שפּאָרן זיך אָן אַמאָל אין דער מויער.

זיי פעדערן זיך פּאַמעלעך און גייען ווײַטער.
ווערט ברייטער דער שטעג, ער פאַרלאָזט שוין די מויער, וואָס שיקט זיי צום אָפּשיד פון טאָל
די טורעמלעך־שפּיצן, אײַנגעקלעמט אין איר תּהום, און ס'גאַוהעט זיך דער שטאָלצער קופּאָל
פונעם אויפהייב־געפלאַך, גאַוועט זיך, ווי ער וואָלט דעראָבערט פאַר זיך דעם גאַנצן
צענטער פון וועלט; זײַן סביבה פאַרגיסט ער מיט אָפּשײַנליכט, פאַרבלענדט מיט זײַן גלאַנצן.

## דער איילבירט

צו אַ שטיינערנער פעסטער וואַנט זיי דערגייען, און אָט אַזוי פּאַמעלעך זיי קומען *
צו אַן איילבירט־סאַד, די ביימער מיט רונדיקע קרוינען; זייערע אויגן באַקומען
מילדקייט פון אָפּגעבלאַקעוועטן גרין, שוין מיד זענען זיי צו זען די פליכע פעלדזן־טעראַסן
און די ווײַסקייט פון די שטיין־הײַזער. זעצן זיי זיך דאָ, לענען־אָן די קעפּ געלאַסן
אין שטאַם פון אַן איילבירט־בוים אַן אַלטן.

און דער שטאַם זעט־אויס, אַז אויך ער
פאַרשטיינט איז, פאַרפעלדזיקט צווישן פעלדזן; זײַן חיוּת איז חרוב, דוכט אַן כּוח ער
טראָגט די פאַרהאַרטעוועטע קאָרע, צעאַקערט מיט שפּאַלטן, שוואַרץ־פאַרסמאַליעט פון היץ,
אָבער לעבט מיטן סוד פון זײַנע יוגנט־וואָרצלען, לעבט און גיט פרוכט נאָך איצט,
און פוצט זיך אין בלעטער, ווי ער שפּאָט פון זײַן אַלטקייט, גיט זיך נישט אונטער
דער טרוקעניש דער וויסטער.

און רחל שטוינט איבער זיין חיות, איבערן ווונדער,
דערמאָנענדיק זיך יענעם ווייכן גרין דעם צאַרטן, וואָס מיט בלעטערפּאַל ענטפערט ער אַליין
דעם ווינט באַריר, און מיט צווייפל פון נאַקעטקייט און בראַך, דעם האַרבסטיקן געוויין.
און פלוצים דערפילט זי, אַז יענע גרינקייט פון דאָרטן אַזוי פשוט, איז אַ ביליקע,
אַ לײַכטינקע, אַ פאַרגענגלעכע, אַנטקעגן דער גרינקייט פונעם איילבירט, וואָס האָט אַ ווילקע
דורכגעשלאָגן זיך דורך האַרט־ערד. זי האָט געזען, מיט חוש האָט זי איצט דערזען,
וואָס אַזוינס איז אײַנגלידערן זיך אין דער טרוקעניש, אַ פאַרעקשנטער קאַמף געווען,
און איז תּמיד, צווישן מוז פון לעבן און די אומברענג־כּוחות, וואָס ווילן נאָר פאַרלענדן.
האָט זי דערמאָנט זיך די מעשה מיט משהן, די וווּנדערלעכע־תּמימותדיקע מעשה־לעגענדע,
אַז פון פעלדזן ער האָט אַרויסגעשלאָגן טרונק־וואַסער, הייסט עס: ערד, ווען אפילו סוכע,
וועט זיך דעם קרעמין־שטעקן פון ווילן אונטערגעבן, און וועט ענטפערן מיט ברכה.



## פאַרנאַכט

די זון האָט געגומען זיך זעצן. די רינגען פון שאָטנס נעמען זיך ציִען געהיימער,
איינצונעמען און דעראַבערן די פעלדזן, די פלויטן, די צופוסנס־פּראַכט פון די ביימער,
ווי אין אַ פאַלש־שפּיגל:
האָבן זיך אין זיי געצויגן לענגלעך די גלידער, צעשפּרייט זיך;
און פאַרוואַנדלט פניאַקעס אין שטאַמען, דאַרנס אין קשאַקעס, דאָ און דאָרט גרייטן זיך
זון־פלעקן שפּילעוודיק פאַרדעקן זיי, בעת די זון מאַכט אַזעלכע לעצטע קונצשטיק אַליין
צו איר אָפּשייד. אַ מין גסיסה־קאַנוולסיע פון איר פּראַכטיקן שײַן ביים פאַרגיין.

און ס׳ווײַזט־אויס, די שאָטנס וועלן אײַנגאַנצן איצט באַזיגן די זון, דאָס הויכליכט
וועט אײַנדעקן זיך און פאַרשווינדן, און אָט נעמט אַ פינצטערניש און פאַרקריכט
באַרויִקט איבער דער נאַכטיקער וועלט. אָבער די אַלע שאָטנס נעמען זיך פאַרלירן,
ווי פאַרשעמט פאַר דער הימלישער פּראַכט מיט זײַנע אַלע־אַלע דורכזיכטיקע קאָליר׳ן:
רויט, בורשטין, טאַפּאַז, בלאַ־גרין־און גאָלד, ווי אַ מין אַרעאָל אויף צו באַצירן
די הימלען, און עס באַרירט דער אַרעאָל די גאַנצע לאַנדשאַפט אַרום אַ לײַכטן באַרירן.
און לויטער פון לויטער זענען אין דער דאַזיקער שעה די הימלען, אַז אַ וואָלקן אַ גראָען,
זיי בענטשן און הייליקן די רו, ווי זיי וואָלטן איבערבעטן די וועלט און די ברואים.

די לופט, וואָס האָט געברויזט, געדיכטיקט און געציטערט פון כּל־מיני רעשן, נעמט זינקען
אין רו, איידלען זיך, כאָטש נעם און גלעט זי, אויספּײַנען ביז צום גאַרן, ביז צום בענקען.
האָט רחל נישט געקענט שוין מער דערטראָגן די לאַסט פון טאָג, וואָס איז אַזוי רײַך
אין פאַרבן־געטויש, אין געפילן געברויז, אין איבעררראַשונגען, אין וויזיעס, וואָס גלײַך
האָבן זיי זיך צוזאַמענגעשמאָלצן מיט וויזיעס פון איר עבר, אין אַ ממשות איר ביז שרעק;
בלויז אַ סעקונדע פאַרמאַכט זי די אויגן, און עס שטעלט זיך פאַר איר די מוטער אַוועק,
ווי זי האָט דאַן אַנטשלאָסן געזעגנט זיך מיט רייד פאַרשטיקטע; און רחל דערמאָנט זיך
אין אירע וואַנדערונגען, באַהעלטענישן, אַנטרינונגען, און שינעס און באַנען דערקאָנט זי;
זי זעט דאָס אויסגעהאַקטע אויג דעם שומרס ביים באַן־פענצטערל, און דודן דעם צילער,
איר חבר און פרײַנט, אַ צעריסענעם פון די הינט. און לעבעדיק שטייען איר פיל מער
די קינדער פון די וועלדער, ווי אַן אכזריותדיקע צויבער־לענטע אויסגעטיילט זיך,
אויסגעשיילט זיך פון איר אייגן פלייש און בלוט, געשמאַרצט האָט, נישט געהיילט זיך.
האָט זי זיך אַנגעלענט אין שׂרהן, און פּלוצים אויפגעציטערט אין געשטיקטן געוויין;
געשעפּטשט: „ביין, קיין מאָל שוין וועל איך פון דעם נישט קענען זיך באַפרײַען, אַ ניין...״

## פאַרנאַכט אַנטשפּאַנונג

פונדעסטוועגן האָבן געפלאַצט און אַרונטערגעפאַלן פון איר נשמה די העמונגען־רייפן,
און ס׳זענען אויסגערונען די זכרונות פון דערפרעסונג, דער קוויל געשיכטעס, און הייפן
פּרטים פון שוידער, ביז איצט בלויז גדן דערציילט, בלויז מיט אַ טייל אויפגעדעקט זיך
אין אַ וויליקער חברשער שעה, און מיט צוריקהאַלט פון בושה.
פאַר שׂרהן אַנטפּלעקט זיך

אַ תהום, איַינגעבראָכן איז דער צלם פון מענטש, דער תמימות־צוטרוי קען זיך צו אים נישט
דערוועקן
דוכט קיין היילונג נישטאָ פאַר די ווונדן, מיט הויט זיי וועלן זיך שוין נישט באַדעקן.

ווי אין דער שטיל דערציילט זי, איין וויי־געפעכט, ווי נישט איר׳ס דוכט איר כסדר;
האָט שׂרה זיך איַינגעהערט, טיילמאָל צעכליפּעט זיך אַ פאַרכאַפּטע אינגאַנצן אין שוידער.

ס׳איז דאָס טאָגליכט פאַרגאַנגען. דער דורכזיכטיקער אָרעאָל האָט פאַרבלאָסט, זיך צעגאַנגען,
און רחל האָט אַלץ נאָך דערציילט וועגן זיידן, וועגן דער מוטער — ביז ר׳איז פאַרגאַנגען
מיט גרילן געגרילץ, וואָס לאָזט קוים זיך הערן, ערגעץ נאָענט, ערגעץ וויַיט, אַן סוף
פאַרגעבנדיק, מאָנאָטאָן, נאָך פון בראשית אַן שטילט דאָס גרילצן זיך נישט איַין, הערט נישט אויף.

האָט די מומע אירע אָריַינגעקלערט אין איר זעכצטן יאָר, זעכצן פרילינגען, וואָס זענען
געוואָרן צעשטערט, איַינגעבראָכן, ווי חורבות איַינגעלייגטע, און גאַנץ זיי קענען
מער נישט פונאַנדערוואַקסן, און פול צעבליִען זיך.
איז רחלען שוין קלאָר איצט געוואָרן,
אַז זי האָט אָרונטערגעוואָרפן פון זיך און אָרויפגעלייגט דעם רוב לאַסט אויף שׂרהן.



לבנה־בענקשאַפט

פאַמעלעך האָבן זיי אויפגעהויבן זיך, און אַרויס צום שאָסיי צום ברייטן געַנומען פאַרזוכן,
פאַרפלייצט איז ער מיטן כישוף־ליכט פון לבנה, וואָס קומט פינצטערניש ברכהדיק באַזוכן.
דער זעלטענער גייער אויף דער גאַס אין קדושה פון איר ליכט און איר סוד, פילט
זיך, ווי אויסגעטאָן און אינדערוואָכן; ער גייט פאַמעלעך, בליַיבט אויך שטיין פאַרשטילט,
ווי דערשלאָגן, און האַלט־איַין דעם אָטעם אין קלאָרן שיַין פון יעדן פעלדז געוויַיסטן,
אין יעדן שטיין פון מויער און הויז. און יעדעס געשטאַלט איז ליַיכט, ווי דערלייזט
פון ערדישער לעבנס־שווערקייט. ווי שאָטנס לויכטנדיקע שפּאַנען זיי, גייען פאַרביַי
אין דער דאַזיקער זילבער־ווונדער־וועלט, איינעם נאָכטיק שטיל וויַיסן ווונדער־געשפּריַי.
אויך שׂרה און רחל איבעראַשטע — זענען גאַנץ פאַרצויבערט פון לבנהקן ליכט־שיַין,
וואָס דרינגט־דורך און פאַרכאַפּט די נשמה, באַרויִקט די שטורעמס, שטילט זיי איַין,
שטורעמס, נישט מער ווי הבל־הבלימדיק און פאַרגענגלעכע, רעשיקע בלאָנדזשעניש בלינדע
אין דער דאַזיקער קלאָרקייט פאַרשוווּמען, ווי נישט געווען, פאַרשטומען, פאַרשווּינדן.

די שקיעות אין ים

פאַמעלעך זענען פאַרגאַנגען די טעג, און רחל געווייַנט זיך שוין צו צו דער שטאָט,
און באַקענט איר כאַראַקטער, אירע אַנדייַטונגען, די רמזים פון פאַרהוילעניש און סוד,
וואָס מישן זיך מיטן אָפענעם אינדערוואָכן. אַ שטאָט אַ מאָדנע, פאַרשיכורט מיט פּערפיומען
פון איר אַטמאָספער דער לויטערער־ליַיכטער, מיט וויזיעס ווונדערלעכע, וואָס קומען

פאַרהאַלטן דעם אָטעם מיטן כּוח פון דער פּראַכט.

האָט רחל ליב געהאַט אַרומגיין אין איר,

אין אירע קרומע געסלעך, אויף די אַרויפגענג און אַראָפּגענג, אויך אַרויסגיין אויף שפּאַציר

צו נאָענטע היגלען, דעראַבערן זייער שטאָלצע הייך און זייער האַרטנעקיקן געצאַם,

ביזן לעצטן שפּיץ זייערן, פון וואַנען עס זעט זיך פון ווײַטן דער בלאָער שפּיגל פון ים.

ביז דאָס בלוי פאַרוואַנדלט זיך אָוונט־אָוונט אין גאָלד, אין רויט, און דערוועקט אינטים

זיסע בענקשאַפט אין דער־אָ שעה, ווען די זון זעצט זיך טיף און טרענקט זיך אין אים

און פלעכט צום אָפּשייד הימלישע פלאַמען, ליכטער צעגאָסענע אין הויכשײַניקע־פּאַסן,

און מיט דורכזיכטיקע וואָלן דעקט זי זיך אײַן.

נעפּלען ראַזלען זיך און פאַרבלאַסן,

פאַרגייען אין דער דאַזיקער אָוונטיקער רו, אָפּגעבלאַקעוועט פון גוססדיקע פאַרבן

אין קילן גרוי פון מזרח־זײַט הימל ; זיי טרעטן הינטערווײַלעכס אָפּ, און ס׳שטאַרבן

באַרויִקטע פאַרנאַכטיקע ליכטער. פלוצים שלינגט זיי צוגעפּאַלענע פינצטערניש אײַן

אָן רחמנות. קערט זיך רחל פון דאַנען פאַמעלעך אום, און קומט אין שטאָט צוריק אַרײַן.

איר האַרץ פילט־אויס אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך איר מוטער, און אַ פאַנטאַזיע שוועבט נאָך

אין די בערג איר : די מוטער באַגלייט זיי.

און אפשר, און אפשר, די מוטער זי לעבט נאָך ?

# אחרונים

פון אונטערגייענדיקער וועלט האָט אַ דור זיך געריסן, מיט ליידיקע הענט, זיך באַפרײַען.*
די דעגענערירנדיקע יאוש־ירושה האָבן זיי מיט כוח פון זיך אַראָפּגעוואָרפן, זיך באַנײַען,
זיך אַנטלאָסטן, ווי בראשית דעראָבערער, פון פּענטנדיקע קייטן פון עבר־זײַטן, פאַרשטיין
מבטל צו זײַן די לאַסט פון אָנגענומענע דעות, אויסגעהוילט פון תּוכן, און מקיים געווען
בלויז ברודערשאַפט. אַרונטערגעוואָרפן פון זיך זיטן־פאָרמען ווי אויסגעהוילטע שטיקער
שאָלעכצער, דורכגעפירט אַ מעסער אַ שאַרפס, אויף אָפּצוטיילן דעם טפל פונעם עיקר.

זיי זענען אָן גאָרנישט צום גאָרנישט געגאַנגען, אַ לעבן זיך קלײַבן — זאָל זײַן וואָס זאָל זײַן.
און צום באַריר פון זייערע מאַגענדיקע הענט אויף נאָכצוגעבן, האָט די וויסטע דערשטוינט. קיין
ווידערשטאַנד פון איר פאַרחתמעטער בתולימשאַפט נישט געשטעלט, דערוואַכט געענטפערט מיט גרעסטער
פאָלגעוודיקייט דעם דעראָבערנדיקן קלאַפּ; האָט זי, די וויסטע, געפּרוכפּערט זיך לויט די בעסטע
פאַרקנסונגען; אויפגעקוועלט מיט קירשטאָל־קלאָרע קוואַלן, דערוועקטע אין איר שויס.
גענייגט איר ווידערשפעניקן רוקן די בייטן־אויפשפּאַלטער, זיך אונטערגעבן, און אויס
עקשנטע, באַפרײַט פאַרהאַלטענע־באַהאַלטענע מקורות, אַליין פון זייער קראַפט־זאַפט געניסן,
און לעבן מיטן בלוט פון די לעכצער נאָך פאַטערלאַנד.
זייער לעצטן גלויבן אַרויסגעריסן
פון די חורבות, אויך עס באַוויזן: זיי האָבן דעם גײַסט אין רידלס פאַרוואַנדלט מיט מי,
זייער זעל — אין שאָסיי־האַמער, דעם ווילן — אין שטאָל. געוואָרפן זיך מיט ברען און גלי
אויף זייער מולך־מזבח, און ס'לעבן פאַרוואַנדלט אין אַ שמעלצטיגל, אויף צו סטאַיען
צו פאַרברענען דעם דערוואַכן.

און ס'איז זיי געלונגען אַרויסצורײַסן דעם יש פונעם אַין.
האָט איבערראַשט זיי אַליין די געניטקייט פון זייערע הענט, הענט, וואָס האָבן אַלץ געקענט,
ווײַל הײַזער האָבן זיי געשטעלט, בריקן געלייגט, און וועגן האָבן געפלאַסטערט די הענט,
אויך אײַזן געשמאָלצן און שטאָל, געגאָסן שרויפן כלערליי, שרויפן גרויסע און קליינע,
צוואַנגען און כּל־מיני טשוועקעס, קליינטשיקע שפּילקעס, פּרעציזע שפּילקעלעך פײַנע,
דינינקע מיט לעכערלעך, אויך שווערע כּלים: קאָמפּרעסערס שווערע מיט וואַל־ראָד,
געראָט

זייער ווילן און טאָט ווערט אַן עקזיסטירנדיקער יש, האַרעוואַניע און מי
וועט נישט אַנטוישן, זייער שוויס, — נישט אומזיסט, אומעטום ווי זיי האָבן דעם הי
זיך געמאַכט, איז ער פאַר פלאַנטאַציע, פאַר וואַרשטאַט, פאַר בוי, האָט זיך די
וויסטע זיי געשטרעקט פאַר די פיס, פאָלגן געהאָרכזאַם זייער באַפעל און מאַכט, אַ דאַנק אָפּגעבן
דעם אויפוועק, דעם בלי, נאָך לאַנגע שמיטה־יאָרן, טרוקעניש און וויסטעניש, און דורשט נאָך לעבן.

ווי בראשית-קינדער, ווען די זין זענען געבוירן געוואָרן, אין דער אַטמאָספער און זונען
פון פאָטערלאַנד, דעם הענט-אויסגעלייזטן, זענען זיי געוואַקסן אַן געסלעך אין דער נשמה,
בלויז אויף גראַדיקן וועג, נישט אין סודות-ליכט, ווי אויף דער פלאַך פון האַנט, ס׳הייסט
אָפן פאַר די אויגן. געוואַקסן מיט אייגענער קראַפט, ווי בלומען אין פעלד, און זייער גייַסט
האָט פון קיין שום פאַלש נישט געוווסט, נישט געזוכט באַשיצן מיט באַטראַג, נישט געהערט
צו די חונפים, נישט צו די ליגנער.

ווי דער בוים, דער בוים, וואָס זייגט פון פעטער ערד,
האָבן זיך די צווייַגן זייערע צעזונגען, געשטרעקט צום הימל אַרויף זייערע קרוין־קעפּ,
און געדיכטעוועט זיך ברכהדיק, אייַנגעהילט און באַפּוצט מיט גרינקייט יעדן שטשעפּ,
יעדן בלאַט ; ס׳האָט זיי קיין שטרענגער פלעגער נישט באַשיצט, כדי זיי צו פאַרבעסערן,
זיי זענען געוואַקסן, און דער באַטירלעכער טוי און רעגן האָט געטאָן זיי באַוועסערן.

זענען שוין די געבוירענע אין לאַנד אויסגעגליכן אַרומגעגאַנגען, אין באַדן שטאַרק פאַרוואָרצלט
געזען האָבן זיי די עלטערן זייערע באַשיצן יעדן שפּאַנערד, אויסגעשטיינערט, אויסגעקאָרטשעט,
און האָבן געלערנט, ס׳איז פונסנייַ דאָס פעלד, וואָס פאַרניכטעט געוואָרן פון שונאס פייַער
פאַרזייט געוואָרן ; אויפן אָרט פון יעדן קוסט וואָס אויסגעריסן איז געוואָרן, פאַרפלאַנצט איז
**אַ נייַער.**

זיי האָבן געזען, ווי מ׳שטעלט-איין דאָס לעבן פאַרן כבוד, בייזווייליק פאַרשוועכטן,
איז שטאָלץ יעדער זון מיט זייַן פאָטער, און גרייט צו שטיין מיט אים אין אַלע געפעכטן.

אַ מעשׂה מיט אַ קינד אַ פינף־יאָריקס, וואָס האָט נישט געוואָלט שלאָפן־גיין, וועןביידע,
די טאַטע־מאַמע, זענען אַרויס אויף דער שמירה ; ער איז דאָך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר
**באָבע־זיידע,**

וועט ער זיי היטן.

ס׳האָט דער שלאָף אים באַזיגט.

האָבן די עלטערן אין טויער אים געפונען,
ווען זיי זענען צוריק, מיט אַ שטעקן צווישן די פיסלעך. ווען זיי האָבן אים אין בעט גענומען,
און ער דערוואַכט האָט און די עלטערן דערזען, האָט ער געשטאַמלט פאַרשעמט, נישט געוווסט
צומאָל :

,,ווי האָב איך אויף דער שמירה פאַרשלאָפן — ס׳איז דאָך לא ינום ולא יישן שומר ישראל ?!״

געוואַקסן זיי זענען מיט נאַכטיקע שושקערייַען, מיט געקלימפּער פון באַהאַלטענעם געווער.
זיי האָבן נאָכגעשפּירט און געזען דאָס שטרענגע פּנים, דאָס פּנים דעם טאַטנס, דאָס שווער
פאַרהאָרעוועטע פון דער טאָג־מי, ווען ער גייט מיט ביקס אַרויס היטן זייַן נחלה, זייַן כאַטע,
פלעגן זיי שווייַגן אויפגעברויזטע. און ווען ס׳פלעגט טרעפן : ס׳איז צוריק דער טאַטע
נישט געקומען, פלעגן זיי נישט פאַלן באַוויינען אים ; ווי דורך אַ געהיימען באַפעל זיך צו הענען,
נישט באַוויינען אַ שומר וואָס פאַלט, אויפהייבן ס׳נאָך הייסע געווער, זייַן אָרט דאָ פאַרנעמען.

געוואַקסן אַזוי, סײַ אין דאָרף, סײַ אין שטאָט, דורכגענומען מיט העלדישקייט, טאָג־טעגלעכע,
נישט באַרימען זיך, נישט אויספּײַנען זיך, אָן הבלים־צויבער, אָן פֿאַנטאַזיעס כלערליי מעגלעכע,
צו פֿאַרבלענדן זיך, און אַנדערע, ליב האָבן און אויך פֿײַנט האָבן זענען זיי אומשטאַנד,
נישט פֿאַרשטעלט, מיט אַן ערלעך האַרץ, פֿאָלגן פֿאַרנונפֿטיקע באַפֿעלן אָן מינדסטען ווידערשטאַנד,
זאַכן, וואָס לייגן זיך אופֿן שכל, אָבער נישט פּרוּוון איבערצײַגן, זיך אַרויסדרייען פֿון זיי
אכזריותדיק אין זייער פֿעסטן באַשלוס זענען זיי, אָן שום אָפּנייג, ערלעך און פֿרײַ.
נישט קלעטערן צו די הייכן פֿון דער לאָגיק, צו דעם סתם אינטעליגענטערישן וויסן;
זיי האָבן ליב דאָס לאַנד, עס באַקענען, זײַן געשיכטע, די וועגן און שטעגן, די טײַכן וואָס פֿליסן:
געגנט זײַן געשטיין באַקענען, אַלע זײַנע פֿאַרמען; יעדן פֿויגלס קול און פֿליגל־געפֿאַך,
זײַן נעסטן זיך; אַלע לאַנדשאַפֿטן, געוויקסן און בלומען; ס'איז זייערס דאָס לאַנד דאָך!
ווי געזויגן זײַן מאַרך, זענען זיי ברידער די בלומען, שיין דאָ אויף דער ערד אויפֿגעגאַנגענע.

מיט זיי האָבן זיך דעם דורשט צו מוטער־ערד געשטילט דאָ אומבאַקאַנטע דורות פֿאַרגאַנגענע.

צום גלות האָבן זיי פֿרעמד זיך געהאַלטן. זײַן תּהומיקן חלל, ווי פֿאַרשלונגען, פֿאַרלוירן,
ער איז קירצער געוואָרן אין די אויגן פֿון די ייִנגלעך, אײַנגעשרומפּן, מיטן לײַדן און גורל
דינט בלויז דער גלות זיי אַ משל פֿאַר דערנידערונג, פֿאַר קנעכטשאַפֿט, פֿאַר בזיון און שאַנד,
פֿון אַ פֿאַלק אָן אומווירדיקס, אַ שפּלדיקס, אָן אויסגעוואָרצלטס פֿון זײַן ערד, פֿון זײַן לאַנד.

אָבער, ווען דערגאַנגען איז די בייזע בשׂורה: ס'ווערט פֿאַרניכטעט צווישן פֿעלקער דער גלות,
האָבן זיי זיך צאַרנדיק דערוועקט, צעשטורעמט זיך, צעווילדעוועט אויס רחמנות,
און אַרויס פֿון זייער שלווהדיקן קרייז: געלאָזט זיך דורך דער לופֿט, דורכן ים, ווען
אפֿילו בײַ די האָר אַרויסצושלעפּן די ברידער פֿון אומקום, פֿון פֿאַרניכטונגס־קלעם.*

## ערשטער צוזאַמענשטויס

ווען רחל האָט מיט זיי זיך צוזאַמענגעטראָפֿן, ווי דער ערשטער אַנטרינענער פּליט פֿון „דאָרט‟
האָבן זיי אין איר דעם הויכפּונקט פֿון לײַדן געזען מיט אַ הילע פֿון קדושה, מיט אַ מין סאָרט
ליבשאַפֿט זי פֿאַרפּלייצט, אַ ליבשאַפֿט אַ מאָדנע, וואָס פֿאַרמאָגט האָט אין זיך נײַגיר אַ ביסל,
און אַ סך רחמנות אַרויסגעוויזן איר, האָט איר אָפּגעשטויסן די שפּע באַדויער, וואָס זיי גיסן,
און זיך אָפּגעטרײַסלט פֿון דעם. אין זייער געזונטן געפֿיל און כּוח דערזען געוויסע מאָסן
פֿון פֿלאַכקייט, באַרימערישע קינדער. האָט זי זיך עקשנותדיק אין איר שטאָלץ אײַנגעשלאָסן,
אין איר אײנזאַמקייט. ס'האָט געדויכט, אַז אַרויס פֿון איר תּחום זענען נישטאָ שוין קיין טירן.
זי וועט נישט נאָכגיין דער לײַכטקייט פֿון די אין איר עלטער, דעם־אַ אַרט רעדן און פֿירן.

אָן לוסט האָט זי געלערנט, און האָט זי מצליח געווען, פֿלעג אין איר קיין פֿרייד־פֿונק נישט
צעברענען
דאָס דערגיין צו אמתן. איר דוכט, עס וועט שוין מער גאָרנישט איבערראַשן זי קענען.
די ליטעראַטור מיט וועלכער מען האָט זי געשטאָפּט, איז איר איבעריק און נישטיק געוואָרן,
זי ראַטעוועט עפּיגאָנען פֿאַרעלטערט פֿון לאַנג, אין פֿאַרשירט פֿון וועלט זיך פֿאַרלאָרן,
בלויז אײַנגעפּאַסט אַ ליידיק שיינוואָרט אין איר, וואָס וויל צו דיכטונג זיך גלײַכן.

האָט רחל זיך דערמאָנט אין טאָן פון לאָגיק און ליד, פאַרשיכּורט געלערנט, נישט צו פאַרגלייַכן
יעדן פערז דאָרט מיט זייַן שאַרף־האַרבן טעם, צילט גלייַך אין האַרצן אַרייַן, איז וואָך,
און רייַסט זיך אָפּצושאָפּן, פאַרווישן, אַלט־פאַרפוילטע סטעראַטיפּן אויפגעקומענע אַ סך.
און אפילו דאָס, האָט זי פון לאַנג שוין אין קאַלטן גלייַכגילט דערטראַנקען, פאַרזענקט,
עס קאָן שוין מער נישט באַגייַסטערן איר נשמה, אין איר געוואָרן איז די אמונה פאַרדרענגט.

## דער ספר הספרים

ביז ס'האָט, אויף צו היילן איר נשמה, אַ שלאָג געטאָן די פּראַכט פון ספר הספרים,
דער סוד פון פשוטן אמתדיקן אמת, מיט נאַקעט אכזריותדיקער שיינקייט צעשטורעמט.
זי טויכט אין די לאַבירינטן פון זייַן חכמה, טיפער פונעם ים איז די־אַ אייביקע חכמה,
געשלונגען זי אָן אויפהער, נישט געשטילט זיך, וואָס מער געטרונקען, פאַרדורשט זיך נאָך מער.

אין פלוג זענען נאָיִוו די געשיכטעס, רעגן־אָן בייַם מענטש אַלע שטאַרקסטע פאַרלאַנגען
אויפצודעקן פאַרהוילענעם ווען, אין זייער פּלאַנט זייַן נשמה ווערט געפאַנגען.
געשיכטעס וועגן די אבות און זייערע קינדער, קנאות און שׂנאות און אַטאַוויזם,
גלייַך־געזעצע פאַר אַלע, — קוים פאַרזינדיקט דער קעניג, די שטראָף אויך אַנגעגרייט איז אים:
טרייסט־רייד פאַרן עקספּלואַטירטן, אַ שווידערלעכער שטראָף־געזעץ פאַרן עקספּלואַטאַר.

אַ שטאָלצער ווונדער האָט זיך רחלען אַנטפּלעקט, ער גיט חיות די וואָרצלען פון ערשטן
טאַטע־דור
ביזן לעצטן, האָט ער אַלע ריסן פאַרריכט, אַלע טיילן פון פאָלק האָט ער נישט נאָר טיילווייַז
פאַראייניט, נאָר אין איין גאַנצקייט, דעם רויט־שולד־פאָדעם געבליכט ביז אויף שנייוויַיס,
מיט נחמות פון רחמים. דעם אָרעמאָן האָט ער פון דער טיף־געפאַלנקייט דערהויבן,
געמאַכט פאַר נשיאים זיי, אַרבער פון לאַנד, ווי האַלעוועשקעס געפירט זיי דורכן בויגן
פון יסורים־וועגן, איבער שווערקייט פון לאַנד, געפירט זיי זיכער און צו גוטס,
ווייַל געוואָרן ער איז זייַלן פאַר זייער דענקען, דערהאַלטן זייער חיות און מוט.
ער האָט אָנגעצייכנט דעם וועג פאַרן פאָלק, פאַרהיטן עס, לויט זייַן ווילן, בעל כרחו;
האָט רחל פאַרשטאַנען דעם סוד פון פאָלק, אַז אויך זי לעבט בלויז מיט זייַן כּוח, און
מיט דער אייביקייט זייַנער, אין שפּיץ פון אירע שׂמחות געשטעלט אים, געמאַכט אים אַ חותם
און צירונג, און שטענדיק אין אים זיך פאַרטיפט.
פאַרשטאַנען: אויך איר איז ער אויסן,
דער ווונדער, דערהאַלט זי אויף פאַרהוילענע וועגן, כלל נישט געאַנטע.
דעם טעות פאַרריכט
האָט זי: פאַרטיפט זיך צו זוכן די קנופּן געהיימע צווישן אמת, געשענקט האָט טרייסט־ליכט
די פאַרוואָגלטע, די געיאָגטע און געפּלאָגטע, אויפצוהיטן זיי שלמותדיק, ווי אָן אומה,
און צווישן דער ערלעכקייט פון דעם נייַעם אופקומענדיקן דור, דעם ערשטלינג־זון פאַר גאולה,
זיי האָבן אויפגעגרינט, ווי בלעטער אויסגעפּיקט אויף אַן אַלט־אַלטן איילבירט, אַ שטאַמען פולער
צעריסן פון בליצן, וואָקסט געקלאַמערט אין האַרט־טרוקענעם געשטיין, די קרוין געבויגן,
ווי טויט, אָבער באַוויזן האָט ער צו לעבן, מיט געטיפטע וואָרצלען זייַן חיות צו זויגן.

האָט זיך רחל צוריקגעצויגן פון צו שפּעטן פון די ספרים, וועלכע זי האָלט פאַר נישטיק,
פול צעפּלאָפּטע שטאַרף־רייד און ווערטער; איצט האָט זי געזען זיי, ווי אַ מיטל אַ ריכטיקס
פאַר אַ דערוועקטן אויסדרוק פון אַ שטאַמלער, וואָס פאַרשטילט און פאַרשטומט איז געוואָרן,
וואַכט־אויף פון זײַן לאַנגער שטומעניש, און ס'מאַכט פאַר זײַן אויסדרוק דער דור אים.



## כרמים לאַנדשאַפט

מיט די יונגע פון איר עלטער האָט זי זיך ערשט איצט ריכטיק פאַרבונדן, און פריידיק
אַנטפּלעקט צווישן זיי חברים געטרײַע, ווי גד און שאול, אירע אַמאָליקע חברים ביידע,
וואָס וועלן נישט פאַרזאָגן, נישט פאַרשטעלן, ריכטיק זיך פירן, קרומע וועגן וועלן זיי מײַדן
וואָקאַנץ־צײַט גייט זי אַרויס מיט זיי צו דער אַרבעט, אַרבעטן פרײַוויליק אין די כרמים,
אין די פעלדער, זיך אָנשליסן אָן די ערד־אַרבעטער, וואָס צו דער אַרבעט מידע זיי קומען
פון נאַכטיקער שמירה צו טאָגיקער שווייס־מי. זי האָט געזען זייערע פּנימער פאַרצויגן
פול קנייטשן, פאַר דער צײַט נאָך, אָבער ווי רויִק טוען קוקן זייערע אויגן.
האָט זי געלערנט זיך שטיין מיט זיי און שלינגען די ברכה פון פעלדער און פון גאָב.
וואָס רויבן אַוועק דעם כוח בײַ זיי, אָבער טויזנטפאַכיק מיט גוטער שפע צאָלן זיי אָפּ,
מיט פולער אָוונטיקער רו, ווען מען קערט זיך אום, אויפן אַקסל די ווידלע און פּיאַש,
פונעם כרם, פונעם גאָרטן, אײַנגעטונקען אין שלווה, וואָס טריפט שטיל אָן רויש
איבער זיי, איבער די פעלדער, איבער דער וועלט. מיט פריילעכן געהילך פון ליד,
וואָס טראָגט זיך צעשפּילט איבער פרוכטיקע פולע בייטן, הערט זי דאָן, ווי ס'פאַרציט
זיך די פרייד פון לעבן, וואָס פליסט־אַריבער זײַנע ברעגעס מיט זינגעוודיקער שפע אַ סך.

טרעפט אַמאָל אין די נעכט, ווען זי ליגט אין געצעלט פאַרטראָגן אַזוי וואָך־נישט־וואָך,
הערט זיך אײַן אין דינער שטילקייט, וואָס ליגט אויפן ברייט־ווײַטן ישוב אין סאַמע
שלאָף און אָטעמט שטיל און ברייט אויף דער ברוסט פון דער ערד, וואָס איז מאַמע,
נעמט אויך איר אַרום די שטילקייט, די גלעטנדיקע רו, דער־אַ נאַכטיקער זעלטענער רו־גנאָד,
וואָס הילט אין שלווה שלאָפעדיקע אײַן; שלאָפט שטיל אײַן אויך זי איצט באַרוט.

## „דער זיידע' *

דאָ האָט זי אַ מאַן אָן אַלטיטשקן באַקענט, נאָך אַ ביסל און הונדערט יאָר ווערט ער אַלט,
נישט אָפּגעשטעלט ער האָט זיך פון דער אַרבעט זײַנער, פון דער טאָג־טעגלעכער מי נאָך האַלט
זײַן העמד דעם שווייס אין אײַנזאַפּן; די שטאַרק־פאַרהאַרטעוועטע הענט גלײַכן נאָך אויס
סענקעוואַטעביימער, מאַכן די זאַנגען אויפגיין פולער, געדיכטער, פעטער און גרויס,
מיט דער חכמה פון אַ פויער אַ געניטן.

די לאַנגע יאָרן, וואָס געווען אים באַשערט,
האָבן באַרײַכערט זײַן וויסן, און וועטער־קענטעניש האָט זיך געזאַמלט בײַ אים, זיך געמערט.
די אַלע קונצשטיק פונעם רעגן ער קען: „פאַרשפּעטיקט, אָבער קומען, קומען, וועט ער דער
עקשן...

ער קען דעם סוד פון יעדן דאָרן, יעדן וואָרצל, יעדעס טרוקן גרעזל, זײַן אַרט וואַקסן,

און אויך רפואה־סאַקן אַרויסבאַקומען פון זיי קעגן שלאַנגען־און סקאָרפּיאָנען־ביס,
פון געביסענער בהמה עס דערלערנט. ער האָט נאָכגעשפּירט אויפמערקזאַם אירע טריט, ביז
אַנטפּלעקט; זי היילט זיך מיטן גרעזל דעם איינעם, דורך איר אַליין אויסגעוויילטן
פון צווישן טויזנטער גראָזן; האָט ער אויך פון דעם דאָזיקן גרעזל אויסגעשיילט
די רפואה. אים זענען די מנהגים פון די שכנים גאַנץ קלאָר, זיי בוקן זיך אים באַגריסן,
ווײַל ער העלפט זיי אַרויס אין דער נויט, פון די רפואות, וואָס ער מאַכט, טוען זיי געניסן.
ער דורשט נאָך לערנען און וויסן, די אומוועגן פון דער עקסיסטענץ צו פאַרשטיין,
ער פאַרלײַדט קיין בטלנות נישט: „אַ רעכט צום לעבן האָט בלויז דער וואָס אַרבעט אַליין" —
אַזוי פלעג ער דערקלערן זײַן רעכט, זײַן דבקות צום לעבן, ווײַל ער האָט עס געוויס
דעראָבערט מיט אייגענע הענט, האַרטער פון האַמער: וועט ער זײַן ברויט נישט עסן אומזיסט.

וואָד, אָפן פאַר אַלץ, האָט ער, דער זיידע, רחלען אַדאָפּטירט, זאָרגפעלטיק זי מצרף געווען
צו די פיל אייניקלעך און אוראייניקלעך זײַנע; באַקענט יעדן איינעם און מקרב געווען,
מיט זײַן חכמה און עצה באַוווּסט זיי געמאַכט, סײַ אין גרויסע, סײַ אין קליינע ענינים.
פלעגט ער זיצן מיט זיי, פּינטלען מיט די קלוגע אויגן זײַנע, דערציילן, שעהען אים
נישט נימאס געוואָרן, מעשיות באַלערנדיקע, עס זאָל די שאַרפסטקייט פון זייער נשמה
גלאַטיק ווערן, מילדער ווערן פאַרביסענע בליקן; זענען טאַקע די אַלע פּנימער שטומע
אָנגעשפּאַנט צו פאַרנעמען די רייד זײַנע, באַרויִקטער און מילדער געוואָרן ביז פרײדיק,
ביז גוטוויליקן שמייכל פון נאָכגעביקייט, ווערט אײַנגעשטילט אין האַרץ זייער ווייטיק.

אויך רחל איז מילדער געוואָרן אין אָנבליק פון דער שפּרודלדיקער מילדקייט דעם זיידנס,
ווײַל ליב האָט ער דאָס לעבן געהאַט, גענומען עס — נישט פאַרמיאוסט, נישט מיד פון לײַדן, —
פונעם שורש אָן. האָט רחל אויף אַ לענגערע צײַט אים פאַרלאָזן, פלעגט זי אָמיינסטן
קלערן וועגן אים און פון זײַנע דרכים, די מיט פּשוטער חכמה, לערנען זיך טרייסטן.



אַלטע באַקסנביימער

מיט די חברים פון איר גרופּע האָט רחל געוויילט דאָ אין דער גריניקער נחלה,
וואָס שטייט אויף אַ היגל אַ גרינס, געטוליעט צופוסנס די בערג* מיט איר רחבות.
צווישן באַקסנביימער צווישן נוסביימער און איילבירטן, טײַען זיך די הײַזער, טריפן
שלווה אויף די פּנימער די אָפּגעברענטע, צעאַקערטע פון קנייטשן אויף קנייטשן געטיפטע,
בעת זיי רוען נאָך געבענטשטער האַרוואַניע.

ווי ליגט די באַקסנביימער נאָך אין זכרון
דאָס היגל דאָס גרינע, ווען ס'איז וויסט נאָך געלעגן תקופות און יאָרן אויף יאָרן.
ווען ס'האָט דאָ אַ חורבה, אַ פאַרלאָזטע פאַר רויבער, אין די ווינטער־נעכט אין די קאַלטע
געגרייט אירע שטיינער פאַר שרעקיקן טונקל, אָנפאַלער אויף וואַנדערער בײַ זיך דאָ געהאַלטן,
און געלאָזט נעכטיקן אַ פאַסטעך, ווען אין ציטערדיקער שויס אַ ציגעלע ער גלעט דאָ.

זיי געדענקען די ערשטע יונגעלײַט, וואָס זענען צו דער חורבה געקומען, זיך באַזעצט דאָ,
טעג ווי נעכט האָבן זיי די געלאַדענע ביקס פון די ייִנגיקע אַקסלען נישט אַרונטערגעלאָזן.

פֿאַר יעדן פּרוכפּערדיקן טראַט גראַנגלט זיך, ס׳האָט געטראָפֿן און געמוזט אויך פֿאַרלאָזן
פֿאַרצווייפֿלט דאָס אָרט, אָפּטרעטן פֿאַר די האַרמאַטן און קאַמפֿן, און ווידער דראַבערט געוואָרן
צו זײַן זייער נחלה, פֿאַרוואָרצלען זיך דאָ, אויפֿגיין, געדײַען, אין לויף פֿון די יאָרן.

און דער באַקסנבוים געדענקט דעם פֿאַרראַט פֿון אַ פֿרעמדן אָפּיצער, מיט זיסע רייד זיך
פֿאַרשטעלט
און פֿאַרנאַרט די תּמימותדיקע גיבורים־פּאַרטיידיקער, און אויסגערופֿן אויף דער שוועל:
„עפֿנט פֿאַר אַ פֿרײַנט דעם טויער!"
ווי זענען דאָס מיט גבֿורה קעמפֿער געפֿאַלן בײַנאַנד.
און איינער האָט שטיל דאָרט געשעפּטשעט: „גוט איז צו שטאַרבן פֿאַרן אייגענעם לאַנד!"

און ס׳געדענקט דער געדיכטקרוינִיקער באַקסער, ווי ס׳האָט דאָס קליינוואַרג מיטן האָפֿן
געוואַקסן און זײַנע פֿאַרפּלאָנטערטע צווײַגן געפֿלעגט, מיטן געפֿלעכט פֿון ריטלעך באַהאָפּטן.
ווי זיי זענען אויך גרויסגעוואַקסן, און געוויינט זיך צו ביקס און צו ווידלע.
ווי די ריחות פֿון היי פֿלעגן פֿליסן מיטן ריח פֿון שווינבלדיקע סכּנות, פֿון אונטער ווילדן
באַהאַלטענעם פֿעלדז. און ס׳זענען אויסגעוואַקסן דיביימער, גרויסע זין — די קינדער,
און ס׳האָבן פֿעלדער און כּרמים געגרינט, און ס׳גערעטעניש האָט געגלאַנצט מיט געגילדער
אין דער זון. עס זענען די סאַסנע־קוסטן הויכגעוואַקסן — ביימער מיט קרוינען.
און געוואָרן שאָטנדיקע וועלדלעך: פֿייגל האָבן נעסטן אין זיי געבויט דאָרט אויף צו וווינען,
עס האָבן צעשפּילט דאָ געהיפּערט די לאַנגאויערדיקע און ווײַט־שפּרינגעדיקע האָזן,
און טעכטער און זין האָבן דאָ געריפּט און זיך פֿאַרלעכווײַז צו די וועלדלעך געלאָזן.



פֿאַרברודערט

פֿאַר אַ גרופּע שילער, פֿון שטאָט געקומען, האָט מען אַ פּראַכט־ווינקל אויסגעווילט דאָ,
אַ געצעלטן־לאַגער צווישן די סאָסנע־ביימער אין וועלדל פֿאַר זיי אויפֿגעשטעלט, און
מיטן פֿאַרטאָגיקן קלונג האָבן זיי צו די פֿעלדער געאײַלט מיט געזאַנג־שטיף צעברויזטן,
און דער ווינט האָט געקושט זייער קאָפּ און צעשויבערט די פֿאַרפּלאָנטערטע קרויזן,
שטאָטיש עלעגאַנט נישט פֿאַרקעמטע. אונטער זייער טראָט האָט זיך די ערד, ווי דערהויבן,
ווי זי וואָלט אירע אויפֿגעוויערטע גרודעס פֿאַר די פֿיס זיי געשטרעקט, פֿאַר זייער צויבער.

האָבן זיך צערויטלט די גראַנאַטן־בעקלעך און ס׳האָבן שפּעדיק געראָטן די האָניק־פֿייגן,
וואָס זענען זיס צום קלײַבן אָרונטערגעפֿאַלן, ווי זיי וואָלטן צו די הענט זיך נייגן
און בעטן: „נעמט און זאַמלט אונדז אײַן!" נעמען זיי מיט געזאַנג און זאַמלען אײַן
די פּרוכט פֿון פֿעלדער, כּרמים און גערטנער, מיט זייער חן פֿאַרמערן זיי דעם אייגענעם חן,
און מיט אייגענעם גליק — די פֿרייד.
דאָ איז רחל ווי פּונסניי געבוירן געוואָרן,
ווי געקומען צו זיך; זעלטן, אין פֿאַרטונקל, האָט אָבער אויפֿגעטויכט דער מאַמעס זכּרון.
האָט זי זיך דער ווילדער לאַנדשאַפֿט איבערגעגעבן, צוזאַמענגעגאָסן, מיט איר זיך באַהעפֿט,
און געזוכט און אַרײַנגעדרונגען אין אַלע פֿאַרהוילעניש, אין אַלע פֿאַרפּלאָנטערטע געפֿלעכטן,

אין אַ קוואַל, וואָס בולבלט, געשיצט פון אַ וואַנט געדיכט־שטעכיקע קשאַקן־נאַרעס;
זי פלעג אַלץ דאָס אַדורכשפּרײַזן, דעראַבערן דעם פּלאַנט, אַפילו צעקרעלן זיך די אָרעמס,
דאָס פּנים, די אַנטבלויזטע פיס; און פלעג קלײַבן און אײַנזאַמלען יאַגדעס שוואַרצע,
זאַפּטיק־זיסע, זיך אײַנהערן אין געטרילערײַ פון כּלערליי פייגל באַהאַרצטע,
זיך פרייען, ווען ס׳געלינגט איר אַ מאַרדער פון זײַן רויב פאַרטרײַבן.

מיט איר געלעכטער
שטעקט זי אָן די סביבה די גאַנצע. ווי פאַרשוווּנדן זענען אַלע אירע פאַרגאַנגענע נעכטנס.
אַ יעדער האַלט זי פאַר אַ דאַיִקע, פאַר אַ הי־געבוירענע, אינעם לאַנד דעם געירשנטן,
אַ צעשמייכלטע, אַ פריילעך צעשפּילטע, באַגײַסטערט מיטן גלאַנץ פון אירע אויגן — צוויי קאַרשן.

בלויז דער אַלטיטשקער זיידע, ער אַליין, האָט אײַנגעהערט זיך אין אירע וידוי־רייִנע־רייד,
ווי עפּעס אויסגעטראַכטס, אויסגעפאַנטאַזירטס, קלינגט איר אַליין אַלץ, וואָס זי דערציילט.



שטאָט פון ווונדער *

פלעגן די בחורים אויספלוגן מאַכן, ווײַט איבער וועגן, אין וואַקאַציעס, אין שבתים;
אין איינעם אַ טאָג זענען זיי אויף איבערראַשנדיקע שטעגן אַרויף: עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם,
אַ שטאָט פאַרקוקט אין געטלעכע תּהומות און סודות, אויף פעלדזן איבער תּהום זי שטרעקט זיך,
מיט געפלאַכטענע נעפּלען באַקרוינט, האָט אַ ווונדער־שטאָט, ווי אַ לעגענדע אַנטפּלעקט זיך.
האָט רחל געציטערט טאָמער פאַרשווינדט זי די שטאָט, ווי אַ פאַנטאַסטישע זוּנג געזען דאָ,
געהאַפּטן פון איר נשמה־פאַנטאַזיע, אַ פאַרבלענדעניש, אַ זוּנג אַזאַ נישט געווען דאָ.
אַ דורכזיכטיקע זויבערקייט נעמט־אַרום אָט די שטאָט, ווי אין אַ בלויען וואָאַל זי צו טובלען,
טוליעט זיך צום באַרגיקן שויס, שפּאַרט נאָך אַרויס פונעם באַרג, און שטרעבט זיך דערהויבן,
מיט איר שפּיץ די הימלען דורכרײַסן.

זיי גייען איבער דער לענטע פון וועג, ווי אַ רינג
אַרום איר שפּיץ־קופּאַל, און נעמט אַרום זי אינגאַנצן, די גאַנצע שטאָט אין איר לענג,
און געקומען צוריק אויפן פלאַץ פון וועלכן זיי זענען אַרויס, ווי חוזק געמאַכט,
אָדער כּדי זיי צו ווײַזן דעם גאַנצן חן אירן — צו זען אַרום און אַרום איר פּראַכט.
האָבן זיי טאַקע אַנטפּלעקט אַלע ווײַל, מיט יעדן טראָט, דאָ אַרום זוּוגען פרישע,
אַראָפּגענג, שטײַלע אַרויפגענג, אַנטקעגן בערג און בעקנס און פעלדזן צעריסענע.
אַנגעגאָסענע מיט צעציטערטן ליכט־שײַן, וואָס דעווײַטערט דעם נאָענטן אויף צו גאָרן,
און איז מקרב דעם ווײַטן צום באַרירן. די לאַנדשאַפט, ווי מיט יעדן טראָט וואָלט זי נאָרן,
בײַט זיך: אַ גרינע לאָנקע ווערט אַ זילבערן איילבירט־וועלדל, ווי מ׳וואָלט עס געבעטן,
די קרוינהייבלעך אויף זיי האָבן פאַררונדיקט זיך ווייך, ווי סאַמעט צום גלעטן.

רעכטס זיי, טיפע אַראָפּגענג און גראָזן, דאָרט זאַמלט־טוליעט זיך אַ טשערעדע שאָף,
לינקס זיי, דער קופּאָליקער שפּיץ־באַרג.

זיי זענען אין שטאָט אַרײַן, געקוקט אַרויף

צו די הײַזער מיט זייער שטײניקער װײַסקייט, װאָס שטייען פּאַרגאַפּט שטאָק אויף שטאָק, דעכער אויף דעכער, נישט צו פֿאַרשטעלן די פּראַכט פֿון תּהומות און דעם בערגיקן־פּאַרלאַק פֿאַר די הייזער זיי צופֿוסנס. ווי מען וואָלט גיין תּפֿילה טאָן אויף די דאָזיקע הייכן, מיט גאַרונג צום אייביקן גאַרן, מיט בענקשאַפֿט דאָס אייביקע גאָפּן דערגרייכן.

אויך די אײַנוווינער אין דער דאָזיקער שטאָט, זענען אַנדערע, ווי איבערגעביטן: אין פֿלוג זענען זייערע פּראָפֿעסיעס ווי אין אַנדערע שטעט, אָבער זעען־אויס, ווי זיי היטן אַ סוד בלויז פֿאַר זיך. יעדער קרעמער, יעדער פּעדלער, פֿאַרגלײַזט זײַן בליק אין געהיים צו עפּעס פֿאַרהוילנס, און פֿירט זײַן סחורה אַרום צו פֿאַרקויפֿן בלויז אויף יוצא צו זײַן. יעדער שוסטער, יעדער וועשער, איז באַהאַלטענעהייט אַ צדיק, אַ בן־תּורה, אין שטאָט, יעדער קבצן — אַן אייניקל פֿון פֿירשטן, אַ רינג אין דעם יחוס, ווי ער וואָלט טראָגן גאָטס גנאָד.

זעטיקן די בחורים זייערע אויגן, פֿילן־אויס די שטילקייט מיט רעש און מיט ליאַרם, מיט יונגן געזאַנג, וואָס פּאַסט נישט פֿאַר איר. ווי ס׳וואָלט שטאָלץ דער עצמון שאַרע און אומהיימלעך געוווּנדערט זיך, — ווי אַ ריזן קעמל דערהויבט זײַן טאָפּלטן הויקער פֿון וואַכעדיקע הבלים אַרויס, שאָקלט־אָפּ פֿון זיך גערויש און געטומל, צו דעם לויטער פֿון הימל ער ציט זיך אײַנגאַנצן. ווי ער וואָלט נאָך פֿילן די ווונדערלעכע טריט דעם רבס, וואָס געשײַנט האָט פֿון קדושה, ווען ער פֿלעג אַרומגערינגלט פֿון זײַן סוויטע * אויפֿשטיין און אַרויס פֿאַרטאָג, פֿעדערן זיך מיט דאַנק־לויב דעם תּמיד באַנײַער פֿון די זריחה־גנאָדן איבער דער ברייטקייט פֿון יבשות און איבער ימים פֿרײַע. ווײַל זײַן שפּיץ איז טאָקע דער ערשטער אויפֿצונעמען דעם ערשטן ראָזן פּאַס, ציכטיק באַשײַנט, ווי מבֿשׂר זײַן דעם נצחון איבער די אַנטלויפֿנדיקע שאָטנס, געליכטיקט.

זענען די בחורים פֿאַרשוויגן געוואָרן, פֿון דער באַרג־גרויסקייט דערשלאָגן, זענען זיי קליין און נידעריק און בטל געוואָרן מיט זייער טומל און געפֿילדער. אָפּגעשטעלט זיך פֿון גיין, געשטאַנען אַזוי אַנטקעגן באַרג, בײַ זײַן צופֿוסנס צעלייגט, צום צערטלען, אַ טאָל, אַ רו־וויגל, אַרום אים שטייען אין קרײַז. ווי שומרים וואָס וואַכן: אַ בערגל, אַ פֿעלדז און אַ היגל, באַצירט מיט ליכט־און שאָטן געפֿלעק, וואָס אײַליק טוט עס זיך גליטשען און רוקן.



## ים כּינרת

און גוט, וואָס זיי האָבן געשוויגן בײַם גיין, ווײַל ס׳איז זיי באַשערט אויף די שטעגן אַ פּראַכט וויזיע: צווישן בערג־אָפּהענג צוויי, האָט ים־בלאָ אַ בלישטשע געטאָן זיי אַנטקעגן, דער שײַן פֿון כּינרת און ס׳דוכט: בלויז אַ שוועביקער שפּרונג — דעם סאַפּיריקן רוים דאָ אַדורך, און צעריסן דעם דינעם ים שפּרײַ, מיט שוימיקע רייפֿן צערייפֿטע צעברויזט דאָ. זייער הויט, ווי פֿלוצים פֿאַרדורשט, גלוסטן זיי אַ טויך טאָן, זיך לעשן אײַנגאַנצן אין די קילע כוואַליעס, וואָס האָבן זיי געלאָקט און געצויגן מיט בלווילעכע גלאַנצן.

זייער געשעפּטש האָט געוואָרגן זיי אין קעל ביז טרערן נישט־געזעענע אין נעפּל פֿאַרהילעניש, ס׳איז הויך־געשריי פֿון דער שטומקייט, ס׳איז גרויס־גערויש פֿון דער שטילעניש.

שווער האָבן זיי געהויבן די פיס, און שטילשווייַגנדיק געשלעפּט זייערע טריט
צווישן די געסלעך, און אַרונטערגעגאַנגען דורך זיי, ווי צו אַ מענטשן־המון אויף יריד.*

יעדעס צעדרייטע געסל, זייַנע אָפּגעריבענע טרעפּ, געדיכט מיט שטיבער, ווי אַנגעוואָרפן,
האָבן אין פאַרבן־יומטוב געפּוצט זיך: גרינצייַג־שטעלעס, שטעלעס מיט לענטעס און שטאָפן;
אויך ברוכגלאָז שערבעלעך צעשטעלטע, האָבן ווי קרישטאָל, ווי איידלשטיינער, געבלענצלט,
טירן האָבן געפּוצט זיך מיט אָנקלאַפּהענטלעך צעהאַנגען און פאַרלאַקט זייערע הענט איצט
אָנצוקלאַפּן און אויפרייסן דעם סוד פון אַ חצר מיט בלוי־אַרומגעהילטע שטיינער:
אָבער געהיט האָבן זיי די לעגענדאַרע גיבורים־ריטער: די העלדן און הערשער, די הענער*.

געניכטערט

האָבן זיך די בחורים אַ לאָז געטאָן איבער די קרומע געסלעך, און געוועגדט זייערע טריט
צום שטייַלן אַרויסגאַנג, דעם פּיל־טרעפּיקן, וואָס פּירט־אַרויף שלענגלדיק זיך און ציט
צו דער ,פעסטונג', וואָס הויערט איבער דער שטאָט און קוקט אַרונטער פון אויבנדיקן אָפּהאַנג.
האָבן זיי פריידיק געטומלט, ווי יומטובדיק שיכּור, און אַרויף מיט געשריי און געזאַנג.

אָבער פּלוצים האָט זיי צוריק צו וואַכעדיקער ניכטערקייט אַ האָגל פון שטיינער געבראַכט;
אַ המון אַ צעווילדעוועטער פון האַס און שנאה, האָט אַרומגערינגלט זיי, ווי צו אַ שלאַכט.
גאָר שנעל האָבן זיי אָרגאַניזירט זיך, און זיבן פאַכיק צוריק די באַפאַלער דערלאַנגט;
זענען זיי מיט חרפּה און בושה צעלאָפן זיך; שוין האָבן די בחורים געהאַט אין געדאַנק
דאָס געסל פאַרלאָזן ווי זיגער, ווען בישט די היטער פון געזעץ, די פּאָליציי־לייַט,
וואָס קודם האָבן זיי גאַנץ גוט הנאה געהאַט — געשטאַנען, געקוקט פון דער זייַט.*

זעענדיק, אַז די בחורים זיגן, האָבן זיי געהויבן אויף זיי מיט שלעק זייערע שטעקנס,
אַרעסטירט זיי, אין הויף פונעם מושל געבראַכט, מיט געשריי און מיט קללות, צו שרעקן;
באַפרייַט זיי נאָך שטיין אין שרפעדיקן גלי פון זון, אָן וואַסער, אפילו אָן אַן איינציקן טרונק־
שלוק,
בעת אויף זייער ,אַנפאַל' האָבן זיי, אַלס עדות געחתמעט מיט זייערס אַ פינגער־אָפּדרוק,
ווי עכטע פאַרברעכער.
האָבן זיי מיט צייַנקריצעניש, מיט געשריי, אָן אויספאָרשונג געפּאָדערט,
און זייער שטאָלצן גייַסט מיט גאַרנישט צעבראָכן, ווען זיי האָבן זיך אייַליק געפעדערט,
דערוויַיטערט זיך פון דער פעסטונג, ווו פאַרהאַלטן מען האָט זיי, אפילו די אוואַנטורע
האָט זיי געפרייט, און שטאָלץ פאַרלאָזן די שטאָט און ווייַטער געגאַנגען אין דער שורה.

אומגעקערט זיך אַהיים, אין זייער ווינאָרט, האָבן זיי דערציילט, מעשיות אויסגעטראַכט,
די גבורה, וואָס זיי האָבן באַוויזן; זיי, אַ קליין הייפל, זענען בייַגעשטאַנען אַ סך,
זיי האָבן זיך געגרייסט, באַרימט זיך מיטן געשלעג, וואָס איז פאָרגעקומען, זיך פאַרלאָפן.
בלויז רחל האָט געשוויגן; אויפגעוועקט האָט זיך איר באַליידיקטער עבר, וואָס געווען איז
אייַנגעשלאָפן.



העי, טעג און נעכט, וואָס זענען איבער רחלען אַריבער, זייער שיין, זייער פיין־גלאַנץ;
דער אַ סאָרט פּאַסירונגען און גרייטונגען, וואָס האָבן געפורעמט איר פּערזענלעכקייט גאַנץ!
ווייל ס׳זענען טעג געקומען און זי האָט תּאוודיק געשלונגען די לאַנדשאַפט, דורכאַנאַנד,
מיט די אויגן און הענט, מיט איר גוף און ווערן, — אַ בלייענדיקע טאָכטער אין לאַנד.

מיט צענדליקער בחורים און מיידלעך, וואָס דעם איבערפלוס פון ענערגיע זיי שטילן
און האַמעווען מיט אייזערנער דיסציפּלין, ווייל זיי האָבן זי איינגעשטעלט מיט שטאַרקן ווילן
אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן, אין זייערע טעג און נעכט, אַן מונדירן זיך צו פּוצן,
אַן אַרמיי, וואָס באַאַרבעט די ערד, אַרויסצובאַקומען דאָס ברויט, ברויט אויף פּאַסנע צום נוצן,
בעת זי שפּאַנט־אַן אירע מוסקולן, שאַרפט איר שמיעה און ראיה פאַר דעם וואָס דאַרף קומען,
טרענירט איר גוף וואָך צו זיין, גרייט זיין אויסצופירן, ווי עס דאַרף זיין, אַ שטומע
דעם באַפעל געהאַרכזאַם, ווען מען וועט געדופן ווערן. — האָבן זיי, די בחורים, זיך געגרייט
— קוים באַפאַלט דער שונא די גרענעצן פון לאַנד, איז פאַר יעדן שפּאַן דאָ פאַרביסן גייט
דער קאַמף אַן, פאַר יעדן שטיקל ערד.

דער גאַרטל פון די אָפענע ישובים איז פאַרצויגן געוואָרן*
אַרום און אַרום מיטן וואָנזין פון מלחמה. פלאַמען פייער טוען צעשפּרייטן זיך מיט צאָרן
פון צפון און דרום. יעדער בחור, געהאַרטעוועט און געשפּאַנט, טוט וואַרטן אויף אַ געשען;
אָפּט טוט ער צאַרניק בונטעווען זיך מיט זאָרג פאַר גרויער וואַכעדיקייט, וואָס קען
פאַרמינערן די האָפערדיקייט, וואָס שטייגט ביז די הימלען, ווען, נישט צום גלייבן,
מען האָט זייער פעיקייט פאַרנוצט טעג נאָך טעג, אין די גערטנער אוגערקעס צוזויפצוקלייבן*
אָדער ביים נודנעם אויספּילען ווילד־גראָז.

אָבער דעם לאַנגווייל פאַרטרייבן האָבן זיי געוווסט
מיט אויסגעשטערנטע נעכט, מיט אויסגעטראַכטע מעשיות, מיט געזאַנג פון פולער ברוסט.
זענען געוואָרן די געצעלטן פון די בחורים, דאָס ווינאַרט פאַר חלומות, פאַר וידויים,
פעסטונגען פאַר באַגריפן, פאַר הייסע ויכוחים, וואָס פלעגן דערגיין צו הויכע ביוואָען, —
אויך פאַר געלעכטער און שטיפערישע שטעכיקע שפּאַסן, פאַר באַהאַנדלען יוגנט־פּראָבלעמען,
פאַר ווערטלען זיך, פאַר אַריינזאָגן זיך, פאַר אַנסופיקער לונאַטישער בענקשאַפט. עס זענען
אויסקריסטאַליזירט און ענגער פאַרצויגן געוואָרן די פריינדשאַפט־און ברודערשאַפט־קנופּן,
אַן זשעסטן פון חנופה, אַ זיכערע חברשאַפט, נישט אָפּצופרעגן זי, אַננעמען זי, נישט אָפּצושטופּן.

זיי זענען די ליבלינג־קינדער פון אַ הייפל, וואָס האָט אינגאַנצן זיך אָוועקגעגעבן*,
מיט לייב־און לעבן געפּרעדיקט זיי זעלבשטענדיקייט, אַ האַרט שטאָלנשטאַרק לעבן;
זיי זענען נישט נאָכגעגאַנגען די הבל־הבלימדיקע פאַרווײַלונגען, זייער האַרץ און מוח
פאַרטאָן בלויז צו וועקן, איבערצייגן; זייער אַקסל, אויף אים דער עול פון פאָלק, מיט כּוח
צו שיצן די זיכערקייט און דערהייבן דעם כּבוד, זיי בייגן. זייער שטראָפן — אַן אש־תּמיד,
ווי אַ פאַקל פאַר דער מחנה, צו באַנען וועגן, צו פאַרטיפערן אידעאַלן, אָבער דערמיט
נישט איינלעשן עס. זענען די בחורים געווען פאַר דער גרופּע דער באַוואָפנטער אַרעם.
די ריינע רעאַליזירונג פון איר וועג, פון איר דערציִונג, פון איר ברען און שטורעם.
און אין צייט, ווען דער יישוב האָט אַליאַרמירט זיך, געזען וואָס עס דראָט אים און לויערט,
געווען זענען די בחורים, זיי אַליין — די געשפּאַנטקייט, זיי אַליין — די שוץ, די מויער.

און רחל צווישן זיי, ווי געזעטיקט מיט מארך־כוח, זיך פאַרוואַרצלט, געשטאַלט; געהאַט
אַן אָרט צווישן יענע מיידלעך, וואָס האָבן דעראָבערט גלײַכהייט, גלײַכהייט פון טאַט;
נישט געשראָקן זיך פאַר שמירה בײַ נאַכט, נישט איין מאָל האָט זי איר כוח באַוויזן,
צי מיט אויסשפּיאָנירן אין דער פינצטערניש אַ נעסט פון שכנישע אָנפאַלער, ווי ריזן
אַנטקעגן איר, צי אַרויס אין פינצטערע נעכט זוכן וועגן, אַ געזיכערטן דורכגאַנג אויסשפּירן
צווישן די לויערער, וואָס האָבן זיך געגרייט פון כּל־מיני לויער־ערטער זיי אַטאַקירן,
זייער ווינאַרט, וואָס געוואָרן איז אירס. זי האָט זיך געלערנט שיצן אין אַלע פאַלן אַליין:
מיט ביקס, צי מיט ליידיקע הענט, ווען שונא באַפאַלט איבערראַשנדיק פּלוצים ווו ס׳זאָל נישט זײַן.

## די מסעות פון פּלמ״ח

זי האָט געוווינט זיך, שווער באַלאָדן, צוזאַמען מיט די בחורים און מיידלעך צו וואַנדערן
אויף וועגן, וועלכע עס האָבן, אין טראַדיציע פון הונדערטער יאָרן, באַטראָטן פיס גאַנץ אַנדערע,
באַקעטע, פון געצעלטן־וואַנדערער, וואָס אַרויס פון איין פּאַשע און אַרײַן אין אַ צווייטער,
ווי אַ מחנה צעשטערערישער היישעריק: ווו ער זעטיקט זיך, דאָרט בלײַבן איז גרייט ער.
געקענט האָט זי דעם שטערן־גאַנג אין הימל, דעם אײַנגעפּאַסטן גאַנג זייערן, צו וואָרענען
פאַר געענדערטן גאַנג, ווײַזן דעם צוזאַמענבונד, די סעזאָנען, דעם צפון, דעם דרום.

נישט געוווסט האָט זי פון מידקייט, זי האָט געדורשט אַדורכגיין מרחקים, זיי באַקענען,
און שלינגען זיי ביזן האַריזאָנטיקן ברעג. מיט אַ גרופּע אויסשפּירער האָט זי צוזאַמען
געמאַכט די אויספלוגן צו די טאָלן און בערג, צום שטאָלצן גליל, וואָס איז אַזוי רײַך
מיט פעטן גרינס, מיט קייטן־בערג, וואָס שפּאַרן אַרויף, דערגרייכן די וואָלקנס מיט דער הייך.

ווען זי איז צו אַ וועלדל פון ריזיקע דעמבעס צוגעקומען, האָט זי גליק דאָ געשעפּט,
געלאָפן פון דאָמב צו דאָמב, אירע אָרעמס צעשפּרייט אויף צו מעסטן זייער גרעב, — *
און נישט געקאָנט אַרומנעמען זיי. טײַכלעך האָבן זי מיט דער קילקייט איבערראַשט איצט,
קילקייט פון זייערע וואַסערן, וואָס רייצן זיך מיט זון, אַז באַזיגט האָט נישט איר היץ
די דערמאָנונג וועגן אַלט שנייִקן באַרג, זייער פאָטער. באַצויבערט פון אַ גרינאויגיקע
אַזערע* זי איז, אַ גרינע חופּה פון געדיכט־פּרישן בלעטער־פלעכט שטייט בויגיק
צווישן די וואַסערן און בלוי פון הימל, כדי אַזוי־אַרום איר פולע גרינקייט צו שיצן.
האָט רחל געלאַכט צו איר רויטלעכער אָפּשפּיגלונג, ווען אויף אַ ווייכן שטאָם איז זי געזעסן
און צו די וואַסערן זיך געבויגן.

ס׳איז קיין וווּנדער, אַז צום אָפּגאָט פון פרייד און ווײַן דאָ
האָט מען געדינט פאַרצײַטנס. גלײַך פּאַנס צויבער־פּײַפּיאַל און זײַן קלאַנג וואָלטן נאָך זײַן דאָ.

## אויף די וועגן פון נגב

אויך צום נגב זענען די בחורים אַרונטער, ווונדערלעכע זענען פאַראַנען דאָרט וועגן,
זייער ברייטקייט, וואָס פאַרבלענדט, פון הייסער לופט צעציטערט דער גלי דיר אַנטקעגן;
זײַן איינזאַמקייט — שטאָלצקייט און אַלמנשאַפט; כוואַליעס אויף כוואַליעס גאָלדזאַמדיקע,
רויטברוינע, געקרישלט זינקזאַמד, מדבר־טאָנען פלאַך־קרויניקע, שוואַכשטאַמיקע.

רעגן־אַן בענקשאַפט, גאַרונג פון אַן איינזאַמען בוים צו זײַן חבר, וואָס שטייט הויכיק ער
אויף אַ זאַמד־בערגל, ווי אַן אומבאַגרײַפלעכע אויסטראַכטעניש מיט איר בענקשאַפט דער
טרויעריקער.

אַן אייביקע שטילקייט הילט־איין די האָריזאָנטן, אייביקייטן געפאַלן זענען שווײַגיק איינגאַנצן,
אָבער פאַראַן און ס׳צעווירבלט זיך אַ זאַמד־ווירבל, די ווינט־בײַטש נעמט שמײַסן אים צו טאַנצן;
פאַרדרייט ער זיך, ווי אַ דינע ליקע, דורכזיכטיק, לײַכט־טאַנציק, דאַן צעגייט ער אָן שפּור.
געשעט און די ברייטע שטילקייט דערשיטערט אַ קוויטש־געשריי פון אַ מדבר־ווולטור,
וואָס דרייט זיך אין דער הייך, ווי אַ זיגער, ווי ער פריידט זיך מיט די פרעמדע אין זײַן מלכות,
באַוועגט ער אין געשוועב זײַנע פליגל; אָבער פלוצים הערט ער אויף, הערט אויף אַל דאָס
באַנען, פאַרגליווערט אין גליוער פון די זאַמדן, ווי געטראָפן פון דער שטילקייט נישט
געשטערטער
און זאַפּט־אײַן שטום גאָלדענע טרוקעניש, ווי ס׳גייט־אויס די זון פון טרוקן־און היץ־ערטער
טרעפט און אַ קאַראַוואַן פון קעמלען גייט זיך שלעפנדיק דורך די אָנגעוואָלגערטע זאַמדן,
זי פירט זיך שטיל פאַרחלומט, בינדט ווײַטע שטחים מיט ווײַטקייט ברייטער צוזאַמען;
דערהויבענער נאָך פון פאַרגייענדיקן טאָג־פּליסטער, פון דער צאָל שעהען, תקופות און צײַט,
גלײַכגילטיק צו די הבל־הבלימס, צו דער פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט, צוקונפט, צום גאַנצן בײַט.



דערמאָנונג אין ׳ידיד׳ *

און רחל האָט אפילו זוכה געווען צום הויפּט־אויספלוג: צום מדבר יהודה צו קומען,
צו סדום און מסדה־געגנט, מיט די בעסטע גייער, זיי האָבן געלערנט צו רימען איר נאָמען
צוליב איר מוט, איר פעסטן גיין, איר געהאַרטעוועטן קערפּער, וואָס קאָן אַלץ פאַרטראָגן,
זיי האָבן גוט אויך געוווּסט; אַ חברטע ווי רחל וועט נישט מכשיל זײַן, נישט פאַרזאָגן.

צוויי צענדליק בחורים, די אָרויסגייער, פון די בעסטע אויספירער, געניט און באַרימט
מיט אַוואַנטורעס, סכּנות און קאַמפן.
(דער קאָמענדאַנט, דער „ידיד", האָט זיי באַשטימט*
אַרויסצוגיין אין די נעכט זוכן, געפינען און ליקווידירן די כנופיות פון רויב,
איבערראַשן זיי אין זייער שׂנאה־נעסט, צעשמעטערן זיי אויף זייער אָרט, נאָך אין אָנהייב,
ווי נעסטן פון מערדערלעכע ווילד־בינען. פלעגן די בחורים די שטעכערס אין בוזעם גלעטן,
זיך צעקרעלן פונעם ווילדשפּיציקן־גראָז, קריכן און דערנענטערן זיך צו דער ציל מעטע
פון אַ האַנטגראַנאַט, טרעפן אין צענטער פון זייער נעסט, אַרויס פון פינצטערער נאַכט־שויס.
דער ׳ידיד׳ האָט קיין רחמנות נישט געהאַט אויפן שונא, וואָס באַדראָט, און פלעג פאַרויס
די בחורים גיין, אין סאַמע שונאס נאָרע אַרײַנדרינגען, דאַן האָבן זיי נאָך אים זיך געלאָזן.

פלעגן זיי אַ שווערע האַנט אויפן איבערראַשטן שׂונא, צו באַזיגן אים, אַרונטער שוין לאָזן;
נישט וואָגן זאָל ער אויפהייבן אַ צווייט מאָל דעם קאָפּ, באַלעקט בלויז די סלינע אין זײַן צרה,
ווי אַ פוקס אַ געשלאָגענער, וואָס לאָזט אַרונטער דעם עק, און רוקט זיך אַריין אין זײַן נאָרע.

האָט דאָס לאַנד אַ דאַנק אים זיך באַרויִקט, די פּעלדער האָבן שוין איצטער פרײַ אָפּגעאָטעמט,
ווייל אַנגעוואָרפן האָט ער זײַן שרעק אויף די רוצחים, אויף די רויבער, געוואָרפן זײַן שאָטן,
דור נאָך דור האָבן נאָך די אונטערליגענע געריִמט אים, זײַן טעאָריע פון באַפאַלן,
זײַן וואַגזין פון גבורה, וואָס די בחורים האָבן זי אַרויסגעשטעלט, ווי אַ ביישפּיל פאַר אַלע.

און מען מעג, נאָך ווי־אַזוי, דעם קאָמענדאַנט דעם שטאָלצן רימען, באַשײַנען זײַן נאָמען,
זיכער וועט ער אייביק דערמאָנט ווערן אין דער געשיכטע פון ישראלס נייעם אויפקומען).
אָבער מיר דאַרפן זיך צו דער גרופּע בחורים אומקערן, די גרופּע צוויי צענדליק געציילטע,
וואָס זענען אין מדבר יהודה אַרויס, געניט אין אויסשפּירן, דעריבער אויסגעוויילטע:
מיט זיי אַרויס זענען שטאַרקע, שטאַנדהאַפטיקע מיידלעך אַ פּאָר, נישט געווען קיין לאַסט,
— אויך רחל צווישן זיי, — מען האָט זיי אָפּגעשאַצט, נישט באַדויערט, אויך נישט געשפּאַסט,
פאַר פיילן פון שפּאַט נישט געווען דער ציל.

צו דער מדבר

זיי זענען אַרויס באַלאָדן מיט שפּײַז, מיט געווער,
פאַרשטעקט, צעגומען, מען זאָל נישט באַמערקן עס, קאָנפיסקירן, קוים וועט דערוויסן זיך ווער
פון דער מאַכט. געדעקט אונטער שוואַרצער נאַכט, האָבן זיי זיך געשאַרט, פאַרגנבעט אַרויס,
אויסגעמיטן פײַנדלעכע ישובים, אַדורכגעגאַנגען שטחים גאַנצע פון הויער־טשערעדעס גרויסע
און פאַרביי די רויבער־שטאָט, די אַרומגערינגלטע מיט בערג, בײַ דער מדבר* פאַרהאַלטן.
פאַרטאָג זענען זיי פאַרפאַלן געוואָרן טיף אין אַ באַהעלטעניש, אין באַרגיקע שפּאַלטן:
דאָ גערוט און געשלאָפן, לויט דער ריי זיך געביטן, ווי ס׳טוען עס די שומרים, בײַם אײַנגאַנג.
אַ גאַנצן טאָג געווײלט דאָ מיט דרעמלען־נישט־דרעמלען, ביז זון האָט פאַרענדיקט איר גאַנג
אין פינצטערן באַהאַלט שוין אַרײַן. דאָ האָבן זיי ווידער געגומען גרייטן זיך אומצוקערן
צו די טשערעדע־וועגן. שטיל געפּעדערט, געשלײַכט זיך, ווי פאַרשיכּור־ישופט, שיכּור פון שטערן,
פון נאַכטשטילקייט, פון פאַנטאַזיעס. בענקשאַפט האָט געטאַטשעט אין האַרץ, דעם אָטעם
פאַרצויגן.
בערג האָבן געניִדערט, געזעצט זיך, ווי צו מאַמע־שויס געצויגן זיך, דעם שטאָלץ אַנגעבויגן,
פלאַך אויסגעגלײַכט זיך מיט מדבר; שטיינער האָבן זיך אויף זאַמד־שטויב צעריבן.
פאַרבראַכט דאָ ביז טאָג, איבערראַשט פון דער אכזריותדיקער מדבר זיי זענען געבליבן.

איבער כוואַליעס פון זאַמדן זענען זיי געגאַנגען און געגאַנגען, זון האָט געברענט, און דאַרן
ניִדעריקער האָט שטעכיק באַגריסט זיי, מיט אים איז די נשמה זייערע, ווי פאַרטרוקנט געוואָרן
האָט רחלס אויג זיך פאַרטרויערט דערזעענדיק די וויסטע, וואָס דערגרייכט שוין דאָ אַלע ראַנדן,
ביזן פאַרגעלט־אָפּגעבליאַקעוועטן הימל, און ס׳רשעות פון וואַנזיניקע ווינטן און זאַמדן.
די שטעכיקע דערנער, וואָס זייער שווינדזיכטיק גריגעניש איז נעבעכדיק ווײַס און פאַרגעלט,
טרינקען נישט קיין רעגן און טוי, ווײַזן־אַרויס זייער חרפּה, ווי מיט שנאה, נישט פאַרשטעלט.

האָט די מידקייט געלייגט זיך אויף די בחורים, די טריט זייערע האָבן זיך געשטרויכלט,
די זון האָט מיט דורשט געשלאָגן זיי, זייער הויט האָט זיך מיט זאַלץ־שיכט באַהויכלט,
יעדן טראָפּן שווייס האָט אויסגעזויגן די מדבר, געטריקנט זייערע ליפּן, זיי צעשפּאַלטן;

אויפגעבראַכט צויבער־פֿאַנטאַזיעס מיטן ציטער פֿון ליידיקער לופֿט, ווי זי וואָלט דאָ אָפּנאַרן מיט זעונגען פֿון אַזערעס פֿון וואַסער, מאַכן זעען אַאַזיסן גרינע צעשאָטן.
מידע האָבן זיי זיך געטוליעט צופֿוסנס אַ שפּילקע־קשאַק, געזעסן אין שטיל־בלייכן שאָטן שטילשווײַגיק אַ לענגערע ווײַל. באַלד האָט מיט כּוח זייער געזאַנג זיך צעברויזט:
„מיר וועלן נאָך קומען באַלעבן דיך, מדבר, אַנטרינקען דיך, אין דיר נאָך וועלן מיר הויזן!"

רוען זיי אַ ביסל זיך אָפּ, דערמונטערן זיך, און ציִען מיט יוגנטלעכער זיכערקייט ווײַטער, לויט די ריכטונגען פֿון די ווינטן, אין פֿוסטריט פֿון די פֿאַסטעכער מיט טשערעדעס צעשפּרייטע, וואָס שלעפּן זיך זוכן פֿאַשע נאָך פֿאַשע, פֿון איין וואַסערקוואַל צום צווייטן זיי ציִען אָפּגריזשען אַ דאַרן אָן זאַפֿט, קאַרגע נאַרונג, אָפּגריזשען אַ סימן פֿון פֿאַרטריקנטן גרין.

אין דער פֿינצטערניש, וואָס פֿאַלט־צו אכזריותדיק דאָ, דעספּאַטיש, אָן אַ טראָפּעלע רחמים, אָן מילדקייט פֿון אַ שקיעה־שטראַל, צעפֿלאַקערט זיך גאָלדיק אַ פֿײַער צעליגט, מאַכן מיט זײַן שײַן אַ וועג דעם ברויז פֿונעם לעבן, ווידערשפּעניקן דעם וויסטן מדבר־גלות;
טאַנצן די בחורים אַרום פֿײַער מיט אַ ריזן שטורעם־געזאַנג, מיטן אויפֿברויז פֿון זייער בלוט.
און אין קיליקער נאַכט טוען זיי אויסלאָדן זייער בענקשאַפֿט און זייער באַגייסטערונג־כּוח, און שפּינען הימליש־דערהויבענע חלומות, ווי די דערהויבנקייט פֿון די שטערן אין דער הייך.

פֿאַרטאָג האָבן זיי דעם וועג שוין געמאַכט, און אַדורך די זאַמדיקע דורכגענג־רוימען;
זיי שטייגן אויף די פֿליכיקע פֿעלדזן אַרויף, דורכגעשניטן פֿון טיפֿונגען, פֿון תּהומען, דורכגעשפּאָלטן פֿון בעקנס, עס סטאַרטשען־אַרויס שטיינער, געזימסן, קרום־און גלײַכוויריקע, ביזן שווינדלענדיקן שפּיץ־באַרג,* פֿיל זענען די זעונגען, פֿאַרשידן־ביזאַנסן קאָלירקע, אים צופֿוסנס שטרעקן זיך טאָלן און היגלען, געוועלבונגען, בערגלעך קלײנע און גרויסע, דאָ איז אַ כוואַליעדיקער ים אַ צעברויזטער פֿאַרגליווערט געוואָרן און אויפֿגעהערט ברויזן.

שווײַגיקע ריזן־רחבותן, און דער הויך־באַרג, ווי קרישטאָליק פֿאַרגליווערט אין זייער מיט, ווי ער וואָלט תּקופֿות גאַנצע אויסגעגליכן, דערנענטערט זיי, אויפֿגעדעקט און אַנטהילט געלייגט אויפֿן פֿלאַך פֿון זײַן טיש, ווי די נישטיקייט די פֿאַרגענגלעכע אויסגעלאַכט.
יעדער ווערט גרויס און אויך קליין אין זײַן אַנבליק, ווערט בטל אַנטקעגן זײַן פּראַכט.

## דאָס טויט־אויג

פֿונעם באַרג־שפּיץ גליטשן זיך די בחורים אַראָפּ צווישן מאָנסטרומס פֿאַרשטיינערט פֿאַרצײַטנס, צווישן איבערגעקערטע פֿעלדזן־שטיינער האַרביק אָנגעהויפֿיקט אייַנער אויפֿן צווייטן, צו פֿאַרמירן דעם איבערקער פֿון באַשאַף. ווי פֿון מעכטיקן צעשטער אָן עדות געשטעלט, ווי מיט בייזוויליקן חוזק זיי טוען צעשטערן די אײַנגעסדרטע סדרים פֿון וועלט.

און דער באַרג איז ווי אַ מולטער געשטעלט דאָ, וואַשן אין איר דאָס בלוי פֿון הימלען, פֿאַרהאַלטן אין טויטן־וואַסער, ביטער ווי גאַל, ס'וועלן עס נישט פֿאַרזיסן די וואַסערן פֿון פֿעלדזן־שפּאַלטן,* וואָס האָבן געקריצט אין ווײַסקייט פֿון פֿעלדז דאָרט מיט זייער קרישטאָלענעם ריזלען, געהאַמערט זיי, ווי ווענט פֿאַר פֿעסטונגען, אויפֿגעהויבן־דערהויבן זיי, ווי טעמפּלען ריזיקע.

האָ, די ברכה פון קילן שטיין־שפּאַלט געשלענגלט באַהאַלטן אין שויס פון דער מאַסע פעלדזן־ריזן ! אין אים פּאַראַן איז אַ שטאַרקער שטראָם פון פליעסקעדיקן ריטשקע־וואַסער, לעקט אין געאײַל דעם צופוסנס, קאַטשלט גלאַט־געשליפענע שטיינדלעך מיט יעדער באַרירונג, שטורצט אַרונער און שפּריצט שטיפעריש ווײַסינקן שוים, טראָפּנס ווי איידעלע צירונג.

נאָכן גיין אין דער וויסטע, דורשטיק אין דער טרוקעניש, מיט זוניקן גלי אין דער הויט, האָבן זיך די בחורים אין שטיינשפּאַלט פאַרהאַלטן. טאָפּלט האָט זיי געשמעקט דאָ דאָס ברויט, ווען זיי האָבן געטובלט די פיס אין ריטשקעלע־וואַסער, וואָס אין קילן שאָטן איז פאַרשפּונט, וואָס מאַכט וואַקסן גרין ס׳ווייכע גראָז. דאָ האָבן זיי פּאָר רו געמאַכט זיך דעם פּונקט.

## אַפּהאַרטונג

ווײַט פון שונאס אויג, האָבן זיי דאָ געהאַרטעוועט זיך, איבונגען מיט זיך דאָ געפירט, אַ שיס־און צילמעטע געשטעלט. האַנטגראַנאַטן געוואָרפן, אַ פּלוצימדיקן אַרויסשפּרונג איניצירט, אונטער וואַג־פּרווו געשטעלט זיך, געשטאַלט דעם ווילן, האַרטער פון פעלדזיקער האַרטקייט, קיין שטרויכלונג נישט פּאַראַן, נישט קיין צוריקהאַלט ; צעברויזט מיט יוגנט פאַרשאַרטקייט האָבן זיי דאָ אויסגעדריקט זייער וואָגן צו קלעטערן איבער גלײַכוויריקע פעלדזווענט, וואָס העגגען אויף גאַרנישט, פאַרגליווערן דאָס בלוט, און זענען בלויז צו סכנה געווענדט. ווײַזט־אויס, זיי ווילן זיך שוין נישט צעשיידן פונעם טײַכל, וואָס זיי האָבן באַגעגנט און זינגט זיי מיט פלעסקעדיק געשעפּטש, דערפרישט און מאַכט פאַרגעסן די טרוקענע געגנט די פאַרשטילטע, די פאַרגעסענע פון לעבנס־גנאָד.

האָט דאָ זיך צעהילכט זייער געזאַנג,
און דאָס ווידערקול האָט געקלונגען איבער די ווענט דאָ, אַרויף צו זייער שפּיציק געהאַנג,
וואָס קושט זיך מיט אייביקן בלוי. דאָס ווידערקול, ווי ס׳געהילך פון זייערע מײַלער,
האָט זיך געטאָפּלט, פאַרדרײַפאַכט, וואַך־שטיפעריש, זיך איבער די שפּיצן געקײַקלט ;
האָבן זיך געטראָגן די קולות אין די שפּאַלטן אַרײַן, איבער טרעפּ געטרעפּלטע אין ענגשאָפט,
אין טיפע באַהעלטענישן אַרײַן, באַלעבט זיי, אויפגעוועקט צו גאַרונג, צו בענקשאַפט.

צוויי טעג און דרײַ נעכט האָבן זיך די בחורים פאַרהאַלטן אינעם שטיינערנעם שפּאַלט, ביז זאָט געוואָרן פון די בילדער, פון די טריף־היילן, פון די ריזן ווענט, און באַלד האָט אַ מעכטיק פרייד־געזאַנג אויפגעהילכט אין פינצטערניש, צעריסן פון פײַער־צעליג, קנאַפּ זענען זיי געשלאָפן, אויף מאָכיק־געבעטעטער ערד, ווי געלעגערס, וואָס נייגן חלומות פאַנטאַסטישע צו פאַרשפּינען.

## די הייל פון היילן *

נישט ווײַט האָבן זיי אַנטפּלעקט דאָרט אַ הייל,
די הייל פון היילן, איר טיף, איר געשלענגלטקייט, איר קילקייט, וואָס אויף אַ ווײַל מאַכט פאַרציטערן. אויפן בויך האָבן זיי זיך געררוקט בײַ די אַרײַנגעגנג מיט געשפּאַלטענע דנאָען, מיט צעציטער פון פאַקל־שיין, וואָס צעשפּליטערט זיך, פאַרלענגערט די שאָטנס גלײַך, זיי דראָען :
גערוקט זיך אונטער טראָפּן־געבײַטש, ס׳טרעפּט און די טראָפּנס קאַפּען פּרעציז מיט געפּויק,

מעסטן זייערע אייביקע מינוטן, זייער באַריר פאַרגליווערט דאָס בלוט, שרומפּט־איַין די הויט.
ס׳דוכט, זיי וועלן שוין קיין מאָל נישט פון געשלענגלטן לאַבירינט צום טאָג־ליכט צוריק,
זייערע אויגן, ווי די אויגן פון אַ קראָט אַ בלינדן, עס לייכט נישט אויף זייער בליק; —
אָבער פלוצעם, ווי אַ קאָמעט, אַ צעשייַנטער וואַלט דורכבּרעכן, און דאָס פינצטערניש צעבליצט.
פעדערן זיי זיך, גלייַכן זיך אויס דערשטוינט: פאַר זיי אַ וווּנדערלעכע קאַטעדראַלע, געשיצט
פון ווענט דורכזיכטיק קרישטאָלענע, קריינדלעך, געזימסן אייַנגעקריצטע מיט גלימער
צעשייַנט, פון זונשטראַלן אַ דורכגעזיפּטע, און מיט אַן אַ שיעור פינקלדיק געשימער,
דורך אַן אייבערשטער עפענונג, אַן עפענונג אויפגעריסן פון קושן, וואָס די הימלען שיקן
בלאָ דאָ אַדורך.

דאָ פאַסט זיך תּפילה צו טאָן.

פּרווּן טאָקע די בחורים דערשטיקן

זייערע געפילן, ווי זיי וואָלטן פאַראַכטן דאָס געוויין, וואָס רייַסט פון דער ברוסט זיך אַרויס,
זייערע אויגן, ווי צו די הייכן געשמידט. און פלוצים פאַרכאַפּט זיי אַ געזאַנג אַ גרויס,
אַ מעכטיק פריידיק געזאַנג אַן ווערטער.

דאָ פאַרשטייט זיך דודס געזאַנג, זייַן שבח און דאַנק*
צום הויכגעשטעלטן, צום דערהויבענעם, צום העכערן פון מענטשס פאַרשטאַנד, דאָס הללויה־
געזאַנג.

זיי זענען אַרויס געלייַטערט פון וועלטס־סוד, וואָס פאַרהוילט זיך מיט אייפער, נישט דערשפּירט
און געשוויגן אַ לענגערע צייט, ווי ס׳וואָלט זיי אַן אייביקער כּישוף מיט סודות באַרירט.



## אַרויף אויף מסדה

פאַרברענט פון היץ, אָבער געשפּאַנטע אין הייליקן צוגרייט אַרויפצוקלעטערן אויף מסדה,
אין דער טרוקעניש, איז געזאַלצענישׁ פונעם גליווער־ים, האָט דאָ געאייַלט די גראַמאַדע,
אַן שאָטן, אַן גרינקייט פון קוסטעס, אין אַ נאַקעט שטומער אייביקער וויסטע, גלייַך זי לאַכט
און שפּעט־אָפּ פון פאַרגענגלעכן גרין, מיט פאַראַכט צו אַלץ וואָס לעבט, דערדריקט מיט
זייַן מאַכט.

איצט זענען זיי פּאַמעלעך געשטיגן, גענידערט, מיט בליק צווישן פלאַך פון ים־וואַסער
דאָס שווערע, פּאַמעלעך־באַוועגלעכע, און צווישן די פעלדזן, וואָס נעמען־אַן פאַרמען בלאַסע
פון חיה צי מענטש, מיט זייער שפּיצן־ווייַס, צעריסענע דורכגעהאַקטע, פאַררונדעטע,*
צעפּ־און צעפּלעך אַרויסשטאַרטשנדיקע, ווי מיט נס, און בעטן זיך, ווי פאַרוווּנדעטע,
אונטערשטיץ: עס צעקרישלט זיי יעדער נישט־פאַרזיכטיקער בלאָז פון די ווינטן.

נאָך האָט זיי צום אָפּשייד געבענטשט די „ברכות־מוטער"*, דער פעלדזנשפּאַלט, וואָס צערינט
דערפרישנדיק מים־חיים, אַ לעצט מאָל געטרונקען דאָ. און אַרייַן אין מעכטיקער ענדע
און אויסלאָז פון אַלץ, וואָס ליגט אויף די ברעגעס פון טויטן ים, ווי פאַרכאַפּט אין אַ חלום־
לעגענדע,

וועט ער זיך וועקן צום באַריר פון די צויבער־שטיק פון אַ כּישוף־מאַכער, אַ מייַסטער.

דערשטוינט און צעברויזט זענען די בחורים געגאַנגען : פאַר זייערע אויגן באַוויַזט זיך
אַ מין שטאָט פון פעלדזן, אַ שטומע גרויס־שטאָט אַ פאַרשטיינערטע, מיט פּאַלאַצן, מיט טויערן,
טעמפּלען, פעסטונגען און טורעמס, וואָס וואַרט בלויז אויפן שפּרוך, אויפן מוראדיקן,
פון אַ מכשף וואָס זאָל צוריק זי אויפלעבן.
דער איבערוואָג פון נאַטור־כוחות האָט דאָ די מאַכט ;

אכזריותדיקע ברייטקייטן אין זייער שטומעניש, מיט מעכטיקער שיינקייט און פּראַכט,
האָבן איַינטאַטויִרט זייער חותם אין די שטערנס פון די בחורים, מיטן טרוקענעם גלי,
אַזוי־ווי צום אַרויפליייגן זיך אויף אַן אור־אַלטן מזבח, האָט געלייַטערט זיי ס׳פּייַער־געברי.



מסדה

זיי האָבן געשפּאַנט אַנטקעגן אַ ריז, אַנטקעגן אַ באַרג־ציטאַדעל ; זייַן נאַקעטער געהויב
שרעקט, פאַרשרומפּערט די הויט. צי וועלן מיר טאַקע דעראָבערן אים ? דערשטייַגן אַרויף ?

האָבן זיי שטייַגן גענומען איבערן באַרג־ריפּ, אַרומגענומען פונעם אַנשיט דעם רוימישן,
אַ לעכערלעכער צייכן פון בייזוויליקייט, וואָס ליגט דאָ צופוסנס דער פעסטונג דער תהומישער,
וואָס לאַכט־אויס די שטערבלעכע, וואָס וואַגן דעראָבערן זי. די איַינגעגנג פון דאָזיקן אַנשיט
זענען פּרעציז אויסגעשטעלט מיט פּירקאַנטיקע לאַגערס ; אויך דאָס איז אַ שאַנדפלעק, נאָך
געהיט
פון דער קנעכטשאַפט, פון דער בלינדער דעגענערירנדיקער דיסציפּלין, וואָס אַ מענטש איז
נישט מער,
ווי אַ שטויבעלע אַ צעריבנס, אַ צעטראַטנס, דורך אַ מעכטיק צעשמעטערנדיקער מאַשין אַ שווערע.
זיי שפּאַנען איבער אַ ריזיקן אַנשיט, אַנגעהויפט מיט אומגעהויערער מערישקע־מי, מיט יענער
קנעכטשווייסיקער מי געשיט האָט מען מיט פולע עמערס, געשיט אַזוי עמער נאָך עמער,
נאָך עמער,
ביז ס׳האָט אַנגעהויפט זיך, ביז עס איז געוואָרן אַ היגל אַ דיקס, אַ פונדאַמענט פאַר איַיזנהאַרנס
צו שטורעמען די מויער.
און פון דאַנען און וויַטער, פון ביידע זייַטן, תהומות בלויז דראָען.
פאַרהוילענע שטעגן שלענגלען זיך, ווי שלענג צווישן פעלדזן שאַרפשפּיציקע און שפּאַלטן.

די בחורים קלעטערן, פאַראַנען אויך שטרויכלונגען, טוען זיי איינער אין צווייטן זיך האַלטן,
און באַהערשן די שטייַלע ווענט, כאָטש אַנטקעגן שטייט די שרעק פון תהום דעם אויפגעפּראַלטן ;
קלאַמערן זיי זיך אין די שטיינריסן, אין די שאַרף־פעלדזיקע פלאַקנס טוען זיי זיך האַלטן,
און קלעטערן און שטייַגן־אַרויף מיט ליבע־עקשנות, שיכור פון וואַגן, כאָטש נישט לייַכט,
האָבן זיי באַוויזן עס. דער לעצטער, דער איַינזאַמלער פון די רייען, האָט שוין דערגרייכט
מיט דער האַנט דעם שאַרפן אויבערשטן שפּיץ, וואָס קוקט צום ברייטן גלייַכפלאַך באַקרייזט
אַרום־אַרום מיט די הימלען.

## די מסדה־קנאים

בלויז דער שטאַרק־פאַרצווייפלטער און עקשנות־האַרטער גייסט
פון די פרייַהייט־וואַנזיניקע האָט דעמאָלט געוואָגט די אַליינזאַמשוץ זיך צו וועלן דאָ,
דערהייבן פון יעדן ערדישן לעבנס־יצר. אָ, ווי מען קאָן זיי לייַכט נאָך זען דאָ
שטאָלץ אַרומגיין, אייפער־בייזע; זיי לעבן נאָך דאָ אין אַלץ, אין אַלץ, כאָטש פאַרשיט:
ס'איז נאָכנישט אָפּגעמעקט פון יעדן שטעגל דאָ דער באַריר פון זייערע פוס־טריט;
פון יעדן שטיין, פון יעדער וואַנט, וואָס טאָקע חרב געוואָרן, טייַעט אָבער־אויף נאָך
דאָס פלאַטערן פון זייער גייַסט, די טורעמס, די מויערן, זייער עדות, שרייַען עס אויס נאָך.
אין מסדה, די פעסטונג פון פעסטונגען, מיט איר באַוווּנדערנדיקן וווּנדערלעכן נצח,
ווימלען נאָך אימפּולסן פון גיבורים, נישט געפאַלענע, גלייַך ס'לעבן דאָ ווייַטער נאָך גייט זיך.
זי לאַכט־אויס די סימנים פון דער בלאָקאַדע, וואָס צופוסנס איר שטאָלץ טויט דאָ ליגן,
זי שפּעט פון פעלקער, וואָס זענען אויף שטויב צעריבן געוואָרן מיט זייערע הבלימדיקע זיגן.

די בחורים גייען פאַרגאַפט אין דער פעסטונג אַרום, ווי פאַרחלומט, גייען פון עק ביז עק;
זיי קוקן זיך איַין אין די פליכע בערג־קייטן, אין די תהומות, וואָס פאַרמייַדן יעדן צוועק
פון באַריר מיט דער אייַנזאַמקייט פון מסדה: אַן אינדזל פון לעבן מיט טויט אַרומגענומען,
גלאַנץ פון ים, ווייַסקייט פון ברעגעס ביַי זיַין צופוסנס.
האָבן די זין שנעל באַנומען:
די פעסטונג דאָ, וואָס היט די גבורה, האָט קיין פאַרבייַט נישט, פון איר וועג קיין נויג דאָ,
ביידע זענען פאַרהייליקט, זי האָט די גרעסטע אידעאַל־וויזיע געזען אויג אויף אויג דאָ.

## באַוויינען נישט

די דאָזיקע נאַכט איז די גרויסנאַכט, דער לעבנס־בונד רחלס מיט איר פאַלק, אַנגערעגט
אַ נדר־נאַכט אַן ווערטער. ווען צעצונדענע פייַערן האָבן זיך פלאַקערנדיק צעלייגט,
און אַ מסדה־טאַנץ האָט זיך צעווירבלט, האָט זי אירע אויגן צום תהום אַראָפּגעווענדט
און געזען שטאָלץ פון פרויען, וואָס שעכטן די קינדער — באַוויינען נישט מיט פאַרבראָכענע
הענט
אויך רחל איז איצט שטאָלץ, גלייַך ווי זיי, און פילט, איר גייַסט האָט דערהויבן זיך
ביז צו אַ הויך נאָך קיין מאָל געאַנטער.
די בחורים האָבן צום אַפּעל פאַרטאָג אויפגעהויבן זיך
געשטאַנען אויסגעשטרעקט, אויסגעשטעלט מיט ברוסט אַרויס, ווי געשטעלט זיך אין אַ שויב
פאַר אַן עמעץ נישט־געזעענעם אָבער זעענדיקן, וואָס שעצט זיי מיט שטאָלץ און מיט לויב.
ס'האָט נאָך דאָס ריזיקע געזאַנג געהילכט אַנטקעגן דער צעשייַנט־אויפגעגאַנגענער זון, און
זיי האָבן גענומען זיך אַרונטערגליטשן.
לאַנג האָט דאָס ווידערקול צווישן פעלזן געזונגען.



האָבן זיך די בחורים ביים צוריקקער געוווּנדערט: גאַרנישט פּאַסירט, גאַרנישט געענדערט,
ווען די זייַלן פון זייער וועלט האָבן זיך צעברייטערט. און אין האַרץ אַ ליכט אַ באַשטענדיקס
האָט צעלויכטן זיך, נישט אוסצוגיין, וועט עס בריִען און לייַטערן. זענען זיי צו אַרבעט

צוריק, ווער אין שטאַל, ווער אין גאָרטן, ווער צו דער ביקס, צום גראַנאַט, אָבער אײַנגעקאָרבעט
האָט זיך דער אויספלוג, ווי אַ זיגל אין דער נשמה, נישט צום פאַרגיין.

## דער יומטוב פון עומר *

און אין משק אַ געגרייט.
די פעלדער האָבן זיך מיט שפע פון תבואה געגאָלדיקט. ס'איז שוין אָנגעקומען די שניט־פרייד
שטיפערישע פולע גערשטן־זאַנגען, לאַנג־וואַנסעדיקע, שעפטשן, שאָרשן גאָלדאויגיק,
מיט יעדן ווינטל ווערן די דאָזיקע ערשטלינג־זאַנגען באַוועגלעך, ווערן אַזוי בויגיק.
דער אָרעמער גערשטן, דער געמיינער צווישן די תבואות, פסל צווישן די ווייצן דערנעבן,
זיי האָבן זוכה געווען די ערשטע זיך רײַפן, פולער און פעטער זיי טוען זיך הייבן,
אַ ביכּורים־מתּנה פאַרן עומר.
איז אַ שטיק פעלד אָפּגעצוימט געוואָרן מיט פאַרביקע לענטעס,
אַ הילצערנע בינע, פאַר אויפהייבן דאָס שמעקעדיקע היי, אויפן פעלד דאָ דערנעבן, געשטעלט
איז
מיט פײַערבלימלעך, מיט בורשטינענע קאָרנבלימלעך, איז די בינע באַפּוצט פון אונטן ביז אויבן
עס ציטערן די גערשטן־זאַנגען, אָט באַלד דער צייכן; ווי פון דערוואַרטונג באַוויגן.
שטראָמט אַ גרויסער עולם מיט די וועגן, ווער צופוס, ווער עס כאַפּט אויף אַ פור זיך אַרויף,
און אַ סך, און געוווּנטשן, זענען די געסט. ווימלט פול מיט געזאַמלטע מענטשן דער הויף.
אַ כּבוד־טויער אין פראַנט איז געשטעלט, באַפּוצט אים מיט קריינדלעך און פליטערלעך,
וואָס דערקוויקן פריילעך־פאַרביק דאָס אויג. דורך אים וועלן דורכגיין די שניטער, אויך
די בינדערס, די טענצערינס, ווער ס'קאָן זינגען און שפּילן אויף פּויק, אויף פײַפיאַל
און פידל. נאָך זיי קומט דאָס פאָלק, אַלטע לײַט, קינדער, יִנגלעך און מיידלעך, און זאָל
דער טראָמפּייט נאָר אַ שאַל טאָן, איז דער יומטוב געעפנט.
דער גרויסער המון פּילט־אָן
די גראָז־פּליינען, די זײַטיקע ווײַסינקע שטעגן, די געסט, זייער דורשט נעמען און שטילן־אָן
מיטן קילן־האָניק־געטראַנק; זיי האָבן הנאה פון דער גרויסער הכנסת־אורחים אײַנגעפירט דאָ,
וואָס קומט שפעדיק פון די געשאָטנטע אײַנגענג און פליסט־אַרויס דורך די אָפענע טירן.

צווישן די געסט איז אויך רחלס מומע פאַראַנען, געוואָרן איבערראַשט איז זי ענדלעך
ביים דערזען דאָס מיידל דערוואַקסן, צו עדהן איר שוועסטער איז זי גאַנץ אַזוי ענלעך:
די הויכע וווקס אירע, דער זעלבער גלאַנץ דער שוואַרצער אין אירע קאַרשן־אויגן די צווייַ,
וואָס פאַרצויבערט נישט־ווילנדיק. אַ ביסעלע שטאָלץ און אַ שמייכל פון חן אויך דערביַי, —
ווי ס'וואָלט סותר זײַן איינס דאָס אַנדערע, ליכט און שאָטן, קעגנזאַצן ציִען זיך צו:
אַ פאַרטראַכטע — און שטיפעריקע, רעאַל — און פאַרטרוימט, ווי אַ רעטעניש ביט זי זיך אָן.

מיטן באַזוך האָט זי זיך געפרייט, און צו אַלעם ערשטן אין בלומענגאָרטן געפירט זי,
די רויזנבייט ווײַזן מיט שטאָלץ, די ערשטע שפּראָצונגען פון איר שטאַרקן באַמִיען זיך.
פונעם גאָרטן אין כּרם אַרײַן, ווי אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער זענען זיי אַרומגעאָרעמט געגאַנגען,
צאַרט געשמועסט צווישן זיך, ביז ס'האָט דער טראָמפּייט זײַן מעשן געשאַל אָנגעפאַנגען.
האָט דאָן צו די בינטן־בינדערינס רחל געאײַלט, צו די אויסגעפּוצטע אין קליידער אין ווײַסע

גלײַכמעסיק אויסגעשטיקטע.

מיט זיי אין דער רײַ שפּאַנען די טענצערינס מיט פלײַס
נאָך די שניטערס. דער אויסרופער אויף זײַן פערד רײַט פאָרויס זיי, ווי אַ פּאַן,
אויף די שטעגן, און פירט־אָן מיט די דורכגייער בײַם טויער. אים פאָלגט דער המון,
וואָס ענטפערט מיט ברכה אויף ברכה אין קלאַנג־באַגלייט פון פויק און פײַפיאַל.
מען שפּאַנט אין אַ לאַנגער ריי אַ געשלענגלטע, וואָס דוכט האָט קיין ענד נישט, קיין צאָל,
אָבער ביסלעכווײַז זאַמלט מען זיך אויפן פעלד, אַנטקעגן דעם היי און באַפּוצטער בינע.

די טענצערינס פאַרזאַנגען זיך אין זייער טאַנץ, און ווערן געריגט פון געזאַנג און נגינה.
דער סערפּ נאָך רוט אין די הענט פון די שניטערס, זיי קווענקלען זיך, ווי פאַרווירטע:
זאָל מען שוין שנײַדן? ווו איז דער צייכן?
דער אויסרופער פאַרהאַלט זיי, באַגריסט מאַכט געריכטע
די געסט: „געבענטשט זייט געקומענע פײַערן דעם עומר, אים היילקן ברוב עם־ מיט גדולה!
„זאָלן די הענט געשטאַרקט זײַן מיט גערעטעניש, מיט שײַערן אָנגעפּראָפּטע פולע!"
ענטפערט מען אים מיט געזאַנג; „זײַ געבענטשט, זיי געבענטשט, צום ערשטלינג־שניט!"

אַ שטילע געשפּאַנטקייט. די שניטערס באַקומען אַ צייכן.
דער סערפּ אין די הענט בײַ זיי פליט
ריטמיש און שאַרף צום גערויש און געשאַרך פון צו דער ערד געפאַלענע פולע זאַנגען,
לייגן זיך כוואַליעסווײַז, כוואַליעסווײַז אויס, ווי אין אַ גאָלד־פלעק דאָס פעלד איז געפּאַנגען.
און יעדעס אויג באַגלייט דעם פריידיקן באַוועג, דעם אײַנגעזאַמלטן פאַרהאַלטענעם כוח:
הייב־אויף, בייג זיך אײַן, און אַ שניט.
די שטילקייט רײַסט איצט איבער אַ געזאַנג אַ הויכס.
דער פירזינגער דיריגירט שוין איבער די כאָרן, וואָס ענטפערן־אָפּ מיט געזאַנג אַזוי שיין
אויף דעם ברויזיקן טאַנץ פון די עלאַסטישע מיידלעך, וואָס שטראַלן מיט אַ באַזונדערן חן.

אויפן אָפּגעגרויזיקטן פעלד, מיט זאַנגען אויסגעבעט, האָט דער תבואה־שניט זיך פאַרענדיקט,
לאָזן זיך די בינדערינס פון די בינטן נאָך די שניטערס, קאָליריקע שטריק אויף די הענט, ביז
זיי קומען זיך בייגן און בוקן, ווי אין אַ טאַנץ, טראָגן די בינטן, שטעלן זיי אין קראַנצן,
און ס׳צעפלאַמט זיך אַרום זיי דער טאַנץ, דאָס געזאַנג, טענצערס און טענצערינס טאַנצן.

פאַרענדיקט איז דאָס שנײַדן און בינדן, ווערט יעדעס בינטל און בינטל, אָן צו זאָגן,
אויפגעהויבן פון שניטערס און בינדערס, מיט טאַנץ אין געווירבל, צו דער בינע געטראָגן.
מיט יומטוב־געשאַל פאַרהילכט דער טראָמפּייט דעם ניגון און די לידער די פריילעכע,
בעת דער עלטסטער פון יישוב דעם גאָלדיקן עומר בעמט־איבער.
רופט־אויס דאָן גריילעך
דער רופער: „אָט איז געשלאָסן דער בונד צווישן מענטש, וואָס אַרבעט, מיט ברכה פון ערד!"

פּאַמעלעך האָט דאָס ליכט פון דער זון געזעצט זיך, מיט גאָלדענעם רויטלעכן שטויב ווערט
דער גרויס־קעפּיקער פײַערלעכער עולם אין טאַנץ באַדעקט. עס צעפּײַפלען זיך פײַפיאַלן

און ס'ענטפערן פידלען און פויקן יומטובדיקער, צו באַגײַסטערן טענצערס צו די טאַנציקע ראָלן.
ביז דאָס טאָגליכט פאַרבלאָסט שוין, נעמט מען פֿיַערן רויט־צונגיקע דאָ אַרום צו צעלייגן
און אין זייער שײַנליכט זאַמלען זיך די שורות: דער אויסרופער און די טרעגער
פון ערשטער תבואה, די שניטער, די בינדערינס די ווײַס־געקליידטע, טענצער, שפּילער, אַלע
באַזאַמען,
נאָך זיי דער טאַנצנדיקער עולם, געטובלט אין פאַרשידנאַרטיקע פלעמלעך און פלאַמען:
העל־גאָלדיקע ביז רויט־און פערפּל־קאַליריקע, אין טאַנץ פון די שאָטנס וואָס פאַלן.

האָבן זיי אַלע געשטראַמט אין הויף דעם פאַרטרונקענעם אין ציכטיק־לויטערע שטראַלן;
צווישן די צווײַגן פון ביימער, אויף גראָזיקע פליינען, טישן צעשטעלטע, געגרייט
מיט כל טוב, מיט דער ברכה, וואָס די ערד האָט דעם מענטשן געבענטשט, האָבן די געסט געפרייט
זיך בײַ לוסטיקע קולות, פײַכט פון טוי געטאַנצט, געזונגען, ביז ס'האָט דער טאָג זיך געוועקט,
ביז גוזעטיקט געפאַלן; ס'האָט איצט פאַרוויגט די ערד זיי מיט אַן אור־אורן רו־גלעט.

פאַרוואָרצלט

רחלס מומע, ווי אַ וואָלקן וואָלט אַרונטערגעפאַלן פון איר האַרץ אין דער דאָזיקער נאַכט
פון שורשדיקער שמחה: באַשײַנפערלעך האָט זי געזען, ווי רחלס נשמה האָט זיך געמאַכט
באַפרײַען פונעם קאַשמאַריקן עבר אירן, ס'האָט איר אַן עכטע היילונג איצט דאָ געבאַרן
די ערד. אויך דאָס בענקען אין טרויער נאָך איר מאַמען, איז ווי אויסגעאיידלט געוואָרן.

האָט איר רחל דערציילט פונעם צוטרוי, וואָס געוווּנען זי האָט בײַם גערטנער דעם אַלטן,
וואָס טרויט איר אַן די טײַערסטע פרוּוון, לערנט זי ווי־אַזוי די יונגע קוסטעס צו האַלטן.
זי שטאָלצירט, אַז באַפרײַען דעם אַלטן מאַן אַ סך פון דער לאַסט האָט זי שוין געקענט,
און אַליין זי צו טראָגן. אויך אַ סך, געוויצלט זיך, געשפּאַסט, — אַזוי־ווי עס פלעג טאָן איר
מאַמע —
לײַכטשפּאַטיק, שווישפּילעריש, פּעלערן געשילדערט, זי האָט עס אויך געקענט צוזאַמען
מיט באַוועגונג, נאָכקרימונג, מיט זשעסטן אויסדריקן, און צו לעצט האָט זי איר דערציילט,
אַז אויך זי איז צווישן די באַשיצער, אַנדערש קאָן מען נישט אין הײַנטיקער צײַט; —
אַז זי ספּעציאַליזירט איז אין זאַכן, וואָס פאַרלאַנגען פאַרזיכטיק צו זײַן, וואָס מער געשיקטער
וועגן אַנטייל אין די אַקטן האָט זי אַנגעדייט בלויז, ווײַל ס'פאַרשווײַגן איז דאָ דער עיקר.

אויך שרה האָט דערציילט איר פון נעכט אויף שמירה, איר אַנטייל, איר פאַרגאַנגענהייט;
און שעהען אויף שעהען זענען זיי געזעסן, ווי חברטעס, נישט געפילט דעם גאַנג פון דער צײַט.



דער אונטערגרונט

די בחורים האָבן געאיבט זיך, געלערנט די מלאכה פון מלחמה אַ העלפט פון זייער צײַט,
און דער ווירטשאַפט, דעם פעלד דעם וואַרשטאַט, האָבן זיי די אַנדערע העלפט צוגעטיילט.
די אַלטגעזעסענע פונעם אָרט, האָבן ליב זיי באַקומען, זיי מקרב און מדריך געווען,
און קוים האָט זיך געבייטיקט, פלעגן זיי פאַרטושן פאַר דער מאַכט, וואָס צו וויסן און זען

האָבן זיי געלעכצט ווו די נעסט איז פון די יונגע קעמפער, דערווישן און זיי ליקווידירן.
זיי האָבן אפילו דעם ,ידיד׳־קאָמענדאַנט געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, דעמיסיאָנירן,*
און פאַרשיקט אים העט־ווײַט, אפילו אים געלויבט מיט חנופה־רייד. אָבער שטענדיק
באַמיט זיך זײַן שטאָלצע לערע מאַכן צוניִשט, פאַרפירן, פאַריאושן, מאַכן אָפּהענטיק
די תלמידים זײַנע. ס׳איז זיי אויך געלונגען אויסצונאַרן און צו באַקומען, ווי עס איז,
בײַ די פרעמדע אַדיוטאַנטן זײַנע, די פרטים פון די אַטאַקעס און די געהיימע רשימות
פון די בחורים־קאָמענדאַנטן, זײַנע שילער, זייערע באַוועגונגען, דאָס אָרט פון זייער אויפהאַלט,
אויך געפרוווט מאַכן אויף זיי אַ הונט־יאַגד, כאַפּן זיי, פאַרהאַפטן און אַרעסטירן בגוואַלד.
אָבער זייער שטאָלצן גײַסט, זייער פעסטן צוזאַמענהאַלט, אײַנברעכן האָבן זיי נישט געקענט.
האָט דאָס נאָך מער זייער עקשנות־פלאַם צעבלאָזן, געצוווּנגען זיי אַרונטערגיין פאַרקלעמט
אין אונטערגרונט מיט אַלע זײַנע דקדוקי־באַהעלטענישן : זיי האָבן געקליגלט געזונט
אויפצושטעלן קאַדרען פון וואָרנונג און שפּיאָנאַזש ; זיי האָבן אויך ותיקים משתף געווען,
וואָס מיט זייער נסיון פון תמיד־אַן וועט מען זיי היטן דאָ, פרויען ווי מענער.
זיי זענען גרייט געווען באַגעגענען זייער פּלוצימדיקן באַזוך, כאָטש פאַראַטן לײַכט קען ער.

אַזוי האָט פּאַסירט, ווען דעדעקטיוון האָבן באַפאַלן, אין זייערע הענט אַ פאַרדעכטיקטן נאָמען
פון אַ ,מסוכנדיקן רויבער׳, האָט דאָס מיידל פונעם קינדער־הויז געטאָן אים אַ ווונק אַ קרומען
שנעל לויפן צום מיידעלע וואָס ווייגט, ווי צו זײַן טעכטערל. ווען די זוכער זענען פאַרבײַ,
האָבן זיי נישט געקענט זיך אײַנהאַלטן פון געלעכטער, זעענדיק אים אין ווײַסער שירץ, עלעהײַ
ער באַמיט זיך אײַננעמען דאָס קינד. נישט געדענקט, אַז דער לעכערלעכער טאַטע האָט געקענט
נעכטן טויכן אין ים אַרײַן, צוקלעבן צוויי מינעס גרויסע מיט זײַנע אייגענע הענט
צו זייערס אַ פריגאַטע.



## גד און רחל

אויפן היגל פון די כרמים האָט זיך אין איינעם אַ טאָג פרײַ
אַנגעשלאָסן אין רחלס אײנהייט אַ גרופּע ,פאַרדעכטיקע׳, און גד צווישן זיי.

אַ, סאַראַ פרייד געווען, ווען זיי האָבן באַגעגנט זיך, האַנט אין האַנט, אויג אין אויג צו שטיין,
און זיך פאַררודיטלט ביידע פאַר די אויגן פון די חברים און כמעט זיך מבזה געווען —
געוואָרן אַן אָביעקט פאַר ייִנגלישן־בײַסיקן שפּאַט. ווי שטאַרק פאַרשעמט פאַר זיך אַליין
האָבן זיי נישט גערעדט ביז אַנגערוקט האָבן שוין די שאָטנס.
געקווענקלט זיך בײַם שײַן
פון אַ לאָמפּ אַ בלאַסן, זענען זיי געזעסן אינעם ציכטיק־רייִנעם מיידלישן געצעלט,
וואָס ספּעציעל האָט מען עס ליידיק געמאַכט.
מיט לײַכט געלעכטער האָבן זיי זיך דערציילט
זכרונות, אײַנדרוקן פון סטאַנבול, וועגן דער כיטרעקייט פון די שליחים אין קאַפּריסין געשיקטע,
וועגן שטויביקן וואַרטן צו אַנטלויפן פונעם אינדזל, וועגן זעגלשיפל אויף כוואַליעס צעוויגטע
און אַליין פון זיך האָט רחל געשפּעט, ווי אין לאַנד שוין, אין דער ערשטער נאַכט אירער געזוכט
האָט זי אַ באַהעלטעניש צו אַנטלויפן אַז דעם האָט זי אפילו אײַנשלאָפן נישט פאַרזוכט.

זי האָט אים דערציילט, ווי שווער און לאַנג זי האָט זיך געראַנגלט די לאַנדשאַפט צו באַנעמען
ביז זי האָט געקענט איר כאַראַקטער דערלערנען, איר שיינקייט, איר וויסטעניש ליב צו באַקומען.
און ביידע האָבן געלאַכט, ווען זי נאָכגעקרומט האָט איר אייגענעם יאוש ביים קומען אין באַריר
מיט דער שאַרסטיקייט פון די בחורים דאָ אַן באַנעמונג. האָט דער יחוס מער פאַר איר
נישט עקסיסטירט. אויך דאָס פּיעשטשען זיך, וואָס איז איר אַ מכשול געווען.

האָט אויך גד
דערציילט זיינע געשיכטעס, וועגן שיפן, ברעגעס און אינדזלען, וועגן פרויען, קינדער, געהאַט
אין די נעכט אויף די פּלייצעס די בחורים געבראַכט; און האָט געשמייכלט דערמאָנענדיק
אַ דריי־יאָריק מיידעלע, צו אים ממש מיט ליבשאַפט געקלעבט: ער פילט נאָך דעם תענוג,
ווען די אָרעמס אירע קליינע האָבן דאַן געהאַלדזט אים.

עס האָבן צוויי טרערן מיט באַנג אין
די אויגן פונעם מיידל אויפגעפינקלט; האָט זי געפּרוווט פאַרשטעלן זיי, האָט גדן צו פאַנגען
געלונגען זייער גלאַנציקע פייכטקייט און פאַרשוויגן פאַרשעמט; אָבער געגלעט מיט דער
האַנט זיינער צאַרט מיט גוטסקייט איר האַנט.

ווי נישט וואַגנדיק האָט רחל מיט ציטער
געפרעגט: „פאַרוואָס, גד, האָט איר דווקא גערופן מיך, מיך גראָד אַן אויסגעוויילטע געמאַכט?
„ביז היינט וווּנדערט מיך, מיט וואָס פאַרא זכות, פון זיינט יענער ווונדערלעכער נאַכט — — ״
„נישט בלויז איך, אויך שאול. . .״ — האָט גד געשטאַמלט פאַרשעמט, מודה געווען, ווי באַטריבט
„דיך געוויילט, ווייל — — — אַן איינזאַם מיידעלע ביסטו געווען, האָסט זיך באַליבט. . .״
זענען זיי איבעראַשט אַנטשוויגן געוואָרן.

זיי וואָלטן נאָך אוודאי לאַנגע שעהען געזעסן,
ווען נישט אַ לייכטער קלאַפּ אין געצעלט, דער קלאַפּ איז זיי אַ בולטער צייכן געווען,
אַז די מיידלעך, וואָס וווינען דאָ אין געצעלט, קערן זיך אום, ווילן אַריין אויף צוריק.
האָט אַ צויבער־פאָדעם פאַרקנופּט זיך זיי אין די אויגן, ווען אַ האַנט אַ האַנט געדריקט,
פאַרקנופּט, ווי אַ דינער נישט־אַנזעעוודיקער שטריך, און דאָך איז ער דאַיק און פאַראַן.

האָבן זיי
געזעגנט זיך קאַלט, געווינלעך, פאַר די אויגן פון די מיידלעך, וואָס האָבן, קווענקלנדיק דערביי
מורא געהאַט, אַריין מיט טומל און געלעכטער, אין זייערע הענט אַ וואַרעמע משקה אַ שוואַרצע;
נאָך זיי זענען די בחורים אַריין, מיט יוגנט־געזאַנג מיט הילכיק געלעכטער פון האַרצן
האָבן זיי אויף די בעטלעך געזעצט זיך, אויף דר׳ערד אַרום. זייער געזאַנג, וואָס יעדע לאַסט
וואַרפט־אַראָפּ פאַרחלומט־פאַרבענקט, פילט־אַן די לופט, ווי זיי וואָלטן רחלען און גדן פאַרקנסט
און פאַר ידידים צוזאַמענגעבונדן.

אָבער רחל האָט געשעפּטשעט, ווי מיט שולד געוווּנקען:
„גד האָט מיט אַ זעגלשיפל אין לאַנד מיך געבראַכט. . .״ — און אין שוויייגן פאַרזונקען.



רויזן

צומאַרגנס האָט דעם מיידל שטאַרק איבעראַשט אַן אומגעריכטער באַזוך, וואָס האָט איר נשמה
צעשטורעמט; ווען זי האָט די רויזן באַוואָסערט, געבויגן איר קאָפּ צו די בלומען,
ווי פון סאַמעט, און איינגעזאַפּט מיט לוסט זייער דופט בלום נאָך בלום, ריי נאָך ריי,

האָבן פּלוצים צוויי שטאַרקע אָרעמס אַרומגענומען זי; וואַרעמקייט האָט געפלאָסן פון זיי,
אַזאַ וואַרעמקייט האָט זי נאָך קיין מאָל נישט געפילט, און געפרייט זיך ביז ווייטיק, ביז געוויין.
„ביסטו עס, גד?״ — האָט זי אַן אויפגעשטורעמטע געשעפּטשעט.
„יאָ, איך בין עס, איך אַליין״.
לאַנגע רגעס האָבן זיי געשוויגן, ווי שטומע, ווי פאַרשטיינערט, מיט צויבער פאַרהויכט,
נאַיוויטעט פון בלויע אויגן, ווי זי וואָלט אין ברען פון אויגן, צוויי קאַרשן, געטויכט.



שותפות

טעג נישט קיין סך האָבן זיי אין גאָרטן, און ביַים געווער, געאַרבעט צוזאַמען, ווי גליַיכע,
ס׳ליכט פון זייער גליק אויפגעשיַינט האָט. ווען עס פלעגן זי בענקשאַפטן שטאַרקע דערגרייכן,
געפילן, ווען ס׳פלעג די ברעגעס פון האַרץ איר פאַרפלייצן, פלעג זי זיי פאַרצייכנען,
אויסגיסן איר שרעקיקע זאָרג און די פרייד פון איר ליבע. און פלעג ער קומען פון נעכט אין
אַקציעס, וואָס האָבן אין סכּנה געשטעלט אים, פלעגן זיך אָרעמס הייס פאַרפלעכטן,
איין שטיק גאַרונג געוואָרן.
אָבער ווען טעג זענען געקומען און געוואָרן איז עפּטער
דאָס אָפּטריַיבן געקומענע פון די ברעגעס, אויך דאָס קעגנבאַצאָלן, האָט רחל נישט געקענט מער
דערטראָגן די זאָרג, און געפאָדערט אויך זי מיטצונעמען, — מיט אַ מין תקיפות געשטאַנען
אויף אירן, ביז מען האָט באַוויליקט צו פּרוּוון זי.
איז בכלל נישט געווען נאָך פון דאַן אַן
אַזאַ פריידיקע שותפות אַ פולע, ווי די שותפות מיט גדן, דורך נעכט ווי דורך טעג,
אין נסיון פון געפּרוּווטקייטן אַלערליי, דערהויבענע און שווערע ביז אימה און שרעק.



דער ווידערשטאַנד

אין יענע טעג האָט דער שׂטן-געווירבל, וואָס האָט פאַרווירבלט די וועלט איַינגעשטילט זיך,
צעשמעטערט זענען געוואָרן די רוצחים-חיילות, פאַרזונקען געוואָרן אין אייגענעם זינק-
תּהום, אין אים האָבן זיי פאַרזונקען געוואָלט יעדעס פאָלק, וואָס נאָך געוואָגט געהיים, שטום,
טראָגן גאָטס געשטאַלט אין האַרצן.
אַ פונק פון האָפענונג האָט צעצונדן דעם רעשטל פון אומקום,
אַ פאַרגיטונגס-מתּנה פול חרטה-טרערן דעם פאַרפיַיניקסטן פון פעלקער ווערט געגעבן נאָך ווערן:
אויף די הענט וועט מען טראָגן די פון די אויוונס געראַטעוועטע, ווען מלחמה וועט אויפהערן.
אויף די קני וועט פאַלן די וועלט און פאַרשעמט וועט זי מכפּר זיין די באַגאַנגענע זינד,
ווייַל זי האָט אַ פאָלק געזען גוסםן אין זיַינע יסורים, און געמאַכט זיך נאָך בלינד.
ס׳וועט דערוואַכן דער שטאָלץ פון מענטש און זיַין צדק-רוט וועט משפּטן, אויסקאַרענען
פאַרברעכער, שולדיקע, זינדיקע, זיי וועט ער פון זיך אויסשפּיַיען, און מיט זיַין צאָרן
אומווערדיקייט אויסראָטן.
ניין, מ׳האָט נישט די הונגעריקע, פאַרמוטשעטע פון יסורים,
אויף אָדלער-פליגל געבראַכט, איַינוואָרצלען זיך אין לאַנד פון זיין האָפענונג, די וואָר איז,

אַז געשמידט האָט מען זיי נאָך צום פֿאַרשאַלטענעם באַדן, ווײַל גרויס איז זייער זינד:
זיי האָבן נאָך לעבן געוואָלט, איבערלעבן זייערע באַדרענגער — נאָך עקסיסטירן אַצינד!
די גרענעצן פֿאַרשלאָסן פֿאַר זיי, די טירן און טויערן פֿאַר געניסן פֿון אַ מענטשלעך לעבן,
דאָס וועלט-געוויסן האָט פֿאַרגעסן זיי, זיך אַנטלאָסטעט, אָפּגעשאָקלט פֿון הילף זיי צו געבן,
מיטן גנאָד פֿון שיפֿער און מאַטראָסן, וועלט-צדיקים, אָדער כּל-מיני באַטריגער, דערפּרעסער
און רויבער, האָבן זיי פֿון די ווײַט-ווײַטע ברעגעס דורכגעבראָכן דעם פֿאַרשפּאַר, די שלעסער;
אָבער אויך אויף דעם איינאיינציקן ברעג, ווו ברידער, אייגן בלוט און פֿלייש, האָבן געוואַרט
אויף זיי, האָט מען פֿאַרשידענע שטרויכלונגען אונטערגעשטעלט, זייער קומען פֿאַרשפּאַרט,
ביי די גרענעצן מוסרים אונטערגעקויפֿט, אויך אַפּאַראַטן אונטערגעשטעלט זיי צו דערטאַפּן,
פֿײַנפֿילעוודיקע אַפּאַראַטן, אַנצוזאָגן זייערע שיפֿן ווי-אַזוי נאָכצויאָגן זיי ווו זיי פֿאַרכאַפּן.

איין האַרץ האָט געקלאַפּט בײַ די באַנער אין לאַנד אַרײַן, און בײַ די בויער-באַפּרוכפּערער זײַנע.
ווי אַ צערייצטע חיה, איר בליק ווערט שאַרפֿער, שפּירעוודיקער דער חוש הריח, ווי בײַ קיינעם,
איז אויך זייער חוש-הריח שפּירעוודיק געוואָרן, די גרענעצן-שמוגלער אומעטום צו דערניוכען:
אויף דער יבשה, אויפֿן ים, דורך די נעכט, אויף באַהאַלטענע זײַט-וועגן, אויפֿצוזוכן.
צווישן די בערג, ווי הירשן, פֿלעגן זיי קלעטערן, פֿירן קאַראַוואַנען דורך וועגן פֿאַרוווערטע,
דורך פֿעלדזן-שפּאַלטן, דורך טאָלן, באַהאַלטענע היילן, דורך וועגן-נישט-וועגן, צו זיכערע ערטער.



די רעוויזיע

האָט פּאַסירט און ס'איז דעם מלשין געלונגען: האָט מען די געקומענע געכאַפּט און צוזאַמען
פֿאַרהאַלטן זיי; דעם גזר-דין געגעבן; צוריקשיקן אין די לענדער פֿונוואַנען זיי שטאַמען.

האָט אַ גרופּע בחורים די פֿאַרצוימונגען דורכגעריסן, די פֿאַרשפּאַרטע באַפֿרײַט, אַרויסגעפֿירט*
און געבראַכט זיי אין זייערע היימען מיט וועגן-אומוועגן, נאָך פֿון פֿריִער אויסגעשפּירט.
די פּליטים, קוים וואָס אָפּגעשטויבט דעם שטויב פֿון זייערע וואַנדערונגען, קוים דערפֿילט
דעם ריח פֿון אַ היים — האָט דערווישט זיי דאָס אויג פֿון מלשין, וואָס ווערט גאַרנישט מיד.

האָבן אַרומגערינגלט נאָכשפּירער דעם גאַסטגעבערישן ישוב — ווי אַ לעמעלע וועלף אַ טשאַטע*.
צו געפֿינען די טריט פֿון די געיאָגטע פּליטים, וואָס האָבן שוץ געפֿונען, ווי בײַ אַ טאַטן,
און צו ניוכען נאָך די באַהעלטענישן פֿונעם שוץ-געווער, וואָס ליגט באַהאַלטן דאָ לויט די
קלוגע עצה-געבער, מיט פֿאַרשידענע טריקן; צעריסן שיכטן פֿון ערד פֿרוכפּערדיקע, פֿלויטן
אײַנגעלייגט, גערטנער און גערטנדלעך איבערגעקערט, דעמולירט גראָזפּליינען, און וווּהין
נישט דערגרייכט צו נישטערן, צו צעברעכן יעדן אַקעראײַזן, אָדער יעדע גראָב-מאַשין,
ברונעמער צעשטערן, פּאָמפּעס, וואָס האָבן לעבן אַרײַנגעשטראָמט אין די בייטן פֿון די קוואַלן,
און אָפּגעשטעלט זייער באַפּרוכפּערנדיקן שטראָם, אויסצורײַסן, צעטרעטן מיט כּוח ברוטאַלן.

די פּלאַנצן

די קינדער די אײַנגעשלאָסענע אין די שטיבער, דערזעענדיק דעם פֿאַרדאַרבער, גוט באַקאַנט זיי,
האָבן אַרונטערגעפּויזעט פֿון טאַראַסע-באַהאַלט צו די פּלאַנצן, — אַזוי פֿריילעך פֿאַרפּלאַנצט זיי,

צאַרט און פּאַרזיכטיק אַרויסגעצויגן זיי, ווי לעבעדיקע באַשעפענישן, זיי אַרומגעהילט
מיט שמאַטעס פּײַכטע, באַהאַלטן אין שטוב זיי; דאָס קליינוואַרג, וואָס שטופּט זיך, אײַנגעשטילט
און דערקלערט: „קוים וועט נאָר דער שונא פאַרשווינדן, פאַרלאָזן דעם חצר באַצײַטן,
וועלן מיר ווידער אַרויס, אַרײַן אין גאָרטן, אײַנפלאַנצן די פלאַנצן צוריק אין די בייטן!"

האָבן די אַרײַנדרינגער זיך געפּעדערט אַנטקעגן דער מענטשן־וואַנט, ווי אַ פעסטונג געמאַכט,
מיט פּויסטן געבײַלטע, מיט אַנטבלויזטע אָרעמס און ברוסט, וואָס אָטעמט שטיל מיט פאַראַכט.

אַ גרעיפּפרוכט

און ווען זיי זענען אַרײַן אין אַ פּרדס, וואָס גליט צעשײַנט, צעבליצט,
און געוואַרט אויף אַ שאָס — כאָטש איין שאָס — ווי אַ סיבה צו עפענען אַ פײַער אַ ווילדס
אויף די ,באַפאַלער', האָט אַ ייִנגעלע אַ קליינס אויף זיי אַ גרעיפּפרוכט געשלײַדערט,
ס'איז נאָך אַזאַ וואָפן נישט געווען אויף דער וועלט, וואָס זאָל אַזוי מישפּטן, באַליידיקן,
וואָס זאָל אויסדריקן דעם צאָרן פון אַ פאָלק אַן אונטערדריקטס, שטום אין זײַן אויפברויז,
וואָס זאָל געוואָרפן ווערן אין פּנים פון באַדרענגער, פון זײַנס אַ קינד נישט קיין גרויס:
נישט קיין אײַזנגראַנאַט נישט קיין רעוואָלווער צי ביקסן־קויל, נאָר אַ פרוכט, וואָס אין לאַנד
טוט וואַקסן, בליִען, זאַפטיק ווערן און רײַף דאָ פאַרן דאַזיקן פאַרביסענעם ווידערשטאַנד.

איז אויף אַ ווײַל אַ צעטומלעניש געוואָרן, ס'האָבן זיך די ביימער־קרוינען, ווי צעשעלעשטשעט,
באַוועגט זיך, ווי פאַר אַ שטורעם, אָבער מיט זייערע וואָרצלען טיף אין דר'ערד געפּעסטיקט.
ביז ס'האָבן די פאַרדאַרבער אַ לאָז זיך געטאָן, ווי אַ וויכער ,די שטילקייט פון פײַנטלעכער שרעק
אויפגעריסן — נישט געקאָנט מער דערטראָגן — מיט קללות, מיט וואַנזיניקער שׂנאה און שלעק
אַרומגערינגלט דאָס הייפעלע קעמפער, אַראָפּגעלאָזט אויף זיי שרעקלעכע שטעקן־קלעפּ,
שטיקנדיקע טרער־באָמבעס, און אונטער אויפגעשטעלטן דראָטענעם־צוים זיי פאַרשלעפּט,
און אַ לאָז געטאָן זיך מאַכן אַ רויב־,רעוויזיע'.
דאָ און דאָרט איז אַ רויכזײַל שוין צו זען,
ווי ער פאַרבינדט מיט די הימלען אַ הויפן ביורא־פּאַפּירן.
באַגאָסענע מיט בלוט, פאַרקריצט די ציין
אַטעמדיק מיט פאַראַכט, האָבן זיי זיך אײַנגעקוקט אין די צעשטערער, ס'ווײַסע העמד צעריסן
אויף זיך, די ווונדן פאַרבונדן.
אײַנגעבראָכן האָט זיך אַ גבר וואָס האָט געטאָן זיך אַ ריס
ראַנגלען זיך מיט זײַנע אײַזערנע פויסטן, האָט מען אים דעם קאָפּ געשפּאָלטן און די ריפּן,
און נאָך געשלעפּט צום צוים, דאָ איז ער אַ פאַל געטאָן מיטן נאָמען פון זײַן קינד אויף די ליפּן.

פּעדערן

אַ, זיסינקע קישן־פּעדערן, ווער קאָן ציילן די שפע די ווײַסע אײַערע און דעם באַטײַט,
ווי די שפע פון די שניי־פליטערלעך די שיינע, ווי איר שוועבט דאָס אין אײַער צעשפּרייט!
איר האָט זיך אין יעדן ווינקל פאַרזעצט, די דעכער באַדעקט, און די אַלע קשאַקעס אַרום,
און אין שפּאַלטן פון די אויסגעריסענע ברוק־שטיינער, אין עס־קעסלען, מיסט־קאַסטנס,
אומעטום;

גערייצט מיט די דיניקע פעכפעדערלעך אין האַלדז, געקיצלט אין די אויערן, אין נאַזלעכער
און געבראַכט צום ניסן, צום פאַרכלינען זיך, צום הוסטן; באַוויזן צו הייבן זיך העכער
און העכער, אַרונטערלאָזן זיך לײַכט־שפּאַסיק אויף שוואַרצע האָר, אויף ברעמען זיך באַווײַזן,
אויף די דיניקע הערלעך פון די אויגן, מיט די שפּאַטיקע קונצן אײַערע צו באַווײַזן.

## דער יונגער שטאַלמייסטער *

די פאַרצוימטע האָט מען די אַרבעט נישט דערלויבט איצט, איבערגעריסן זי, אַפילו מיט שאָדן;
די קי מיט געשוואָלענע אײַטערס האָט מען נישט געמאָלקן, לאַנג האָבן זיי געצויגן דאָס מויַן,
דאָס רײַסיקע מרוקען, באַקלאָגט זיך מיט אָפּהענטיק געוויין פאַרביטערט מיט צונגען שטומע.
האָט דער יונגער שטאַלמײַסטער צעצאַרנט זיך — ווי פאַרראַטן — און האָט רחמנות באַקומען;
דורכגעריסן זיך די וואַך, און ווי אַ וואַנזיניקער געלאָזט זיך מעלקן די קי אין געפּאַר.
נישט געהערט דאָס געשריי פון די סאָטראַפּן, וואָס האָבן באַפוילן אים צוריק אין צוימפאַרשפּאַר;
אײַלט ער צו שטאַל, ענטפערט מיט אַ באַרויִקטן ליבשאַפט־געברום דעם מרוקען פון די קי,
און זיך אויפן נידעריקן טאַבורעטל געזעצט, די קאַן אַרונטערגעבויגן צווישן די פיס
צום ריטמישן געפּליס פון די שפּעדיקע שטראַמעלעך פון ווײַס־צעשוימטער אַנגעלאָפענער מילך.
נישט געשראָקן האָט אים דער געטופּ פון די נאַכלויפער מיט זייער צאַרניק שרײַ־געהילך
צו זײַן רויִקייט, וואָס באַליידיקט, צו זײַן געבויגענעם רוקן, זיי פּרוּוון אים הייבן, אומזיסט, —
ווי אַ טויבער ענטפערט ער נישט.

ביז זיי האָבן אים געשאָסן.

האָט זיך די מילך אויסגעמישט
מיט זײַן בלוט אין אַ ריטשקעלע אַ ווײַס, וואָס ראָזלט זיך, ווערט רויט, בײַ די קייִשע פיס,
וואָס דרייען אויס צו אים זייערע אויגן־טרויעריקע קעפּ מיט אַ מרוקע אַ וויסט.

פּאַמעלעך האָט דאָס בלוט פון זײַן לעבן גערונען, געטונקלט זיך זײַן וועלט, געפאַלן איז שווער
זײַן קאָפּ, ווי פון רחמים געגלעט; אין לעצטער איינזאַמקייט איז ער נישט געווען שוין מער.

## לחם חסד

האָבן זיך געמערט זון־שעהען לאַנגע פאַרלאָפענע; די שטאַרקערע צווישן די פאַרשפּאַרטע האָבן
צאַרט
פאַרשטעלט די שוואַכע צום חלשן, זיי אונטערגעבעט, זייערע פאַרטריקנטע ליפּן האָבן פאַרדאַרט
געשפּאָלטן זיך פון דורשט, אויך דער הונגער האָט דערקוטשעט אין אויוון ווערט דאָס ברויט
פאַרסמאַליעט, פאַרשמעקט עס פון דערווײַטנס און רייצט דעם גומען דעם פאַרטרוקנטן ביז טויט.
די פאַרשפּאַרער — באַרמהאַרציק — ברענגען ברייטלעך, און אין דער פאַרצוימונג זיי וואַרפן
צווישן דעם הונגעריק־פאַרשפּאַרטן המון; עס האָט זיך צעפלאַקערט זייער כעס שאַרף און
מיט צאָרן וואַרפן זיי די ברייטלעך צוריק, ווי מען וואַרפט נימאסדיק מיט מיסט־שטיינער;
שטאַרבן, און מירן נישט עסן זייער חסד;

האָבן די פאַרשפּאַרער אַלע פאַרכמורעט אינאיינעם
אָנגעהויפט דאָס ברויט פאַר די אויגן פון די הונגעריקע, וואָס האָבן עקשנותדיק געפאַסט,
און אויסגעלאַכט זייער שטאָלץ.

פּאַמעלעך האָט געלאָשן זיך דאָס זון־ליכט אין דעמערונג־פּאָסן,
פּאַרגרויט, אַרײַנגעטונקלט אין דער וואַכנאַכט, ס'האָט נאַכטשטילקייט טיף אײַנגעשטילט
די מידע פּאַרשפּאַרטע מיט זייערע חוצפּהדיקע פּאַרשפּאַרער, מיט פינצטערניש אײַנגעהילט.

## די ידיעה וועגן דער רעוויזיע

אויך רחל איז צווישן די פּאַרשפּאַרטע. זי האָט גענומען אויף זיך אונטער דער שוץ פון נאַכט
צו לאָזן וויסן, אַליאַרמירן, וואָרענען, צו אַנדערע ווײַטערע ישובים די ידיעה געבראַכט.
ווען געזעטיקט פון נצחון איז די וואַך פּאַרטאָן געוווען אין אַ שטיל־שעפּטשענדיק געשפּרעך,
אין זויפן געטראַנקען, איז זי אַדורך, געניט אין קריכן, דורך זיי, אָן צו דערוועקן רעכט
אַ שאָרך אַ מינדסטן. צו יעדן שאַרפן שטיין האָט זי זיך געטוליעט, גרוי האָט זיך
מיט גרוי צוזאַמענגעגאָסן. ס'האָט אויך פּאַסירט און אַ ליכט־שטראַל געפּאַנגען האָט זי,
פּלעג זי זיך צודריקן צום אָרט, אַוווּ זי איז געקראָכן, פּאַרגליווערן, ווי אַ שטיין
צווישן שטיינער, ביז דער שטראַל איז איר אַריבער און ווײַט געגליטשט זיך מיט דער שײַן
איבער בלאָקן־גראָז צעגראָבענע, פּלויטן אײַנגעלייגטע, איבער אויפגעבראָכענע דעכער פון
שטיבער.

און רחלען אין שאָטן געלאָזן.
איז זי ווײַטער געקראָכן, שטעכערס און דערנער אַריבער,
ביז צו אַ שמעקעוודיק וועלדל פון סאָסנעס, וואָס זייערע פּאַרנדיקע נאַכטיקע־פּאַרעס זי דערפילט
אויף צו פּאַרשיכּורן זיך מיט דעם גערוך. האָט זיך רחל אַוועקגעזעצט, אין שאָטנס געהילט,
רוען אַ ביסל, אָבער באַלד, ווי פון אַ געבאָט באַצוווּנגען, איז זי אַרויס פון די ביימער
און ווײַטער געאײַלט, — ביז וואַנען זי האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַ ייִדישן שומר.



## צאָרן פון פאָלק

האָט די ידיעה וועגן דער באַלייריקנדיקער בלאָקאַדע זיך צעשפּרייט, צעשטורעמט אומגעהויער
רויִקע אַרבעטער, געבײַלט זיי די פויסטן, פּאַרהאַרטעוועט זייערע ברוסטן, ווי אַ מויער.
זענען געגאַנגען צענדליקער און געוואָרן הונדערטער, ביז צו צענטויזנטער דערגאַנגען,
און ווען דער פרימאָרגן האָט צעשײַנט זיך, און זון האָט איר גאָלד אויפגעהאַנגען
אויף די שפּיצן פון ביימער, ווי איז איבערראַשט געוואָרן דער קרײַז פון די אַנפּאַלער־צעשטערער,
ווען זיי זענען אַליין אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ טאָפּלטן קרײַז, וואָס געוואָרן אַלץ מערער,
אַרונטערגעקומען פון די היגלען, אַרויף פון די טאָלן; אַרום־אַרום אין אַ קרײַז זיי פּאַרקרײַזט,
צעטרעטנדיק תּבואה־פעלדער און פּרמים, אָן רחמנות, איבער שטחים גראָז־באַוואַקסענע
געפלייצט,
ווי אַ ריזיקער טײַכאויסגוס, וואָס זײַן ברויזיקע קראַפט דערווײַל ביי די ברעגעס מען הערט,
אָבער קיין האַנט קאָן אים נישט אויפהאַלטן מער, רײַסט ער זיך אַרויס, פאַרדעקט ער שטחים
ערד.

די פּאָן בײַ זיי — דער צאָרן אַנטקעגן טאַנקען, פּאַנצער־אויטאָס, ביקסן און באַגענטן; פּאַרהאַלטן
די פּאַרכאַפּער. ווי צעטומלט דערזעענדיק דעם כּוח, האָבן זיי קווענקלענדיק אײַנגעהאַלטן
זייער קראַפט: נישט געוואָלט, נישט געוואָגט, עפענען פײַער אויף נאַקעטע ברוסטן אויסגעמײַטן;

ביז ס'האָט אויסגעבראָכן. דאָן האָבן זיי, ווי ערשטע תּבֿואה־זאַנגען, די קעפּ געשניטן
פון יונגע מיידלעך און יינגלעך, — וואָס גייען אין בלוט אָפּ פאַר זייערע אויגן.

זענען די רוצחים דערשטוינט פון זייער מאָרד. נאָך האָט דער רויך פונעם געוווער זיך געצויגן,
האָבן זיי מיט זיך די ייִנגסטע פון די פאַרשפּאַרטע גענומען — אַ שטראָף־חוב אַ לעבעדיקן
פאַר נישט אויסליפערן דאָס באַהאַלטענע געוועהר, אויך פאַר די ,פאַרברעכער' נישט
אַרויסגעגעבענע,
וואָס ווייסן קיין גרענעץ נישט, אַהער האָט מען זיי בייזוויליק באַהאַלטן געשיקט.

צוזאַמען

וועז אָפּגעטרעטן
זיי האָבן, האָט זיך אַ טרויעריק־מידע שטילקייט צעלייגט, יעדעס האַרץ, ווי פאַרצוויקט
פון שאַנדיקן בראַנד. פאַרשעמט זענען די פאַרשפּאַרטע זיך צעגאַנגען, יעדער ערשט רעכט
צוריק אין זיין היים מיט אויסגעריסענע באַלאַטן, — ווי אַ הייליקייט אַ פאַרשוועכטע;
זיי זענען אַ הויף אַ צעשטערטן פאַרבײַ, אויף גריבלעך צעגראָבן, ווי אָפּגעווישט,
אויף אַ שוועל זיך פאַרהאַלטן, פול צעפלויגענע פּאַפּירן, פול מעבל־ברוך, איין ווירבל־געמיש,
און האָבן אַרונטערגעלאָזן די הענט, — און נאָכגעקלערט, צי אויף שנעל די ריסן פאַרנייען, —
אָדער דאָס איבערגעבליבענע איינלייגן. אָבער באַלד זענען געקומען מאַסנווייַז צו גיין
די וואָס זאָרגן דערמוטיקן זיי, געשטראָמט זיי האָבן, פון אַלע מעגלעכע ערטער, מיט גרייטע הענט
אויף צו נעמען די משׂא אויף זיך, באַמיִען זיך אַרבעטן, צוריקשטעלן אַלץ פון פונדאַמענט.
זיי האָבן זיך צעלאָזט, ווי מערשקעס, אין הויף, אין סקלאַדעס, אין שטיבער, אויף שמוציקע וועגן
געריייניקט, צעזאַמענגעשטעלט, געשווייסט, אויפגעבויט מיט האַמער־קלעפּ, און מיט זעגן־
געזעג, מיט הובל־געהובל, מיט קראַנענוואַסער־געפּליסק, פריילעך צעפּינקלט, צעשפּריצטע,
צוריקגעשטעלט דעם אויסזען פון די היימען, די שטיבער, וואָס צעשעדיקט שטייען זיי איצטער.
ס'איז יעדער איינברוך פאַרגלעט געוואָרן דורך מולערס, דורך שלאָסערס און סטאָלערס, מיט
האָפּט,
און יעדן גרוב האָט מען פאַרדעקט, פאַרריכט די ברוכן, די שאָדנס, מיט געטרייַער ברודערשאַפט,
פון באַרויבטע, וואָס האָבן אַ ווידערשטאַנד געשטעלט. ס'איז לײַכטער געוואָרן דאָס נאָגן
פון טרויער־ווייַ, ווײַל ער איז אויף טויזנטער פּלייצעס צעטיילט, אַלע צוזאַמען אים טראָגן.



פלאַמען

די גרופּן פון בחורים — געאייניקטע איינהײַטן, וואָס חלומען וועגן אַ שותּפות לעבן פאַרבענקט
אַ לעבן פון בוי, זאָל נאָר אַדורך פון די שווערקייטן דער צאָרן דער בייזער, וואָס פאַרשווענקט
מיט זיין שטראָם. די דערוואָקסענע האָבן זיך אפילו באַזעצט אויפן באָדן*, געפילט זיך גוט
ביים באַאַרבעטן אים. אין זיי גליט דער ווידערשטאַנד פון פאָלק און זיין האַרץ, אין זייער בלוט.
די ערשטע אַקציעס, — ווי אַדל־פערד, קוים דערשמעקן זיי מיט זייערע אָפּענע נאָזדרעס
פּולווער פון קאַמף, ציטערט־אויף און קאַרטשעט זיך זייער הויט, באַלד דערנאָך זיי לאָזן דאָס
זיך מיט גאַלאָפּ צו דער סאַמע סכּנה.

אין רויִקע טעג פירן זיי דאָ דעם אַקער־אײַזן,

וואַרפן־אויף בייטן, פלאַנצן־איַין פלאַנצונגען, מיט וויזיע, אַז אַ וועלדל וועט זיך באַוויַיזן
און שפּרייטן שאָטן איבער קעפּ פון די קינדער, ווען זיי וועלן אַרויס צו דער שיַין פון וועלט,
וואָס פול איז גוטס און שלום; נישט זיַין מער אויף זינד און עוולות אויסגעשטעלט.

צו דער דאַזיקער קבוצה, וואָס ליגט צווישן די פעלדער פון יזרעאל און בערג פון גליל, פאַרזוכן
אַנשליסן און באַזעצן זיך די צוויי געניטע אין טאָט, אין איבערלעבונג, זענען דאָס: גד און רחל.

איינהייטן פון אונטערגרונד, בחורים ווי מיידלעך, זענען אַליאַרמירט געוואָרן צום פּלאַן.
מיט קאַמאָפלאַזש האָבן די מיידלעך פון די איינהייטן מיט מוט און מיט חן פאַרשטאַנען
כּל מיני טריַיקן צו מאַכן, אויסטראַכטן פאַרטלען בײַם אופן פון קעמפן;
אַזוי האָט פּאַסירט

— ווען מ׳האָט באַשלאָסן צו ליקווידירן אַ ראַדאַר קעגן מעפּילים, האָט אַ מיידל געפירט,*
גלײַך גאַרנישט, אַ קינדער־וועגעלע, ווי אַ קראַנקן־שוועסטער, דאָרט אויבן אויפן באַרג,
ווו דער ראַדאַר־אַפּאַראַט איז געשטאַנען. זי האָט אין דערנעבן מיטן קינד אויף דער זון געוואַרט
כלומרשט אָפּברענען זיך; איינוועגס האָט זי זיך אײַנגעקוקט אַרום־אַרום גוט און זאַכלעך,
אַ בליק געוואָרפן אויף דער וואַך, זייער האַרץ האָט זי אַזוי־אַרום ווייכער געמאַכט,
אַנגעצונדן בענקשאַפטן בײַ זיי צו דער היים, צו זייער היים אין ווײַטן פאַטערלאַנד;
איינוועגס אַרומגעקוקט זיך די פּאָזיציעס, פּאָזיציע נאָך פּאָזיציע, געגוי געלערנט מיט פאַרשטאַנד
די געדיכטקייט זייערע — פאַרצייכנט אין זכּרון די פּרטים פונעם דראָטענעם צוים,
די ווענט, דעם אָפּהאַנג פון באַרג, ווו מען וועט קלעטערן אין פינצטערער נאַכט איבערן תּהום.

בלויז צוויי טעג זענען פאַרבײַ, — אין דער דריטער אשמורה נאָך וואַכבײַט, ווען מיטן שלאָף
זיי טוען זיך ראַנגלען, בײַם שוואַכפּונקט פון פּלויט, איז אַן איינהייט אונטערגעקראָכן, אַ סוף
צו מאַכן מיט שטאַרקן דינאַמיט; אין לופטן געלאָזט דעם בייזוויליקן אַפּאַראַט, אים צעריבן
און אויף שנעל צוריקגעצויגן זיך.
אינדערפרי האָבן דעם טאָט די צײַטונגען באַשריבן.



האָבן די הערשער צעווילדעוועט זיך. אַרעסטירט אין די שטיבער אײַנוווינער פון די שטעט,
אויף גאַנצע מעתלעתן, אויסצוגעפינען צווישן זיי יונגע טעראָריסטן, וואָס האָבן זיך פאַרשטעקט.
זיי האָבן די באַוועגונג אָפּגעשטעלט אויף די וועגן, פאַרדעכטיקטע נאָכגעיאָגט, געפאַנגען,
אָן אונטערשיד אײַנגעשפּאַרט נישט וויסנדיק אפילו וועמען. באַוואָפנט פון יישוב צו יישוב
געגאַנגען,
אַרויסגעגעבן דעקרעטן און גזירות אויף גזירות. אויך הונדערטער פאַרהאַלטענע צוגלײַך
געשיקט אויסגעטריקנט צו ווערן פון מדברישע ווינטן*.
יעדע גזירה געווען איז אַ צייכן
פאַר טעראָר־אַקטן נײַע, יעדעס מאָל פרישע. דאָס גאַנצע פאָלק האָט דעם ווידערשטאַנד געזען.
געשטאַרקט אים מיט כּוח און מיט געלט. די פרויען זענען זייער צירונג גרייט געווען
אָוועקגעבן פון זיך, שטאַרקן די הענט פון די אויפשטענדלער, זיי צו מעשים דערוועקן,
מתּנות צו שיקן אין סאַמע מדבר אַרײַן, פאַרזיסן זיי די טעג אין פאַרשפּאַר, די שרעקן.

און קיין באַפעל האָט נישט דערדריקט זייער גײַסט, פאַרקערט, דעמוטיקט און דערהויבן;
האָט מען דעמאָנסטראַציעס געמאַכט, געבראַכן געזעצן, און מיט טאָפּלט געשטאַרקטן גלויבן
זיך קעגנגעשטעלט דאָס אָפּטרײַבן די שיפן פון ברעג, באַריקאַדן פון פּאָליציי דורכגעריסן,
דעם צאָרן פונעם פאָלק געוואָלט צוימען — אומזיסט; זיי פלעגן אויך וואָגן און שיסן
אין המון אַרײַן, און נישט בײַגעקומען אים: זענען טויטע געפאַלן, איז זייער בלוט געוואָרן
די פערמענטיר־קראַפט אין די אָדערן פון די קעמפער, מער נאָך צעבלאָזן דעם צאָרן.



נעכט פון צאָרן

פיל זענען די נעכט אין וועלכע רחל און גד האָבן נישט טועם געווען דעם טעם פון שלאָף;
זייער איינהייט, באַקאַנט מיטן סטאַזש, מיטן אויסהאַלט־כּוח, איז געווען די ערשטע צום רוף
אויסצופירן באַצאַל־אָפּעראַציעס, פאַראַנקערן שיפלעך, פאַרשידענע זאַכן פון ים אַרויסצוציִען,
זאַכן פאַרטויכטע, פירן די געקומענע פּליטים דורכן ים, זאָרגן פאַר זיי, זיך באַמיִען
פאַר דעם געראַטעוועטן רעשטל דעם צעבראַכענעם, דעם צעריבענעם.

זיי האָבן נישט שטענדיק
מצליח געווען, אפילו געליטן מפּלות: זייער פּאַראָל נישט פאַרשטאַנען געהעריק, צי דער זענדער
האָט מכשיל געווען, אָדער אַ שיפל פון שונא אונטערגעהערט האָט דעם רוף פון די געקומענע
און איז דערשינען, ווען אַ הייפל פּליטים, נאַס און קויטיק, פון שרעק־ציטער באַנומענע,
זאַמלען זיך אַרום די הילפגעבער; צי בײַם גיין אין געהיים אונטערלייגן דינאַמיט —
פלעג טרעפן — און נישט ריכטיק צוגעגרייט, אַנשטעלן די באָמבע אויף „נול־צײַט" באַמיט
זיך און אומזיסט: קיין קנאַל נישט, קיין ווידערקול, דער דינאַמיט האָט פאַרראַטן, אומזיסט
זייער אַרבעט, דאָס גיין צווישן די נעסטן פון פּאַגראָמשטשיקעס, ווי גרויס די סכּנה איז.
מען האָט אויך אבדות געליטן, געפאַלענע, טויטע.

האָט טאַקע פּאַסירט אין איינער אַ נאַכט*
האָט זיך אַ שיף אַ גרויסע דערנענטערט, אַרויפגעמען אויפן ברעג האָט מען הכנות געמאַכט,
אַלע אין דער ייִדישער שטאָט אַרײַן ברענגען. אויך באַשטימט: ווען די שיף בײַם קומען
וועט האַלטן — וועלן די בחורים צושמידן אויף זייער אָרט די יעגער־פאַרכאַפּער, צעטומלען
זיי מיט אַ כּלומרשטע אַטאַקע.

און דאָ טוען זיך עפּעס די בחורים פאַרהייען אַלע צוזאַמען.
העי, בחורים שנעלער! אײַלט אײַך צו! עס זאָל חלילה נישט אײַן צײַט די צווייטע פאַרזאַמען!

גרייט, אָבער נאָך וואַרטנדיק אויפן געווער, וואָס מיט געאײַל נעמט מען אַרויס פון באַהאַלט,
אַפילו גרייט און געפּוצט ווי געהעריק, אָבער שפּעט שוין, די איבערפאַל־אַקציע לײַדער פאַלט־
אויס שוין צו שפּעט;

אַז עס טוט זיך אויפן ברעג, האָט מען זיך דערוווּסט, ווען דאָס געווער
האָבן זיי באַקומען, האָט שוין אין דער מיליטער־פעסטונג געזאָטן.

האָבן די בחורים שווער
אָנגעטראָפן אין דער אַטאַקע, צווישן שטעכלדראָט, מיט אַ רוצחיש־פײַער, מיט אַ שטורעם
פון געפײַף, געצישע, און אין ציל געטראָפן. האָבן זיי געענטפערט מיט וואָגן און גבורה,

אבער אַ בינטל ליכט האָט אויפגעדעקט זיי.
אַ טייל אויך געפאַלן.
מיט האָפענונג שוואַכער
די פאַרווונדעטע ראַטעווען, האָבן די לעבעדיקע אין אַ דערבייַיִק וועלדל אַ ביסל נאָכהער
פאַרשלעפּט זיי, און האָבן זיך פאַשטעקט דאָרט.
האָבן זיך דעם שונאס אויסשפּירער
אַ לאָז געטאָן אין דער יִידישער שטאָט אַרייַן, וואָס גוט איז באַקאַנט נאָך פון פריִער
מיט איר עקשנותדיקן ווידערשטאַנד. דאָ האָבן זיי אויסגעליפערט זייער צאַרנדיקן פּלאַם,
און געשאָסן אין די שטיבער אַרייַן. אַ מיידל, וואָס אויף אַ טעראַסע האָט שמירה געהאַלטן דאָן,
איז דערשאָסן געוואָרן*, זי האָט דאָרט געהיט יעדע באַוועגונג, יעדן חשד, וואָס קאָן שאַטן
די פּליטים. און אַוועקגעפאַלן.
די רוצחים האָבן נישט דערלאָזט דערנענטערן זיך, ראַטעווען
אַ גלעט טאָן דעם שטערן, די האָר, איר גסיסה פאַרלייַכטערן בייַם פאַרמאַכן די אויגן
אויף אייביק.

די בחורים אין וועלדל האָבן זיך געפעדערט, קריכנדיק זיך געצויגן
צווישן קשאַקעס, אויף די רוקנס די פאַרוווּנדעטע, ווע‏מען רחל מיט אירע הענט באַנדאַזשירט האָט.
אין איינע פון די שטיבער, גרעגעץ־שטיבער, האָבן זיי זיך פאַרשטעקט, אַלע אַרום האַלטן סוד
און מען היט זיי, ווי דאָס אַפּל פון אויג, מ׳דערמוטיקט אין נידערגעשלאָגנקייט, אין בראָד,
מען וואַשט זיי, מ׳זעטיקט זיי אָן, מ׳גיט זיי געלעגער ווען אין דרויסן ווילדעווע‏ט נאָך
האַס, און זוכט דעם באַהאַלט, בעת די גאַסן לייַדיק זענען פון מענטשן געוואָרן.

## די אַנאָנימע

צומאַרגנס,
פון דער בייזוויליקער פעסטונג, איבערגעליפערט געוואָרן אָן אבלדיקער וואָגן איז,
מיט פיר קערפּערס פון בחורים, מען האָט זיי פון צווישן די שטעכלדראָטן אויפגעקליבן.
נישט געלונגען אינדענטיפיצירן זיי.
נישט מכשיל צו זייַן, זענען זיי, אַנאָנים שוין געבליבן.
אפילו די מאַמעס פון די זין האָבן פאַר דערעקטיוון זייער מוטערשאַפט נישט אויפגעדעקט,
טאָמער וועלן זיי דורך די טרערן זייערע קומען אויף די שפּורן פון די קעמפער דירעקט.
זייערע שטאָלצע אויגן זענען טרוקן געווען בייַם באַגלייטן זיי מיט געהויבענע קעפּ.
האָט געמערט זיך דער לוויה־עולם פון די פיר בחורים מיטן מיידל, און מיטגעשלעפּט
מיטן טרויער די גאַנצע שטאָט, וואָס באַוויינט אירע קינדער, און צו אייביקער רו זי פירט,
געהייליקט זיי האָבן די איינוווינער פאַר טאַטעס, וואָס האָבן זיי פאַר זין אַדאָפּטירט.



## מאַמע און טאָכטער

אין איינעם אַ טאָג האָט אַ צעטעלע אַ קליינס פונעם שיף־פירער אַ שליח מיטגענומען
צו רחלען ; איר אָנגעזאָגט, אַז די מאַמע אירע געפינט זיך צווישן די פּליטים, זי וועט קומען
מיט איינע פון די שיפן ; בקרוב וועט זי דערשלאָגן זיך און אָנקומען צו אַ פאָרט אַ געהיימען.

איז רחל באַרוישט געוואָרן פון דער ידיעה; זי האָט פאַרזיגלט אין האַרץ איר עבר דעם שיינעם,
ווי אין אַ קעמערל נישט אויפצוברעכן, נישט באַלויכטן עס. האָט זי איצט פאַרשטאַנען
מיט בושה, אַז דער לויף פון די טעג, האָט געשטויסן צו פאַרגעסן דעם זכר פון איר מאַמען.
און אין דער נאַכט פון איר מוטערס קומען, האָט זיך רחלס נשמה צעשפּאָלטן, צעטיילט,
ווען אירע חברים מיט גדן זענען אַרויס אונטערמינירן שינעס, און אויסגעוויילט
די קרייצוועגן פון די באַנען. און זי, ווייַל זי וועט אין דער דאָזיקער נאַכט זייַן פאַרנומען,
און אין דער מסוכּנדיקער אַקציע נישט באַטייליקן זיך,
איז דאָס גליק פון איר מוטערס קומען

פאַרנעפּלט און פאַרטונקלט געוואָרן.
אַ, דאָס ווינקען פון ליכט צו ליכט פאַרבינדט דעם ברעג
מיט טויזנט אויגן פאַרקוקט אין דער פינצטערניש, פּייַטשע, לעכצנדיקע, צעציטערט פון שרעק!
דער פליסקע פון כוואַליעס, דער אייַליקער געפּאַטש פון די וויאָסלעס און דאָס ציִען
די שטריק פון די שיפלעך צום ברעג.
ווען מען נעמט אַרויסקריכן פונעם פינצטער-געהיל,
טוט רחל זיך אייַנקוקן אין זייערע פנימער מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם, זיך עפּעס דערוויסן:
„מאַמע, דו?"
און אַ געבראָכן געוויין פון איר מאַמעס קעל האָט זיך איבערגעריסן.

מיט אונטערגעבראָכענע קני האָט רחל זי אונטערגעהאַלטן געפירט, און געהאַלטן אין איר זיך
אַליין;
אַן ווערטער האָט איינע אין דער אַנדערער געקלעפּט, זיך צוגעדריקט, געוואָרן אַן איינס.
אין דער מינוט איז פאַרשווונדן, אויך פאַרשטילט, יעדעס קווענקלעניש בייַ רחלען, נישט
פאַראַנען:
האָט זי נישט מער ווי זי, פרייט זי זיך מיט איר קומען.
האָט אין רחלס אויגן די מאַמע
אויסגעזען קליין, ווי אייַנגעשרומפּן, דאַרף זי רחמנות האָבן אויף איר, זי באַשיצן,
ווייַל זי איז די שטאַרקע, געוואָרן באַדן, ווו די מוטער וועט זיכער אַנקערן, אויף אים זיצן.
מען קאָן פון אייגן בלוט און פלייש נישט אַנטרינען.

ערשטער שמייכל

די דערשלאָגנדיקע איבעררעאַשונג איצט
פון דער באַגעגעניש, האָט עדהן ווי צעטומלט. זיך צוגעדריקט צו רחלען צווישן די צונויפ-
געפּרעסטע, זיצנדיק אין פינצטערן רוים פון דער מאַשין, וואָס אייַלט, שנייַדט און לויפט
צו אַ געזיכטערן פלאַץ, דורך וועגן-אומוועגן, לאָזט הינטער זיך איבער די בייזע שפּורן אַלע
פון דער אימה, ווען אויפן האָריזאָנט האָבן שוין אויפגעבלאָסט די זריחה-שטראַלן;
פּאַמעלעך האָט אַ ווייַסינקע שייַן זיך געוויקלט אויף קליינע דורכזיכטיקע וואָלקנס, זענען ווייכער
געוואָרן די פנים-שטריכן פון די וועלט-געשלאָגענע, און לייַכט זיך געקרומט צו אַ שמייכל.



## עדהס ווידוי

צומאָרגנס זענען זיי געזעסן בײַ שׂרהן אין צימער, ווו זי האָט געוווינט. אין אָנבליק פון גאַסט
האָט שׂרה אַרויסגענומען איר, עדהס, בילד פון דער שוואַרצער ראַם, וואָס האָט עס אײַנגעפּאַסט;
איז איבערגעבליבן בלויז דאָס בילד פון איר פרײַנט. האָבן זיינע אויגן פאַרשוויגן, מיט גלוט
ווי אויפגעשײַנט צו עדהן, גלייך ער נעמט זי אויף אין דעם ווינאַרט, אויסגעלייזט מיט זײַן בלוט;
כאָטש דאָס צימער איז גרוי, אָן יעדן חן, אָן פויגל-געטשוויטשע, אָן פּוץ-וואַזעס און בלומען,
האָט עס צעשײַנט און אויסגעלײַטערט זיך מיט צאַרטקייט, מיט וואַרעמקייט צו איר קומען.

האָט רחל אַריבערגעבויגן זיך און אַרײַנגעלייגט פּיעשטשענדיק דעם קאָפּ אין איר שויס,
זיך איבערגעגעבן די גלעטנדיקע הענט פון איר מאַמען, זי איז ווידער אַ קינד, כאָטש אַ גרויס,
פאַרשווונדן איז פון דער צווישנצײַט די מחיצה, די אומקום-אימות זענען כמעט נישט פאַראַנען,
אין האַרצן בײַ בײדע איין ליכט איז צעשײַנט: אַ ליבשאַפט אַ ריינע פון טאָכטער און מאַמע.

דורך די לאַנגע שעהען פון דער נאַכט, האָט איר מאַמע געפּרוווט פון זיך אַרונטערוואַרפן דעם עול
דערציילנדיק די שרעקגעשיכטעס אַלע. האָט אָפּט מאָל בײַ איר זיך צעציטערט דאָס קול,
צעכליפּעט און דערשטיקט געוואָרן, אָבער באַלד אויסגעלײַטערט זיך פון דער טאָכטערס אַ גלעט,
וואָס האָט אײַנגעזאַפּט אירע יסורימדיקע רייד, ווי אירע אייגענע יסורים וואָלטן גערעדט.

„דו געדענקס אַוודאי — האָט זי געזאָגט — ווען אויפן בוידעם אַרויף איך האָב דיך געשיקט
„באַהאַלטן זיך; פון דאַן האָט דער ספק באַגלייט מיך, צי טאַקע ביסט לעבן געבליבן אין קריג,
„ווי אַ ביטערער קאַשמאַר, אָבער דאָס האָט פאַרלאָקט מיך צו לעבן.

„זיי האָבן דיך געזוכט, געלאַכט
"פון מאַמעס נאַיִווער עקשנות: סײַ ווי ווען זיי דיך געפינען און אַ סוף מיט דיר מאַכן,
„אויב כ'וועל נישט וויסן ס'באַהעלטעניש. האָב איך געענטפערט: אַ ניין, אפילו ווען צווינגען
„איר וועט מיך. איך וואָג נישט צו גלייבן, אַז ביסט ניצול געוואָרן.

„האָבן זיי באַפוילן זינגען
„פירנדיק אונדז מיט באַהײַקעס, פריילעך צו מאַכן די שטאָט — צו אַ באַנסטאַנציע ערגעץ ווײַטער.
„נישט איינער איז אויפן וועג געפאַלן, נישט איינעם דערשטאָכן, צעטרעטן דורך רײַטער
„און אין בלאָטע אָפּגעגאַנגען אין בלוט. נישט איינעם האָט מען דערשלאָגן, דערשאָסן.
„פאַרשעמט אָבער פריידיק האָבן די פאַרבײַגייער נאָכגעקוקט דעם מאַרשצוג איבער די גאַסן.

אין די אויפגעעפנטע באַנוואַגאָנען האָט מען אונדז אַרײַנגעשטופּט מיט אַ שטופּן אַ פעסטן,
„מיט די וואַגאָנען זענען מיר, צום דערשטיקט ווערן, געפאָרן ערגעץ-ווו אַריבער דעם דניעסטער".

## דער זעלבער דניעסטער

דערהערנדיק דעם נאָמען ,דניעסטער' זעט רחל די שיינע ברעגעס פון דעם דאָזיקן טײַך,
לענג-אויס זיי האָט זי זיך מיט חברים אין אויספלוג-שיפלעך געשיפט; געשטופּט זיך גלײַך
צו דער באַלוסטראַדע, זעטיקן די אויגן מיט דער לאַנדשאַפט דער שיינער, און ס'האַרץ פול מיט
מענטשן-און וועלט-ליבע, — מיטן גײַסט פון גלײַכהייט, ברודערשאַפט און פאַרשריט.

און די מוטער האָט געשילדערט: „... דאָ האָט מען אונדז אָפּגעלאָדן, וועמען לעבעדיק, צו פאַרניכטונג.

„מ'האָט גרופּן פונאַנדערגעטיילט דאָ.
„מיך צוגעטיילט האָט מען צו וויסנשאַפטלער וויכטיקע, —
„דערנאָך אונדז געפירט אין אַ הויז, פּאַרש־מכשירים געווען דאָרט רײַכע, התפעלות דערוועקט
„האָבן די לעצטע דערפינדונגען, יעדער אַפּאַראַט און אַפּאַראַט געווען איז שלמותדיק, פּערפעקט.
„דער דירעקטאָר אַ שטרענגער, אָבער אַ העפלעכער, האָט גענומען מיט מיר אַ שמועס פאַרפירן:
„קוים וועל איך ריכטיק זיך פירן, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ וויסנשאַפטלער, וועט מיר גאָרנישט פּאַסירן
„אָבער ווײ, אויב וועל איך מכשיל זײַן עפּעס.
„האָט בײַ מײַן טיש זיך אַ האָפענונג געוועקט
„ווײַל דער פּחד, אַ רײַך־פאַנטאַזיעקער, האָט פאַר מײַנע אויגן דעם אמת פאַרקרומט, אים פאַרדעקט;
„דאָס דאָזיקע פלײַסיקע פאָלק וועט בײַ זיך דעם וואָס בטלט, וואָס פוילענצט, נישט האַלטן,
„בלויז אַ געטרײַער אַרבעטער ווערט געשעצט, ווערט אָנערקענט, ער וועט זיך קאָנען דערהאַלטן.

מעדיצין־עקספּערימענטן

„אויף מיר איז מוטל געווען אויסצופּרוּוון אינפוזיע־בלוט, סאָרטירן און קאָנסערווירן
„זײַנע ווערטן. די אַרבעט האָט מיר אויסגעזען אַ נוצלעכע.
„אַזוי איז זיי צו פאַרפירן
„געלונגען אויף אַ צײַט מיך און מײַנע קאָלעגן, וועלכע האָבן צו דעם אָפּטייל געהערט,
„און מעדיצין־עקספּערימענטן געמאַכט. טאָקע פרײַ זיך נישט באַוויגן, אָבער אונדז געערט.
„האָבן מיר דערין נישט געזען קיין שום פּגם, נאָך אויף גאָרנישט געהאַט קיין פאַרדאַכט.
„הונדערטער פלעשער בלוט האָבן מײַנע הענט בודק געווען, זיי פאַרפּראָפּט, פאַרמאַכט.

„אין איינעם אַ טאָג איז אונדזערס אַ קאָלעגע אַרײַן אין אינסטיטוט, אַ שלײַדער געטאָן מיט ווי
״זײַן ווײַסן כאַלאַט; די האָר האָט ער זיך געריסן פון קאָפּ מיט געוויין און געשריי:
„אומגליקלעכע, מיר האָבן אונדזערע הענט מטמא געווען, און מיר ווייסן נישט, ווי בלינדע,
„אַז דאָס בלוט אין גלעזערנעם פּרווּו־רערל, איז נישט מער ווי דאָס בלוט פון יידישע קינדער.
„און איר נאַיווע פאַרשער, באַשעפטיקט זיך מיט קולטיווירן פּאַראַזיטן דאָ צוזאַמען,
„זײַט וויסן: אײַערע זין, אײַערע טעכטער, אײַערע טאַטעס און מאַמעס טוען זיי פאַרסמען
„מיטן אײַנשפּריצן דעם מיקראָב אין די אָדערן, זייערע יסורים פאַרמערן און דאָס מוטשען!
„ווײ אונדז, ווײ, ווי מען האָט אונדז פאַרנאַרט, בלינד אונדז געמאַכט, אין שמוץ אונדז
„פאַרטראָנקען, אויף קיין מאָל שוין ריין נישט צו וואַשן!״
„האָבן מיר פאַרוווּנדערט געבליקט:
„איבערגעמידט ביז פאַרלוירן דעם פאַרשטאַנד ער?
„דער דירעקטאָר געשריגן האָט: פאַרריקט!״
„און געשאָסן. אויפן אָרט אים געטייט.

„אין פלוג דוכט האָבן מיר זיך באַרויִקט, אָבער
„אין מײַן נשמה האָט דער ספק געטאַטשעט, און אָפטמאָל געדענקט אין דיר, געזען האָב איך

„אין דעם בלוט, דײַן בלוט פֿון האַרצן, מײַן קינד, אין אַט דעם גלעזל אַרײַנגעצאַפּט.
„מער האָב איך נישט געקאָט אַנגיין מיט דער פֿאַרשונג, די הענט האָבן, ווי בלעטער געצאַפּלט
„בעת כ׳האָב דאָס רויטע געפּליס געפֿאָרשט. יעדע באַגרינדונג האָט נישט געהאַט קיין האַפּט
„איבערצוצײַגן מיך, אַז אַלץ דאָס איז אמת.

„בלויז וועגן דײַן בלוט, רחל, האָב איך געדענקט ;
„ביז איך בין איין מאָל אויף די קני פֿאַרן דירעקטאָר געפֿאַלן, מײַן בקשה פֿאַר אים געברענגט.
„ער זאָל מיך שטעלן צו אַן אַנדערער אַרבעט, אפֿילו ביי אַ שווערערער און נישט דאָ אין
אינסטיטוט !
„ער האָט מיך געזידלט, געשאָלטן, אין זײַן וואַנזיניקן צאָרן געשלאָגן מיך ביז בלוט,
„אַז איך האָב די אַרבעט־דיסציפּלין אים צעשטערט.
„האָט ער אויף אַ טאָג מיך פֿאַרשלאָסן אין קאַרצער
„און אויף אַ נאַכט אַ גאַנצער, אַרום די ווענט האָבן זיך געוואַלגערט ביינער און קערפּערס.
„ווען ער האָט צוריק, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, אַרויסגענומען מיך און געפֿרעגט
„צי כ׳וויל צוריק אין אינסטיטוט, האָב איך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, האָט ער זיך דערפֿרייט.

„ווי רויק האָב איך איבערגעפֿירט דאָס בלוט דאָס ריינע, דאָס רויטע, דאָס קאָנטראָלירטע, ראַש
„אָפּגעמאָסטן, אָפּגעוואויגן עס, געגעבן אַ נומער, געזיכערט זיך אַ צווייטמאָל, פֿאַרחתמעט אין
פֿלאַש.
„ביז כ׳האָב מער נישט געקאָנט, זיך איינגעבראָכן אינגאַנצן.
„האָב איך געגנבעט פֿונעם סם דאָ,
„וואָס ליגט אין פֿאַרשלאָסענער גלעזערנער שאַפֿקע, און אין איינער אַ דעמערונג־שעה,
„פֿאַרטאָגס, האָט מיך בעת מעשה געכאַפּט דער וועכטער, וואָס האָט זיך גערוקט הינטער מײַן רוקן,
„אויסגעריסן די באַפֿרײַענדיקע פּילן פֿון מײַנע הענט.
„האָבן מיט כל־מיני טריקן
געראַטעוועט מיך די חברים פֿון שמיץ. אַ, יענע חברשאַפֿט קאָן בשום אופֿן נישט וויסן
„דער וואָס האָט נישט דעם טעם פֿון דער דאָזיקער חברשאַפֿט פֿאַרזוכט, אפֿילו ביז בלוט פֿאַרגיסן.

סקלאַד פֿון שיך

„האָט מען מיך פֿון אינסטיטוט פֿאַר וויסנשאַפֿט פֿאַרטריבן״.
„מ׳איר אַרבעט אין אַ סקלאַד
„געגעבן, ווו אָנגעהויפֿט ליגן טויזנטער קליידער און שיך, מיר אַ נאָרמע באַשטימט, אַקוראַט
„און קליינע, נײַע און פֿאַרשקראַבעטע און גאַנצע, עלעגאַנטע שטיוועלעך, האָב איך
„סאָרטירט, אויך צעריסענע, אַרבעט־שיך, וועלכע מיט גרודעס ערד געווען נאָך באַלאַסטעט,
„אויך ווייכע אײדעלע שיך, געמאַכט ביי אַ שוסטער, באַשטעלט נאָך מאָס, צעגעפּאַסטע
„צום קליינעם פּיסל פֿון אַ פֿריילין, מסתם צו די תנאים אָדער צו דער חופּה.
„אַזוי לאַנגע
„טעג האָב איך צוגעפּאַסט שיך לויטן קאָליר, לויט די פֿאַרשלעסער, אָדער לויט די שפּאַנגער,
„צווילינגווײַז. צווילינגוויז. אָפּגעפּוצט זיי, כ׳האָב אויך אָפּגעציילט זייי געוויי,
„טאָמער וועל איך ווײניקער פֿון דער נאָרמע מאַכן, און בײַם בייזן ממונה דערוועקן אַזוי

„ארום זײַן כעס אויף מיר. דורך די נעכט פלעגן זיך מיר חלומען שיף, ווי וואָרע
„שרעקנדיקע חיות.

„אַזוי־אַ, זענען פאַרבײַ טעג, וואָכן, חדשים, פאַרבײַ אויך אַ יאָר, —
„ביז ס'האָט מיך אַ פּאָר קינדישע שיכעלעך מכשיל געווען, פון סאַמעט געמאַכט, סאַמעט אין בלוי;
„דאָס געניי, פול מיט ליבע געניייט איז געוואָרן; בלויז אַ מאַמע, בלויז זי קאָן נייען אַזוי.
„גלײַך און ציכטיק יעדע נאָט, פליטערלעך און בלימעלעך אײַנגעהאָפטן אין די זײַטן.
„האָב איך זיך דערמאָנט: פונקט אַ זעלכע שיכעלעך האָב איך אין ראָזן אויסגענייט דיר.
„האָב איך געוואָלט אויף דער האַנט זיי אַרויפציִען, און זע, קלענער פון דער דלאָניע געווען,
„אַזעלכע קלײנטשיקע, שײנטשיקע; האָב איך דיך געזען אַ פּיצלס, קלאָר האָב איך דיך געזען
„פאַר מײַנע אויגן. אין לאַגער זענען מער קיין קליינע קינדער נישט געווען, פאַרשוווּנדן
„פון לאַנג שוין. האָב איך צעלאַכט און צעוויינט זיך, געקושט די שיכעלעך, און דאַן
„אין די קעשענעס באַהאַלטן זיי.

„אַן אויפזעערין איז געווען דאָרט אַ ווײַס־האָריקע,
„אַ פול־ברוסטיקע, זי האָט דעם סקלאַד באַהערשט, אַרויפגעלייגט איר האַנט איר צרהדיקע,
„ווי אַ קאַפּיטאַן אויף אַ שיף, ווי אַ גאָט פאַר גזרות, אויף לעבן און טויט, האָט זי פאַררופן
„צו זיך פאַר יעדער זינד, איר אויג האָט אַלץ געזען, און אכזריותדיק פלעג זי באַשטראָפן.
„געוווּסט האָט זי ווו די שוואַכפּונקטן געפינען זיך אין די קערפּער־באַהעלטענישן פון דער פרוי,
„יסורימדיק צו פּײַניקן,
„האָט זי מיך פאַררופן צו זיך.

„האָב איך געזען זי געניי,

„איר קאַרק איר פעטן, איר גאַנצן אויפגעטרײַסלטן קערפּער, די צוויי בלויע אויגן קאַלטע.
„האָב איך געוווּסט, דערווישט האָט זי די גנבה.

„זי האָט די קליינע שיכעלעך די באַהאַלטענע
„אַרויסגעריסן, מיט וואַנזיניקן צאָרן צעריסן זיי, און גענומען מיך שטראָפן געשווינד.
„כ'וועל נישט ווײַטער שילדערן איצט די שטראָף־אַקטן אירע, ווײַל איך שאַנעווע דיך, מײַן קינד".

און אַלע דרײַ האָבן זיך צעכליפּעט מיט אַ לאַנגן געוויין, פאַרבראָכן ווייטיקלעך די הענט,
שרה און עדה און רחל, ביז זיי האָבן באַרויִקט זיך.
די מוטער אויס רחמנות האָט נישט געקענט
מער צוזען זייער צער, — און געזאָגט:

די גרעסטע ליבשאַפט

„אָבער ליכט אויך געווען דאָרט, איז עס צו אַנען
„אַז דווקא אין דער חיהשער נאָרע, ווו דער צלם אלוהים איז אינגאַנצן נישט פאַראַנען,
„און רחמנות האָט מען באַטראַכט פאַר אַן אומזין, דאָס האַרץ פאַרהאַרטעט, ווי אַ שטיין,
„אַז ס'זאָל אַ דערהויבענע ליבע אויפפלאַמען, און דווקא דאָרטן צעלייכטן איר שײַן?!

„יענע נאַכט האָט זיך דער קוואַל פון מײַנע טרערן צעעפנט, זיי האָבן גענומען שנעל פליסן
„איבער מײַן פנים, ברוסט און האַלדז. עס האָט זיך געדוכט: אָט וועלן זיך די אויגן צעגיסן,

„און די שיַין פון דער וועלט נישט זען מער.

„פּלוצים איז אַ רוף פון דער שטיל געקומען.

„כ'האָב פאַרשוויגן, זיך איַינגעהערט אין דער שטילקייט. שטיל רופט מען מיַין נאָמען.

„געווען איז עס אַ פריַינט מיַינער, פון דער גרופּע אַרבעטער אין וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט,

„ער איז עס דער, וואָס האָט מיך דאָן דורך באַקשיש אויסגעלייזט פון דער רוט.

„ער האָט מיַין שטאָם נאָכגעפאָרשט, מיַין געשיכטע געוווּסט, באַגלייט מיַין פּיַין האָט ער

„באַהאַלטענערהייט אָבער איצט, אין מיַין צרה, אין מיַין קלעם, האָט ער די ליבע בסוד מער

„נישט האַלטן געקאָנט, און מיר אַנטפּלעקט אים.

„אַ, גליקלעכע טעג באַרישע, נאַיִוו גליק,

„טרייסט-זשעסטן, ליבע-גלאַנצשיַין, ווען כ'פלעג אויף זיך דערפילן זיַין ליבלעכן בליק

„בעתן גיין אויסגעשטרעקט צום אַפּעל, אונטער דער שרעק פון דער רשעות מיט איר

„אויפגעהויבענער רוט: פלעג איך זיך אויסגליַיכן שטאָלץ, אויף די ליפּן האָט ביַי מיר

„צעשפּילט זיך אַ שמייכל.

„אַ ליבע אויף שוועל פון אונטערגאַנג, ס'האָט קיין שיעור

„נישט איר טיפקייט, איר קורבנוויליקייט, איר מסירות-נפש, האָב איך זוכה געווען, ווײַל מיר.

„זי האָט פאַרשלונגען דערנידערונג, אַריבער באַליידיקונגען, בלויז די האָפענונג געפלעגט,

„אַז ס'וועט נעמען אַ סוף צום צער, אַט גייט ער און קומט דער סוף, ער איז אויפן וועג".

און עדה איז פאַרשוויגן געוואָרן.

„ווו איז ער? דערצייל וואָס מיט אים האָט פּאַסירט?" —

האָט די טאָכטער געפרעגט די מאַמען.

„מען האָט אים געכאַפּט צוליב מיר, צו דער תליה געפירט".

שטיל האָבן זיי פאַרשוויגן צוזאַמען.

## יסורים זכרונות

פאַר רחלען און שׂרהן זענען אין דער דאַזיקער וידוי-נאַכט

דורכגעגאַנגען בילדער, וואָס אַזעלכע האָבן זיי נישט געוווּסט, אויפן געדאַנק נישט געבראַכט.

זיי האָבן געזען דעם הויף פון די פאַרצוקנדיקע הינט: פּירקאַנטיק, ווי אַ מויער, פאַרצוימט

די ווענט בלויז קעמערלעך-קעמערלעך מיט געשלאָסענע טירן, און אינעווייניק הויערן

צענדליקער הינט, אויסגעהונגערטע ווי וועלף, וואָס וואַרטן אויף זייער פאַרצוק, ווי איינער.

שטילט-איַין זיך דער הויף — שרייען-אויף די פלעקן פון די אויסגעפּלאַסטערטע שטיינער.

זיי האָבן די וואַנט געזען, טויזנטער ווי אַ ציל דאָרט צוגעשטעלט געוואָרן צום שיסן;

צופוסנס איר אַ טיפער ראָוו, אַן אוצר האַלט ער אין זיך, ס'זאָל קיינער זיך נישט דערוויסן,

און היט אים אָפּ מיט אייפער.

אַ תליה-בוים מיט אַ רײַך-ברייטע גרינע בלעטער-קרוין,

אַ גראָב-שטאַמיקער, די פּעטליעס האָבן פּאַסן איַינגעריבן-איַינגעקריצט אינעם בוים.

און ס'האָט זיך דער שטאָלצער בוים נישט געשעמט, די וואָרצלען נישט אויסגעטרינקט ער האָט,

נאָך מער צום הימל זיַין גרינקייט געשטרעקט, נאָך מער צעברייטערט זיַין וואָרצלען-יסוד.

זיי האָבן די וואַש־צימערן געזען, די אויפשריפטן, וואָס דערציילן פון ריינקייט מיט לויב,
טושן און קראַנען, נישט פאַר קוואַליק־שטראָמיק וואַסער געזען, נאָר פאַר גאַז פון טויט.

זיי האָבן באַגלייט די גוואַלד־עקספּעדיציעס, ביי די קאַנאַנען־קנאַלן פון די באַפרײַער,
אויף די וועגן, אין די בלאָטעס און אין שנייען; ס׳האָט דער סאַטראַפּ געטריבן זיי, פּײַער
געעפנט און געהרגעט פון צווישן די ליפּער.

און אין יענער שוידער־נאַכט, ווען אונטער אַ ריגל
אַן אײַזערנעם האָט מען טויזנטער פאַרשלאָסן, פאַרחלשטע, אָנגעשטופּט אין אַ פאַבריק פון ציגל*
דראָענדיק: „קוים אײַער רעטער דערנענטערט אַהער זיך, פאַרברענען וועט מען אײַך דאָ אין
פּײַער;

„בעטן איר דאַרפט ער זאָל נישט דערגיין!״

און אין יענעם טאָג, אין טאָג פון דער באַפרײַונג,
ווען ס׳האָבן די געראַטעוועטע געפרייט זיך, די אָקופּאַנטן באַגריסט, האָט עדה נישט גערעדט
בלויז מיט אַ הייזעריקן קול, אויפן ברוק אַן אויסגעשטרעקטע, צום רעטער אַ שעפּטשע געטאָן:
שפּעט!

„... און טראָץ דעם איז שפּעט נישט געווען. אַ משונהקע בריאה איז דער מענטש, פאַרשטייט איר?
„זיבן מאָל פאַלט ער און הייבט זיך אויף, און זיבעציק מאָל פריש זײַן כּוח באַנײַט ער.
„כ׳האָב אַ פאַרחידושטע דערוואַכט הערנדיק אַ קול פון אַ מאַן, וואָס רופט מיך אָן ,מאַמע׳,
„און געעפנט די אויגן. זאָגט ער צו מיר: ווי שווער, אָ, ווי שווער ביסטו אויסגעשטאַנען!
„נאָך האָב איך אַ שמייכל אויף זיין פּנים געזען, און אויך דעם עמבלעם — דעם שאַנדפלעק*,
„וואָס מיר האָבן אים געטראָגן געל און באַליידנדיק, — בין איך געפאַלן, ווי מיט אַ תּהום באַדעקט.

„כ׳האָב גאַרנישט געדענקט ביז איך בין געקומען צו זיך; פּלוצים דערוואַכט, ווי פון אַ שלאָפן,
„מײַן זכּרון, ווען עמעץ האָט זײַן מיידעלע גערופן, מיט דײַן נאָמען: רחל! האָט ער גערופן.
„האָט פּלוצים דאַן ווידער אויפגעלעבט אַלץ; שעלטן צי בענטשן, נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מער,
„ווען איך בין אַרויס פון ים פון פאַרגעסונג.

„כ׳האָב נישט געשריבן — טאָמער — ביסטו נישטאָ מער
„נאָך אַלץ האָב איך מורא, רחל, אַז ס׳איז אַ טרוים בלויז; דוכט מיר אַ טרוים בלויז זיך וועבט,
„איז עס באמת אַן אמת, איז עס טאַקע אַן אמת אַט דאָס וואָס איך זע, אַז דו לעבסט?

## אויף פאַרהוילענע וועגן

„ווען די סאָלדאַטן די ייִדישע, וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך דעם שאַנדצייכן מיט שטאָלץ,
„האָבן אונדז אויפגעקליבן מיט איבערגעגעבנקייט אויף אַלע וועגן, האָב איך געוואָלט,
און טאַקע זיך אָנגעשלאָסן אַן דעם צוג פון די לאַסט־אויטאָס, וואָס שמוגלען אין געהיים
„די גרענעצן אַריבער, אָפט גייען זיי די גרענעצן אַריבער פאַרזיגלט, פאַרשטעלט זיי גייען.

„איין גרענעץ וועל איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן, דאָרט האָבן די בחורים עפּעס דורכאויס
„פאַראויסגעזען אַ דורכפאַל; האָט מען אונדז פאַרקלאַפּט אין קאַסטנס. ווען פון געפּאַק אַרויס
„זענען די קאַראַוואַנען געוואַגטע, אַ ייִנגעלע וואָס מ׳האָט אײַנגעשטילט, נישט צו רעדן צו קיינעם,
„ווען מען האָט אונדזערע קאַסטנס געעפנט, האָט עס אַ פרעג געטאָן: מעג מען שוין וויינען?*



## אַנטוישונג

רחלען איז איבערגעבליבן בלויז געציילטע שעהען צו פֿאַרברענגען דאָ מיט דער מאַמען;
איינע פֿון דער צווייטער האָט נישט אָפּגעטרעטן, אַ טאָג און אַ נאַכט אַ גאַנצע צוזאַמען.
אָבער די שעה פֿון צעשייד קומט־אָן.
און רחל האָט דער מוטער אַ סודותדיקן שעפּטשע געטאָן:
„איך מוז, מאַמע, צוריקגיין, מיין פֿליכט צו דערפֿילן".
האָט זי איצט אין דער דאָזיקער שעה
נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט. „ניין, מייַן טאָכטער, צי איז טאַקע מעגלעך, צום גלויבן,
„זאָלסט מיר אַ צווייטמאָל פֿאַרלוירן־גיין, כ׳וועל נישט דערלאָזן, רחל, דיך אַוועקרויבן
„פֿון מיר אויף דער שוועל פֿון מייַן לעצטער רעטונג. צו דיר האָב איך זיך דאָך געצויגן,
„און וועגן דיר האָב איך שטענדיק געחלומט, צוליב דיר, צוליב דיר האָב איך אַלץ פֿאַרבויגן
„דורך דער צייַט, אַ גהינום געליטן. ווילסטו איך זאָל צוזאַמענפֿאַלן? אַוועק גייסטו
פֿון מיר? גיי נישט איך בעט דיך!"
איז רחל דערשיטערט געוואָרן, געפּרוווט עדהן טרייסטן,
ס׳האָט אויך שׂרה גענומען באַרויִקן זי, — אומזיסט. זי האָט זיך איצט ביטער אַנטוישט,
ווען די צייַט איז געקומען און רחל האָט זיך צעקושט מיט איר און פֿון שטוב איז אַרויס.

איז עדה געבליבן מיט שׂרהן, זיך נישט געלאָזט, און אויך נישט געוועזן כּלל אומשטאַנד,
זיך צו טרייסטן, מיט אַ געפֿיל פֿון אַן אָפּגענאַרטער — דאָס לאַנד, נישט אירס איז דאָס לאַנד.
איז אין איר לעבן אַ ביטערניש אַרייַן, ווי אַ פֿרעמדע צווישן פֿרעמדע, מיט פֿאַרדראָסן,
האָט זי ווי געצוווּנגען געאַרבעט, אין דער וועלט פֿון איינזאַמקייט האָט זי זיך פֿאַרשלאָסן.



## דער מאָדנער קאָמענדאַנט

אַ דערשלאָגענע פֿאַרט רחל, איר נשמה ווערט געוואָרפֿן פֿון איין אכזריותדיקן כּף־הקלע
צום צווייטן: צווישן דער טאָכטער־פֿליכט פֿאַר איר מאַמען, — טיף אין איר זעל
האָט פֿאַרקריצט זיך אַלץ דאָס דערציילטע, און זי אויפֿגעטרייסלט, — און צווישן, דאָס ווייסט זי,
די וואָרצלען, וואָס זי האָט אין לאַנד געשלאָגן, טויזנטער שטריק, אויף נישט צו צערייסן;
און דאָס גאָר־גאָר לעצטע, זי איז אַליין זיך נישט מודה, פֿון בושה: אירע גרויסע זאָרגן
וועגן דער אַקציע, צי זי איז געלונגען? צי גד האָט מצליח געווען? צי איז ער אין אָרדנונג?

אין דער פֿינצטער איז זי געקומען צו אַ קרייצוועג פֿון שאָסייען, וואָס אַפֿילו דער מינדסטער
גייט אַוועק אין אַן אַנדערער ריכטונג, ווי אַלע גרויסע. זייער ווייניק גייען אין פֿינצטער,
זיי שליסן זיך אָן אין געזעמל, צוליב די פֿאַרזעצונגען פֿון שׂונא, און זייער געוועער
אַ געלאָדנס. אַ באַוואָפֿנטער קאַנוואָי באַגלייט יעדע מאַשין און מאַשין.
האָט רחל געצווייפֿלט שווער,
צי זי וועט וועמען געפֿינען בײַם קרייַצוועג — זי האָט נישט איר קומען געלאָזן וויסן גענוי.
און אָט שטייט זי ווי באַטריבט. זאָל זי טאַקע גייען אַליין? דער פֿאַרבאָט איז דאָך אַזוי
שטרענג. און דאָ לאָקט זי דער אָוונט מיט ריחות פֿאַרכאָפּנדיקע, וואָס די פֿעלדער צעפּירן.
אָבער פֿון זינט עס האָבן שׂונאים פֿאַרכאַפּט און פֿאַרפּייַניקט ביז טויט אַ חברטע אירע

און דערנאָך אין אַ גרוב איר קערפּער געפונען, זייט דאַן גייט מען שוין מער נישט איבער
די פאַרלאָזענע וועגן אַליין.

זי געדענקט גאַנץ גוט: דער שווידערלעכער פאַל איז נישט פאַריבער*
אָן באַצאָלטס. ווייל מען האָט די בחורים געפאַרשט, ווער אַזאַ זאַך האָט מאַכן געקענט,
און אַרייַן אַן מורא אין דאָרף פון פאַרגוואַלדיקער; די פאַרפּייַניקער אַרויסגענומען, דערקענט
זיי און אַן רחמנות זיך אָפּגערעכנט מיט זיי. אַזאַ דאָרף וועט נישט וואַגן מער, וואָרענען
וועט עס אויך שכנותדיקע דערפער, שעצן דעם נקמה־נעמער, באַוווּנדערן און לויבן זייַן גבורה.

אָבער איצט שטייט רחל פאַרוווּנדערט, צי וועט זי טאַקע וואַגן אין איר פּחד־גאַנג דאָ
אַליין דעם וועג דורכצומאַכן? צוויי שעה גאַנג בלויז, וועט זי דאַן די פינצטערניש פאַנגען
און איר זיכערהייט געבן.

זי גייט.

און זי הערט ווי די גרילצן־פידלער שפּילן־אויס
דער שטילקייט באַכטיקע תּפילות, כּל־מיני פייגל, פאַרשפּעטיקער, מיט געפּלאַטער פּילן־אויס
די לופט. דער געפּלאַטער פון די פליגל, ווי געיאָגט פון חלומות־קאַשמאַרן, מיט סוויטש
דערשראָקענעם באַנט צו באַהאַלטענער שטילער נעסט; רחל ציטערט־אויף. עס האָבן געוויס
די פּחדים דערוועקט זיך, פּרווּוט זי זיך אינערלעך אויסרעדן, באַהערשן, און וויל
פאַרשנעלערן דעם געמאָסטענעם טראָט אירן, פאַרשנעלערט זי טאַקע ברומענדיק לידער
אינדערשטיל.

פון ווייַטן, איר אין רוקן, אַ סנאָפּ ליכט האָט זי אַ צי געטאָן און באַלעבט איר שאָטן,
דעם שונאס? צי אונדזערס דאָס ליכט איז?

האָט דאָס ליכט זי דערווישט און פאַרהאַלטן.

„וואָס טוסטו איצט, מיידל, אַליין דאָ?" — עס עפּנט זיך אויף די מאַשין, און באַלד
גייט אַ מאַן אַרויס, נעמט זי שטראָפּן מיט נידעריקער שטים, שרייַט אויף איר נאָך און נאָך,*
אָבער פון צווישן זייַנע האַרב־שטראָפיקע רייד, איז ליבשאַפט אַרויס, זי האָט אויפגעלויכטן
נישט ווילנדיק מיט האַרציקער נאָענטקייט; נאָך פּרווּוט ער צאַרנען, פּרווּוט געבן עצות,
אייַלט ער זי אונטער שוין מילד: „גיי־אַרויף!" און גיט איר אַ קלאַפּ אין פּלייצע.
„וואַהין?" זי פרעגט שטיל און פאַרשעמט. „איך וועל דיך שוין ברענגען צו די לייַט,
„אויך איך פאָר אַהין". שווייַגנדיק לאָזט ער די מאַשין, ווי איינער וואָס האָט נישט קיין צייַט.

די פאָרער מיט אים האָט ער, ווי זי, אויפגענומען אויפן וועג. פרעגט ער אויף איר נאָמען.
„מייַן נאָמען איז רחל". וואַהין איז זי געפאָרן? דערציילט זי: באַגעגענען איר מאַמען.
און פּילט, אַז מען קאָן פאַר דעם מאָדנעם מענטש דאָ, נאַר־וואָס באַגעגנט אים, אפילו
אין פּלוג בייַם לאָמפּן־ליכט געזען זייַן פּנים, פאַרטרויען זיך אינגאַנצן, זייַן שטילער
קלאַנג פון דעם קול בייַם פרעגן, פאַטערלעך־וואַרעם, ווי איר לאַסט העלפן ער וויל
טראָגן איר. פאַרזיכטיק היט זי זיך בייַם רעדן נישט אויסצוגעבן פון איר פאָרן דעם ציל,
שילדערט זי פאַר אים דער מאַמעס געשיכטע. האַקט ער איבער: „דאָס האָב איך געהערט
„פון גדן". „קענסטו אים טאַקע?" „זיכער". שעפּטשעט זי שטיל פון זאָרג פאַרצערט:
„איז ער בשלום צוריק?" באַרויִקט ער זי: „יאָ, מייַן קינד".

באַרויִקט פרעגט זי נישט מער;

אַבער איצט, ווי אַנטשפּאַנט; בלויז איר אַליין איז קלאָר געוואָרן, ווי אומגעהייער שווער
איר געווען איז, סאַראַ זאָרג.

זיי שווייַגן אַ ווייַל, דערנאָך אויף איר מוטער פרעגט ער שטיל;
זי גיסט איר צער פאַר אים אויס, פאַרטרויט פאַר אים דאָס ווייטיקלעכע שולד־געפיל;
זי האָט זי שוין באַלד בייַם קומען פאַרלאָזט, צו איר אַרבעט אין משק אַרייַן געאייַלט,
צו דער חברטע; דריקט אויף איר די פליכט פאַר דער צעבראָכענער מאַמען. זי דערציילט
און ער, ווי אַ פרייַנט, נעמט אַנטייל, פאַרטיפט זיך, גיט ראָט. תוך כדי כך טוט ער די מאַשין
אַ דריי, אויף אַ פעלד־וועג אַרויף, בעטאַנענדיק: „מיר וועלן אויף אַ ווייַל אַפּטרעטן אַהין,
„און דערנאָך אַ היים".

פון ווייַטן לעשט ער און צינדט די לאָמפּן־ליכטער, גיט אַ צייכן
און דערנענטערט זיך צום טויער. דער שומר, וואָס עפנט ברייט אים דעם טויער מיט אַ שמייכל
באַגריסט אים, ווי אַ ידיד. די מיטפאָרער צעגייען זיך אין הויף, זי טוט ער שנעל פירן
אין אַ זאַל אַרייַן, וווּ ס'ווימלט מיט מענטשן. די וואָס קומען פון דער פינצטער דערשפירן
די מענגע ליכט זיי אין ד'אויגן.

עמעץ רופט־אויס: „אליהו!" — און לויפט אים אויפנעמען.
ערשט איצט דערזעט זי דאָס ליכטיק פייַנע פּנים זייַנס, זייַן זייַדן ווייַסע צוגעקעמטע
פריזור, און די אויגן די בלויע, די קלוגע; זייַן טיף־געקנייטש צעאַקערט פּנים,
ווי געהילט זיך, ווי פאַרשטעלן די וואַכקייט.

עס קלייַבן זיך אויף שוין אַרום אים
די מענטשן פון שוק, שטרענגע, ווי זיי וואָלטן געטראָגן אויף זיך די לאַסט פון דער וועלט;
ער ווייַזט־אָן אויף רחלען, בעט איר אייַנאָרדענען דאָ, און פאַרלאָזט דעם זאַל. און עס העלט
אַ שמייכל בייַ אים אויף; „נאָך אַ ביסל און מיר פאָרן ווייטער".

פונעם כבוד, וואָס פילן
דאָ אַלע צו אים געניסט אויך רחל: מ'זעצט זיך צו איר צו, מ'גיט איר דעם הונגער שטילן,
מ'פרעגט העפלעך וואָס זי מאַכט, וווּ זי וווינט, מ'האָט אויך פיל אינטערעס פאַר אַלע
אייַנצלהייטן פון אירווירטשאַפט: צי פאַראַנען זענען דאָרט קינדער? וועט מען בויען אַן
עס־זאַל?

אַ זאַל פאַר קולטור?

און אָט קומט נענטער אליהו. שוין שטייט ער אויף דער שוועל
און ווינקט צו רחלען: אייַל זיך אונטער. זיי גייען אַרויס. (עס קומט־צו שנעל
נאָך אַ פּאַסאַזשיר, וואָס וויל אָנקומען וואָס פריִער, פאַרטאָגס נאָך אַ היים ער).
קענטיק איז אין די אויגן פון זייַנע באַגלייטער פאַרערונג און ליבשאַפט, און עפּעס געהיימס.
זיי סודען זיך מיט אים ביז ער זעצט אין מאַשין זיך; די ליכטער, די מאַשין, צינדט ער האַסטיק,
מ'דערמאָנט זיך נאָך ענינים, נאָך האַלט מען אויף העפלעך און האַרציק דעם גאַסט, ביז
די מאַשין גיט אַ ריס זיך פון אָרט. ווי צו דר'ערד צוגעשמידט בלייַבן אין דרויסן
די סוד־האַלטער, צוגעשמידט צו זייַן סוד, און נעמען פרייַוויליק אויף זיך פליכט־לאַסטן גרויסע.

נאָך מיטנאַכט איז מען צו איר היים שוין דערפאָרן, און די זעלבע לאָמפּן־ליכט־סיגנאַלן
האָבן אָנגעזאָגט זייער קומען. די שומרים, מיט זיי אויך גד, לויפן אַנטקעגן, אַלע
באַגריסן אים. זיי האָבן אויסגעקוקט שוין זייַן קומען

שמייכלט אליהו: „גד, גיב אַ קוק,
„וועמען כ׳האָב דאָ מיט זיך פון די וועגן געבראַכט? — אָבער שטרענג זאָג איר אָן, זאָג
„אַז אַ צווייט מאָל שטיין לאָזן וועל איך זי אויף די וועגן״.
נישט געוואָגט, ווי פאַרשעמט

האָט גד אויסגעשטרעקט, אַ ביסל צעטומלט, נישט דרייסט, זײַן האַנט איר.
פרײַנטלעך מיט רחלען נעמט
אליהו געזעגענען זיך, ווינטשט הצלחה איר מוטער צו איר קומען, דריקט איר די האַנט,
פאַרזיכערט איר, אַז לײַכט וועט זי אײַנגלידערן זיך: „... אַ מאָדנע לאַנד איז דאָס לאַנד,
„מיט זײַנע שוועריקייטן און צויבער; זויגט דעם מאַרך פון די קינדער, און מיט זײַנעם טרינקט
ער זיי אָן.

## מיט די בחורים צוזאַמען

שטעלן זיך פאַר אים די בחורים, בחדרי חדרים קומען זיי מיט אים אין סוד און טוען
פאַרשליסן זיך. מ׳באַהאַנדלט ענײנים, צו ערשט אין אַ שטילן געשעפּטש, קוים דערהערטן,
אָבער פּאַמעלעך צעפלאַמט מען זיך, מען רעדט וועגן שטרויכלונגען, לײַכטע און שווערע:
דעם שומר פעלט וואַרעמע קליידער, ס׳איז קיין קאָלדערעס נישטאָ, און דאָס ביסל געווער
איז אויך נישט גענוג: און קיין פּרוטה איז נישטאָ, די חובות ווער באַצאָלן וועט, ווער?
די ייִנגלעך, זיי באַקלאָגן זיך: מען וויל דערלאַנגען דעם שונא, ווי ער פאַרדינט — — —
און פילן, אַז יעדעס וואָרט וועט באַטראַכט ווערן, ס׳וועט זיך אָננעמען, ווי אַ קערן וואָס פאַרזינקט
אין דער גוטער ערד. אָן קווענקלעניש טוען זיי אויף וויכטיקס, ווי אויף אומוויכטיקס זיך
באַקלאָגן.
ער ענטפערט זיי, און עס לויכטן־אויף, קיין מאָל נישט מיד, זײַנע בלויע אויגן די קלוגע,
זיי גלעטן די בחורים מיט גלויבן, מיט ערע, מיט גוטס. ער פאַרלאָזט זיך אויף זיי, שטאָלט עס
זיך זייער בטחון לעבן אים, דעם מענטש, וואָס רעדט נישט קיין סך, ווי מיט גאָלד וואָלט ער
געוויגן יעדעס וואָרט; זײַן פּנים צעאַקערט מיט אויפּטו פון ראשונים. גאַנץ זאָט אין
מעשים, אָבער, דורשטיק נאָך ווײַטערן טוען.
ווײַל עס פילט זיי אָן אַ געפיל פון גרויסע טאָטן,
שעמען זיי זיך נישט מיט קיין קליינע; דעריבער קלינגט זייער קול מיט סוד צעציטערטן אָטעם,
און זאָלן עס זײַן אפילו די קלענסטע זאַכן, ווערן זיי געבראַכט מיט אַלע זייערע פּרטים.
ער זאָגט־צו, באַרויִקט, דערמוטיקט, בייזערט זיך אפילו, קלערט־אויף זאַכן און קלאָרט אויס,
ער פאָדערט אויך שטאַרקע התמדה, רעגט־אָן צו אַלץ, וואָס איז מעכטיק, אַלץ, וואָס איז גרויס.

מיט אַ שמייכל גייט ער אַוועק, ווי אַ ידיד, ווי אַ פאָטער, און ווי דער גרעסטער קאָמענדאַנט;
ווידער באַגלייטן אים זײַנע בחורים, ביז ס׳רירט די מאַשין, מען דריקט אים וואַרעם די האַנט.

נאָך ווײַט זענען די וועגן זײַנע, און די נאַכט איז נאָך לאַנג; ער וועט פאָרן, קומען צו גאַסט,
זיך צושטעלן און באַפעלן, און ס׳וועלן זיך בייגן זײַנע אַקסלען אויפצונעמען יעדע לאַסט.



יענע נאַכט האָבן לאַנג געשמועס סיי גד, סיי רחל. זיי האָבן איינער דעם צווייטן דערציילט, וואָס ס׳האָט זיי געטראָפֿן זינט זיי האָבן צעשיידט זיך אויף די ווינציקע טעג. אַלץ וואָס פֿאַרפֿעלט האָט זי דורכצומאַכן אין טעג אַזעלכע גרויסע און פֿאַרהיט אין הארצן. אַן אויפֿגעבראַכטע דערציילט רחל אַלע פּרטים פֿון איר מוטערס יסורים אין די פּײַן־לאַגערן דורכגעמאַכטע; און דאָ אויפֿן לעצטן ברעג דערגאַנגענעם נישט געטראָפֿן קיין אַנשפּאַר, קיין אַנהאַלט־שוועל בײַ איר טאָכטער. גד פּרוּווט זי באַרויִקן: „צי וועט דאָ דײַן מאַמע פֿאַרהאַלטן זיך ווען ? „אפֿילו ווען ס׳איז אָרעם דער פּלאַץ, ער וועט דאָך אָבער צעבלײַען זיך, צו פֿראַכט נאָך דערגיין, „און וועט מיט קינדער און קינדס־קינדער צעווימלען זיך. אפֿשר וועט זי וועלן דאָ שטיין ?״ זיי באַהאַנדלען דעם ענין פֿון אַלע אַספּעקטן.

ס׳האָבן זיך די יוצרות פֿאַרביטן: די זין גאָר זאָרגן פֿאַר די עלטערן, באַשטעטיקן זייער גורל. ווײַל זיי זענען געוואַקסן דאָ, נישט פֿאַרבאָרגן, צווײַגעלעך אין די ווײַנגערטנער פֿון לאַנד, זייער לאַנד. זיי עפֿנען די טויערן, נעמען בעזיכערט די געסט אויף: דאָ וועט איר אײַער רו האָבן, עס וועט קיין שונא נישט קענען הייבן זײַן האַנט דאָ; מיר זענען אײַך אַ פֿעסטונג און אַ שוץ.

האָט באַרויִקט זיך רחל,

ווײַל באַשלאָסן האָבן זיי צו ברענגען די מוטער אַהער, דאָ וועט זי דערהאַלטן זיך פֿון די אָכן, זיי וועלן נאָר צוריק פֿון דער אַקציע, וואָס אַדורכפֿירן האָט מען געהאַט שוין באַשלאָסן, אַן אַקציע אַ וויכטיקע, אַ מעכטיקע אַקציע, אַזאַ ווי די, געווען ביז איצט כמעט אויסגעשלאָסן.

און מען וועבט חלומות ווי־אַזוי מצליח צו זײַן, און ווי זיי וועלן שטאָלץ צוריק, געערטע, זיך טיילן מיט אײַנדרוקן, מיט שותּפֿים צום אויספֿיר פֿון אַנדערע פּונקטן און ערטער, וואָס וועט פֿאַרקומען אײנצײַטיק אויף פֿאַרשידענע פּלעצער, אין איין נאַכט, ס׳וועט דאַן זײַן אַ יומטוב אַזאַ, מ׳וועט זיצן צוזאַמען אַרום פֿלאַקערדיקן פֿײַער, וואָס וועט פֿריילעכע שײַן־פּונקען צעשפּריצן, רייצן זיך מיט די יעניקע, וואָס געגנענען צום פֿײַער, ווי זיי פֿאַרצאַמען מיט גרויס אַראַגאַנץ, געוואַגט אַן מורא, ווי עס פּאַסט פֿאַר פֿײַער־שײַטער, פֿאַר פֿלאַמען.

זיי, די צוויי, סיי גד, סיי רחל, האָט מען אין דער אַקציע צו איין צווײַג צוגעטיילט, צווישן די איבעריקע צווײַגן אין דער דאָזיקער נאַכט. האָט רחל זיך געפֿרייט. ווײַל שטענדיק פֿילט זי זיך זיכער מיט איר פֿרײַנט. גד שפּרודלט מיט בטחון, מיט קלוגער רויִקייט. מיט לויטערקייט פֿון געזונטן פֿאַרשטאַנד, ער קאַרגט אין רייד. יעדער רעקרוט גייט אים נאָך אין פֿײַער און אין וואַסער, ער האָט אים ליב און שעצט אים, ווײַל ער ווייסט: גד קלערט נישט וועגן זיך, דער ער־שטער טראָגט ער די לאַסט, די זאָרג, גיט זײַן שוויס; ווי אַ ברודער זאָרגט ער פֿאַר אַלע, נישט פֿאַרלאָזן וועט ער זיי אין אַ סכּנה, זאָל זײַן די גרעסטע. נישט איין מאָל האָט ער געשיצט זיי, אַרויסגעצויגן פֿון קלעם, און אָפּגעגאַנגען דער לעצטער.

אַזוי האָבן ביידע דערציילט און געשמועסט, מיט דער האָפֿענונג אַראָפּצוּוואַרפֿן דעם עול פֿון די סודות ביזן סוף, ער זאָל נישט פֿונאַנדערטיילן צווישן זיי.

„צווישן צרעה און אשתאול״

האָט ער דערציילט, „זענען מיר אַרונטער פֿאַרנאַכט. געגאַנגען איבעראַשט: עס איז דאָך דאָס אָרט

„ווּ שמשון האָט מיט ליידיקע הענט די פּלשתּים באַפֿאַלן, אַ קינביין פֿון אַן אייזל דאָרט
„האָט ער געפֿונען, געשלאָגן זיך מיט אים און באַזיגט זיי, כאָטש אַליין, אין גרעאַנגל אין שווערן.
„ווּנדערלעכע לעגענדעס פֿול מיט באַטייט, ס׳ליכט פֿון זייער אייביקייט וועט פֿאַרטונקלט נישט
ווערן.

„און פֿון דאָרטן איבער די שטעגן, נאָס פֿון דעם קוואַליק־געבענטשטן וואַסער־געשפּריי,
האָבן מיר זיך צווישן די קשאַקעס פֿעט־בלעטערדיקע געפֿעדערט באַהאַלטענערהייט אין דער ריי.
„ביז מיר זענען צום ,עמק־אלה׳ דערגאַנגען, ווּ דוד, דער קליינער שטיינדלוואָרפֿער, שטעלט
„זיך צו געוואָגט גליתן דעם ריז אַורעקצולייגן. דער שטאָלץ פֿונעם ריזן פּלשתּים־העלד
„אַנגערירט איז געוואָרן. האָט ער זיך צעכעסט, צעדונערט און צעברילט מיט גאווה געמאַכטער:
מיט מײַן גראָבן פֿינגער וועל איך אים צערײַבן! — אָט אין אַ סעקונדע — אַן אויסגעלאַכטער
„וועט ער אײַנברעכן זיך, ווי אַ שרץ. זײַן שלייף דורכגעלעכערט האָט אַ שטיינדל פֿון דודס האַנט.
„ווי מיר וואָלטן געזען די חוצפּהדיקע חיילות אָט איצטער שטיין, ווי אַן אייזערנע וואַנט,
צעפֿאַלן זיך, פֿאַרלאָזן זייער העלד, מיטן דורכגעלעכערטן שלייף, און בהלהדיק ציִען־אָפּ״.

גד לאַכט בעת ער טוט רחלען דערציילן, ווי אַן אויסטראַכטעניש, די אײַנדרוקן פֿונעם מאַרשרוט
דעם געוואָגטן, ווּ מ׳האָט אויפֿגעריסן, נאָכן גיין שעהען אויף שעהען, פֿאַרמאַטערהייט
אַ באַליניע מיט אירע קרייצוועגן, אַ מוסטערהאַפֿטע וואָרענונג און אַ צייכן אין צײַט.
און אין דערזעלבער נאַכט, גלײַכצײַטיק, איבערן גאַנצן לאַנד, האָט מען דורכגעפֿירט ענלעכע
אַקטן, אַנצוזאָגן: זאָל נישט רייצן זיך דער ריז, — ס׳איז נאָך פֿאַראַנען ספּראַצע־שטיינדלעך.

באַרויִקטע און צופֿרידענע האָבן זיי זיך געחידושט איבערן פֿרי־מאָרגן, וואָס אָט, און ער ברעכט־
אויף,
און איבערן גלעקל מיט זײַן דערפֿרישנדיקן געקלינגל, וואָס פֿון טיפֿן שלאָף עס וועקט־אויף.



די פֿאַרשוווּנדענע בריק *

אַרום דער צוגרייטונג טוט זיך זײַט טעג. בײַם אַרויסגאַנג־פּונקט זאַמלען זיך געוויילט
צענדליקער בחורים און מיידלעך, איינס־בײַ־איינס. גד האָט באַשטימט זיי, ער האָט צוגעטיילט
יעדן איינעם אַן אויפֿגאַב אין דער שליחות. אפֿילו ,פֿראָבן׳ פֿריִער מיט זיי אינסצענירט,
און אָוועקגעשטעלט סימבאָלישע ערזאַצן: „דאָ, דער שאָסיי, די בריקן, אַ קלוזשע, ווּ ס׳פֿירט
„אַ שטעג אין דער דרום־זײַט; דאָ נישט ווײַט, אין דער זײַט, שטייט אַן אַראַביש קאַפֿע־הויז,
„וואָס שווּבלט מיט מוסרים, אַגענטן. דאָ, אַן אָבסערוואַציע־פּונקט, וואָס שיקט אַרויס
„ליכט־לענטעס צו באַלויכטן יעדן, וואָס דערנענטערט זיך אומפֿאַרזיכטיק״. שטיל־שאַ
דערקלערט ער אַלע פּרטים: אַוווּ ס׳וועט זיצן די פֿאַרבינדלערין, — רחל — דער אַפּאַראַט,
וואָס גיט־איבער דאָס געשעענע, אין איר האַנט; אויך ווּ די ביקסלער וועלן קריכן,
ווּ די, מיטן שווערן דינאַמיט, מיט וועלכן די בריקן־וועלבונגען וועלן אָט אין גיכן
אַ פּלי טאָן אין דער הייך.
און אַלע זענען גרייט געשפּאַנטע.
דאָס קליינע מענטשן־הייפֿל

גאַרט זיך אַן אין דערוואַרטונג צו דער אַקציע.
די נאַכט איז די לבנה אַ פולע מיטן רײַפּל
זילבערדיק־לויטערער שײַן, וואָס גיסט זיך איבער די ברייטקייטן. וואָלט מעגלעך געווען
כאַטש פאַרטונקלען איר אַרעאַל, איר פּנים דאָס אָפענע, אַפגעדעקטע אַן בושה, זי נישט צו זען.
מיט אַ נעפּל־שלייער פאַרדעקט עס! זיי האָבן זי געהאַסט אין דערדאָזיקער נאַכט פון שרעק, ווי
פון מוסרים, מלשינים, סע וועט יעדעס אויג, וואָס טשאַטעוועט, דערזען זיי, אויפדעקן!

קאַרג און נידעריק איז דאָס ווידערוווקס אויפן אָפּגעקאָסעטן פעלד, די קריכער שאַנעוועןן
עס נישט; ביז זיי גייען אַרויס פון דעם תּחום, ס׳ווערט זיי לײַכטער! דאָן שפּאַנען
זיי און קומען אין אַ סאָד פון שאָטנס אַרײַן. גלײַכן זיך אויס, פעדערן זיך מיט געשלײַך.
דערשרעקן זיך פון הינט־געביל אין דער נאָענט. די קליינע פּײַערלעך, וואָס צייכענען
זיך פון די נאָענטע הײַזקעס, ווי נעסטן פון סכּנה; נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל, און צום געביל
פון די הינט ווענדן די אײַנוווינער אַרויס, און אויס מיט גאַנצן שליחותדיקן־ציל!
די בחורים דריקן זיך צו דער ערד דער פײַכטער, און זייער קלאַפּנדיק האַרץ דווקא
האַלט אין איין קלאַפּן און קלאַפּן!
איז אַנטשוויגן געוואָרן דאָס געוואָי און דאָס האַווקען
פון די הינט. גדס האַנט האָט זיך אַ הייב געטאָן באַפעלעריש: „פאַראויס! און נאָך מיר!"
מען פעדערט זיך מיט אויפגעריסענע אויגן־אַפּלען, מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם, דערשטיקן זיך
שיעור.
דער פּרדס ווערט שיטערער און שיטערער. ווידער הייסט מען קריכן. און אָט קומען זיי אַרויס
פונעם שאָטן־באַהאַלט. אין דער לבנה שײַנען די שטחים, זעען בלישטשענדיק־פינקלדיק אויס,
אַזעלכע שטילע און שיינע. אָבער זייער האַרץ ווערט פון אירע צויבער־שײַנען נישט געפאַנגען.
מ׳קומט צום אָרט פון אַקציע צו.
הונדערטער געווער־שיסערײַען מיט אַ מאָל דערלאַנגען
איבער זייערע קעפּ אַ געעפנט פײַער. גד שרייט: „יעדער און זײַן אויפגאַבע!"
אַ שאָס, און אָט
ברעכט יחיעם* צוזאַמען. „לאָזט צורו מיך. איר זעצט־פאָר. איך..." — און פאַרשוויגן ער האָט.
אַ גרופּע אונטערמינירער זענען גרייט צו דער אַקציע, זיי זענען קלאַמערנדיק געלעגן
בײַ די אונטערשטע געוועלבונגען פון דער בריק.
ס׳האָט אויפגעבליצט, די לבנה האָט אַנטקעגן
דעם בליץ־ליכט פאַרבלאַסט. ס׳האָט בלענד־ליכט אַ הייב זיך געטאָן און מיט זיך אַנטפּלעקט
גרופּן־גרופּן צוגעפּרעסטע צו דער ערד. פּאַמעלעך האָט אַ פאַרשאָלטן פײַער פון אויבן דירעקט

מיט פונקען פאַרלענדנדיק־פײַער געשפּריצט.
אַ זעץ.
אַ דונער.
און אַ גיהנום פינצטערניש.

דערנאָך אַן אייביקע שטילקייט.
און רחל קריכט פּאַמעלעך: די בריק, זי געפינט זי נישט;
ווו איז גד? ווו איז די גרופּע מינירער די גאַנצע? ווו זענען זיי אַהינגעקומען אַלע?

זי האַפּט: זיי זענען אַוודאי צעקראַכן זיך פונדאַנען.

ווי נישט געווען, די טריט ווי פאַרפאַלן,

קריכן די לעבעדיקע פאַרלישעט צווישן שאַטנס, און אַזוי־אַ מיטן טאָג וואָס גייט־אויף קומען זיי
צום אויסגאַנג־פונקט צוריק, און ציילן זיך.

ווי ליכט שטעלן זיי זיך אויס אין דער ריי.

ווער פעלט?

פערצן מאַן.

אפשר טוען זיך נאָך אַ פּאָר אין דער קאַלוזשע פאַרשטעקן?

רחלס האַרץ זאָגט איר שלעכטס. זיי וועלן זיך נישט אומקערן מער. די אויפגעוועקטע
האָפענונג וויל זי נישט צעשטערן דער מערהייט. וואַרט מען אויף אויסשפּירער, אַ בשורה זאָל
קומען

אַ טאָג.

און צוויי טעג. אַ וואָך. און אומזיסט.

שטיקער פלייש בלויז האָט מען צונויפגענומען.



זאָל דער אײַליקער לייענער שנעל נישט לויפן איבערן געשריפט, דאָ פּאַסט די שטילקייט זאָל הערשן
כאָטש אַ מינוט: מיט רחלס טרויער זיך מתייחד זײַן, פאַרהאַלטן דעם אָטעם, זיך באַהערשן.
פּאַמעלעך, מיט געבויגענעם קאָפּ, אַרײַן אין טעמפּל פון ליבע, וואָס אויפגעבויט, ווי אַ וואָר
האָט דאָס מיידל, ווידערשפּעניקן דעם טויט. זײַן ראַפינירטער פאַרשטאַנד, קאַלט און קלאָר,
וועט עניוותדיק ווערן.

ווײַל ס'איז דאָך פאַראַן אַ וועלט, ווען אפילו אויסגעטראַכט זיך
איז זי דאָך זיכער פאַראַן, ווי לופט צום אָטעמען, ווי צום זען — דאָס טאָג־ליכט געמאַכט איז.
און רחל מיט דעם כּוח פון איר טרויער האָט געשאַפן זי; צוריקגעבראַכט זיך גדן, ווי געשטרעבט;
און ער ווי ער וואָלט אײַנהערן און ענטפערן אויף איר אַלע געשמוסן, ווי ער לעבט.

אַלע יסורים, פון יתומקייט איז זי דורך, אײַנגעלייגט די גרענעצן, פאַר איר אויפגעשטעלט,
און אויסגעריסן פון דער אַין־שויס דעם יש, וואָס צעטרייסלט זיך נישט אין איר וועלט.

## דער ערשטער בריוו צו גדן *

גד, דו וועסט דאָך נישט פאַר איבל נעמען, וואָס איך האָב דעם אוהל פאַרלאָזט, דעם כּרם, דעם גאָרטן ?

כ׳וועל זיך נאָך אומקערן אַהין, ווען דו וועסט זיך שטאַרקן אין מיר, קלענער ווערן די גאַרונג דיך צו זען אומעטום דאָרט, צווישן אַלע בחורים, ווו נאָר איך טו זיך ווענדן און קערן, שרייַט די שטומקייט אין מיר: „ווו ביסטו טייַערינקער ? הער מייַן קול ! כ׳וויל דייַן ענטפער דערהערן !"

כ׳האָב זיי פאַרלאָזן. נישט געקאָנט באַטריבן זייער לעבן מיט מייַן טיפן טרויער, זיך צעשיידט, ווען אפילו זיי וואָלטן דייַן אומקום געטראָגן מיט מיר, וואָלט איך מייַן ווייטיק נישט געטיילט. צו מייַן מאַמען בין איך געפאָרן. קלוג איז זי געווען נישט צו פרעגן, אין מייַנע אויגן דערקענט, אַז דו ביסט נישטאָ מער. געניטע אין אַלע יסורים פאַרשטייט זי גוט, ווייַל געצויגן אַליין זי האָט קונציקע בריקן, וואָס העגנען איבערן תהום, צו גיין איבער זיי, ווי איבער פעסטן באָדן. ווי גוט זי פאַרשטייט מיך צו לאָזן אַליין אַזוי שווייַגנדיק אין גליווער פון מייַנע מחשבות, נישט אַרייַנדרינגען אין מייַן יתומקייט, אַ מאַמע, בלויז אַ מאַמע קאָן אַזוי פאַרשטיין צו שווייַגן מיטן טרויער פון איר טאָכטער, אַזוי שווייַגן צוזאַמען.

אַ, פאַרגיב מייַן שוואַכקייט, וואָס איך נוץ נאָך, נייטיק זיך אין אויסדרוק אין מייַן שפּירן נחמה, אַז ביסט דאָ פאַראַן; כ׳ווייס דאָך: נאָך זייַן וועסט שפּרודלדיקער קוואַל אין מייַן נשמה. אָבער איצט לאָז איך רעדן מייַן פעדער, אין איר שפּרייַזל-שפּיץ בין איך אייַנגאַנצן פאַראַן, ווען איך שמועס זיך איבער מיט דיר. הייב איך מייַנע אויגן אויף צו איך, ווי וואָלסט געשטאַנען פאַר מיר: הייב איך נישט די אויגן; ס׳איז גענוג מיר, ווען דו הערסט זיך בלויז אייַנעט, אין נאַכטיקער שטילקייט דו הערסט און דו ענטפערסט אויף יעדן וואָרט און וואָרט מייַנעם.

*

## דער צווייטער בריוו צו גדן

צי געדענקסטו, טייַערינקער מייַנער, דאָס דאַזיקע בילד דייַנס אויפן אָפּהאַנג פון באַרג-שפּיץ, ווען ווי אַ סאַרנע דו האָסט פריילעך געהיפּט, — איבער דייַן קאָפּ דאָס הימלבלוי צעבליצט, ס׳האָט אויסגעזען, גלייַך דו שוועבסט. און דייַנע אויגן אין שאָטן פונעם לעפלעך-צאַם קוקן גלייַך, אַלץ צו זען. אָט דאָס דאַזיקע בילדל דייַנס איך רעם-איין אין אַ ראַם, אויף דער ביכער-פּאָליצע איך שטעל עס אַוועק.

ערשט איצט באַנומען און פאַרשטאַנען איך האָב שׂרהס שווייַגן דאָס טיפע, ווען איר בליק אויפן פאָרטרעט פון איר פרייַנט פאַלט אַראָפּ, אַזוי־ווי אויף זייַנס־און־אירס אַ סוד. אויך איך באַמערקן איך טו גלייַך ווי זי:

„ער, מייַן פרייַנט איז געוועזן". ווען כ׳האָב עס געהערט, איז קלאָר מיר געוואָרן שוין דער זין, ס׳איז קיין דערהויבענער ליד נישט פאַראַן פאַר מאָס פון ליבע, ווי די־אָ פינף אָפּגעציטערטע ווערטער: „ער, מייַן פרייַנט איז געוועזן". דיכטער צו זייער קלאַנג וועלן ווערן דערציטערט, און ס׳וועט די מליצה זייערע פאַרשעמט זייַן.

און איצט, ביידע פנימער פון רעמל טוען שייַנען פאַפוצט מיט בלומען. אָפט דוכט מיר: ער האָט געוואַרט אויף דיר דאָ, מיט דיר זייַן אייניקנעם,

אפילו די צײַן פון דער צײַט, וואָס האָט פאַרגליווערט מיט אים, נישט געשעדיקט זײַן יוגנט־פּראַכט האָבן. פאַרהאַלטן האָט ער זײַן צוואַנציקיאָריקן אַלט זײַן, דײַנער זאָל אים דעריאָגן.
אַ גאַנצער דור צו מעשׂים, צו גבֿורה, איז צווישן אײַך ווי פאַרגאַנגען, אָט־אַ דאָס בילדעט
אַן עפּעס, וואָס פאַראייניקט אײַךביידן, אײַך, וואָס איר קוקט אַזוי רויִק אַרויס פון די בילדער.



דער דריטער בריוו צו גדן
פאַריתומקייט

די געשעענישן מיט זייער אָפּהילך צעבושעוועט אַרום מיר, האָב איך אין אַ קרײַז גענומען אַרום,
יעדע כוואַליע, וואָס וויל אין מײַן פאַרשלאָס אַרײַנרײַסן זיך, שלאָגט זיך אָפּ, קערט זיך אום.
אַזוי־ווי פון פעלדז פון דײַנעם, וואָס האָסט מיך גענומען, מיט אײַפער, און בין דערהויבן געוואָרן,
איך שיק אָפּ יעדן שליח געשיקט, אַ באַלעסטיקער, מיר אַ מיטחבר צו די געשעענישן אין די יאָרן.
ווי כ׳וואָלט געשווומען אין אָפּגרונטן פון מחשבֿות, וואָס דעשיפרירן דעם באַשאַף־סוד דעם שווערן,
אין וועלכן ס׳דוכט מיר, ווי כ׳גיי פאַרלאָרן, און שטוין: נישט אַנדערש איך לעב שוין נישט מער ?

שטאַרק דו, מײַן טײַערער, די איינזאַמקייט מײַנע, אויב איז זי צום האַרצן און ליב דיר, איך פרעג.
שטאַרק צעטומלט איך בין. שטאַרק, טײַערינקער, טאָמער ביליק כ׳וועל ווערן בײַם אַראָפּ פון דײַן וועג.



דער פערטער בריוו צו גדן
רעגן

אָ, דער רעגן, דער יורה־רעגן צעווילדעוועט מיט גראָבע טראָפּנס, וואָלט ער מיט זײַן וואַסער
אָנגעטרונקען מײַן נשמה! האָב איך מיט דיר און מיט אים געווילדעוועט אינגאַנצן אַ נאַסע,
אַ באַנײַטע געלאָפן, מיט דיר האָנט אין האַנט, איבער די שטאָטישע גאַסן, ווי באַרוישט;
מײַנע לאָקן, די קליידער מײַנע — שטראָמעלעך פריש וואַסער פאַרקראָכן מיר ביז דער הויט;
ס׳האָט דער־אָ רעגן אַ טרייסל געטאָן מיך, האָט געוואָרפן מיט מיר ביז כ׳האָב דערוואַכט,
אַראָפּגעשליידערט דעם הויקער פון זיך, אַנטלאָסטעט פון דער משׂא, און האָב זיך געמאַכט,
ווי דאָס קעמל, ווידערשפעניקן דעם עול וואָס טוט לויפן אַ באַפרײַטער, אַן לאַסט, אַן זאַק,
אין דער מדבר אַרום, און טוט פרײַ בענטשן יעדעס פּאַשע־פעלד, יעדן גרינעם שפּילקע־קשאַק.

האָב איך אין זיך אַרײַנגעצויגן דורך די נאָזלעכער דעם ריח טרוקן־ערד, וואָס געוואָרן
באַוואָסערט פונעם רעגן. אויך איך האָב געטרונקען צוזאַמען מיט איר, מיט די דאָרנס,
און געפילט: כ׳בין צום לעבן צוריק געקומען.
און ווען אַ נאַסע איך בין אין צימער אַרײַן,
צו דער ביכער־פּאָליציע צו, אַ פּאָרסאָפּעטע געשטאַנען, און מײַנע אויגן געהויבן צו דײַנע,
האָב איך אַ פריילעכן דיך אַנטקעגן געזען, באַשטעטיקט פאַר מיר מײַן צורקקער צום לעבן,
און די שטיפערײַ מײַנע בענטשסטו.
האָב איך מײַן איינזאַמקייט צעשמעטערט, פרײַ זיך געגעבן.

## דער פינפטער בריוו צו גדן
## כ׳האָב, גד, דיך פֿאַרשעמט

אַ פֿאַרשעמטע גיי איך אַרום מיט דיר, און ווידער אין די געשעענישן מיר הערן זיך איַין.
אַז כ׳האָב פֿאַרזינדיקט, דאָס ווייס איך. ווער האָט דאָס דערלויבט מיר אין מיַין טרויער אַריַין
און זען בלויז זיך און מיַין ווײ ? זענען מיר דאָך שטענדיק גרייט געווען פֿאַלן, גלייב מיר,
גד, אויך דו וואָלסט זיך נישט איַינגעשלאָסן אין דיַין בראָך, ווען דער קלאַפּ וואָלט אויף דיר
אַרונטער. פֿאַרגיב, גד, כ׳האָב פֿאַרשעמט דיך ; איבער אַלץ דערהויבן מיַין ווייטיק, דעם טראָפּ
אין דער וועלט געשטעלט בלויז אויף אים, יעדעס פענצטערל האָב איך הערמעטיש פֿאַרשטאָפּט,
עס זאָל קיין שמץ ליכט נישט אַריַין אין מיַינע דלת־אמות, קיין קול, ביז דערזען האָב איך :
די וועלט קאָן באַגיין זיך אָן מיר, באַגיין, כאָטש זייער דערוויַיטערט פֿון מיר האָבן זיך
די אויסגעטראָטענע וועגן פֿון לעבן, האָב איך אומגעקערט זיך צוריק, און דאָן אָנשטאָט
נישט צו הערן, האָב איך איַינגעהערט זיך אין די טאָג־טעגלעכע טריט, פֿאַרלאָזט כ׳האָב. דו, גד,
וועסט העלפֿן מיר, וועל איך צוריק אין זייער ריכטונג. איך וועל נישט פֿאַרפֿאַלן גיין
אין תהום פֿון זוכעניש. איך וועל זיך געפֿינען וועגן אין לעבן צום יש. באַפעסטיקן אַליין
דאָס פֿאַראַנענע. כ׳וועל ווידער קומען צו די בחורים און צו זייער וועג, כ׳וועל מער נישט זיי
פֿאַראומערן די פּנימער צוליב דיר, צוזאַמען זיצן, און דאָס געזאַנג וועט דיר אַ מתּנה דאַן זיַין.



## דער זעקסטער בריוו צו גדן
## די נאַכט פֿון 29 נאָוועמבער 1947*

די נאַכט פֿון פֿעלקער־משפּט, ווו ס׳האָט זיך זייער געוויסן געוויגן, ווען זיי האָבן באַגלייט
דעם גורל פֿון אַן אָרעם פֿאָלק.

אויף וועלן פֿאַרהוילענע, דאָך פֿאַראַנענע, ,יאָ׳ צי ,ניין׳ געציילט
האָט מען דאַן מיט ציטער, וואָס האָט אויפגעשטורעמט דאָס בלוט, און זיך אַריבערגעגאָסן ;
די נשמה־פֿידלען, סטרונעס אָנגעצויגענע ביז צום פּלאַצן, האָבן אין זיך איַינגעשלאָסן
די העכסטע קלאַנגען זייערע, — ביז זיי וועלן אַרויס, ווי אַ פֿיַיל פֿון בויגן, באַשווערטע
מיט ריזן כוחות, וואָס האָבן איַינגעהאַלטן זיַין כּוח, ביז מיט אַ מאָל אויסגעלאָדן צו ווערן.

ווי נאָר מען האָט דעם גערעכטן באַשלוס אָנגענומען, איז דאָס גאַנצע פֿאָלק אַרויס, שטוינסטו :
פֿון וואַנען האָט דאָס אַלץ אַ שפּאַר געטאָן פֿלוצים, אַרויס פֿון דער ערד אַזוינס דאָ ?
און אָנגעפֿילט די גאַסן און געסלעך, די סקווערן, אויך דעכער און טעראַסעס און שטובן,
געשטורעמט און געווימלט אין דער גרעסטער נאַכט זיַינער, ס׳איז פֿונעם יומטוב דער יובל.
ס׳איז אין יענער נאַכט נישט געווען קיין רײַך, קיין אָרעם, קיין נאַר און קיין חכם,
אַלץ מיט אַלץ האָט צעטויפֿגעשמאָלצן, יונג און אַלט, קינדער און טאַטעס, אַלע זוכן
אַריַינצוציִען זיך און געטראָגן צו ווערן אין געווירבל פֿון פֿרייד, אין שכּרות פֿון דער בשורה.
אָרעמס מיט אָרעמס האָבן געפֿלאָכטן זיך, באַוויגן מיט געזאַנג און טענץ שורה נאָך שורה,
האָט אַ מענטשן ריזן־וואַנט זיך צעשטראָמט, די פּענער האָבן איבער קעפּ געפֿלאַטערט, געשרייען,
מויערן און שטיינער פֿון ברוק האָבן אָפּגעעכאָט מיט פֿריילעך געפֿילדער און געפֿלויש.
און דאָס קול פֿון טויזנטער ברוסטן האָט אַ שטורעם געטאָן, ווי אַ פֿלייציקער ים, געגאַנגען
און מעכטיק געוואָרן, זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין ריזן־קול מיט דאַנק־און ליוב־געזאַנגען.

צעשפליטערט זיך דער געזאַנג־כּוח ווי וואַסערפאַלן, פון פרייד צווישן די המונים געדיכטע, וואָס שטראָמען מיט טענץ און געזאַנג, באַלויכטענע פון פאַרשידן־פילקאָלירקע ליכטער. פעסער ווײַן געבראַכט זענען אין די גאַסן אַרײַן, לעקעך און כּל־מיני געבעקסן צו צובײַסן, פריילעך צו מאַכן, פאַרזיסן די שטימונג, דערמוטיקן, און באַגײַסטערן דעם טאַנץ דעם הייסן.

אין דער דאָזיקער נאַכט האָט דערגרײַכט די בענקשאַפט־פּרוכט, מיט זיך אַלע זאַפטן געבראַכט אַנצוטרינקען דאָס פאָלק, וואָס האָט געלעכצט און געהאָלפן געוואָרן אין דער דאָזיקער נאַכט.

ווער ס׳האָט פון דער פרייד אין דער דאָזיקער נאַכט נישט גענאָסן, האָט אַזאַ פרייד צו באַקומען נישט זוכה געווען.

ווי אין חלום הער איך קלינגען דאָ צווישן אַלע דײַן נאָמען;

גד, דו, אויך אַלע אַנדערע, וואָס זענען אויף אייביק אַוועק, זענען פאַראַנען דאָך אָט איצט צווישן אַלע די טאַנצנדיקע מיט פלאַם און ברען, און זינגען; נישט אומזיסט, נישט אומזיסט!



## באַצאַלטס

אין שויס אַריין פון דער נאַכט האָבן געפאַלן אַלע נדרים, חרמות און שבועות, ווי טײַכן, וואָס דורות אויף דורות האָבן געטאָן מיט בענקשאַפט ביז אויס־צו־גיין נאָכן צייכן, וואָס וועט קומען.

איז אין דער פרייד פון דער דאָזיקער נאַכט באַהאַלטן עפּעס גרויס ביז אימה דאָס באַצאַלטס. פאַר בלוט־בונד אין די פאַלדן פון אַ נישט דורכזיכטיקן שלייער געהיימען.*



## דער זיבעטער בריוו צו גדן
## דאָס ביכורים־בלוט

טײַערער גד, אָט וועל איך אַ ביסל זיך דורכשמועסן מיט דיר, אין דער רויִקער נאַכט. געבליבן מיר זענען נישט בלויז בייִדע אַליין, חברים אַ סך מיר האָבן דאָ זיך צוזאַמענגעקליבן. זאָגן זאָגט מען: זיי זענען געפאַלן. ווער פון זיי לעבט, ווער נישט, האָב איך נישט באַמת זיך צו זען. כ׳בין אויך כּלל נישט אומשטאַנד צו פאַרשטיין.

זע, זייערע אויגן טוען גליִען

דערציילנדיק איינער דעם צווייטן:

„... איך בין דאָן געקראָכן אַ פאַרהאַלט דורכצורײַסן

„פאַר מאַשינען אַנגעלאָדענע רעטונג, און מצליח געווען אין מײַן שליחות, זיי איינציקווײַז

„זענען אַדורך. נאָר איך האָב פאַרזיגלט מיט אַ פלעק מיט אַ רויטן דעם פעלדזן־שטיין דאָרט”.

דער צווייטער דערציילט מיט אַ שמייכל פאַרשעמט: ווײַל איבערגעבליבן איז ער בלויז אַליין דאָרט,

צו עפענען פײַער אויף די פאַרזעצלער, ביז דער לעצטער פון די חברים שיצט זיך פון פײַער צווישן פאַרשטעלנדיקע קשאַקעס; ער מיטן מאַשין־געווער אויף זײַן אַקסל, וואָס איז טײַער אים פון אַלץ — אָבער שווער; — אָט אָט דערגרייכט ער שוין, פעדערט זיך אַ קויל, פאַלט ער צוזאַמען.

דערציילנדיק אַזוי פאַרטרויערן זיך זײַנע אויגן: אַן איינציקער זון בײַ טאַטע־מאַמע.

גד, הער־צו, ווײַל די רײ איז נאָך לאַנג; יעדער אײנער דערציילט, זײַן געשיכטע ער מאָלט,
אַזוי אײנפאַך זענען זײערע געשיכטעס, און קורץ, פאַרשטענדלעך אַזוי, באַגרײַפלעך און נאָענט.

ס׳טרעפט, גד, אַז איך שעם זיך פאַר אײַך, פאַר די חברים מײַנע דאָ זיצנדיק אין געמײנזאַם,
ווײַל איך בין נאָך פון דערזײט. ווי? ווי־אַזוי? איך ווײס נישט, כ׳קאָן נישט פאַרשטײן כלל.
מיר ווערן צעריסן פון אײן פּאָזיציע צו דער צווייטער, פון אײן שכונה צו דער צווייטער,
אַ הײפל אַ קלײנס, איבערראַשן דעם שונא, שיצן, אויסשפּירן אַ בײזוויליקע סכנה, נאָך אײדער זי קומט־אָן.

דוכט זיך בלויז געציילטע וואָכן, אָבער סאַראָ מענגע מינוטן, נישט מעגלעך
איבערצוציילן זײ, און באַשטימען גורלות, און אָפּט אַזוי לאַנג זײ ציִען זיך, נישט דערטרעגלעך, —
פון זײַט יענעם פרימאָרגן, ווען איך האָב געוויינט. אָבער בלויז אײן מאָל איז עס געשען:
נישט קײן אייגענעם ווייטיק, קײן אײגענעם טרויער באַוויינט, געוועזן אַן אָפּהענטיק געווײן,
ווען כ׳האָב זײ געזען אונטערצינדן, — די געזעץ־היטער האָבן נאָך פאַרשטעלט זײ — און רויבן*,
פון וויַיטנס האָבן אונדז זײַלן רויך אונטערגעאײַלט אַרײַן צווישן די אכזרים, מיט גלויבן
אויף צו ראַטעווען, אַפּלעשן דאָס פײַער, ווען אפילו מיט ליידיקע הענט, — האָט די פּאָליצײ
אָפּגעטריבן אונדז מיט קאָלבעס פון ביקסן, מיט זײערע קורץ־גראָבע שטעקנס, מיט זידלערײַ,
אָנגערייצט די אונטערצינדער.

אָ, פון דאַן אָן איזדיעקעוועט האָבן זײ זיך שוין אַ וויפל מאָל,
און מיר זענען בײַגעשטאַנען. טאָג און נאַכט: אָט דאָס אַלץ איז נישט אַריבער אָן באַצאָלטס.
אין אַ פאַרצווייפלטן קאַמף איז פאַראַנטוואָרטלעך און מיטן לעבן פאַרמישט יעדער אײנער
פון די בחורים, ווען אפילו צען, פינף, אפילו בלײַבן מיר וועלן בלויז געציילטע, אײניקע.
פון אונדזערע אויגן האָט אַרויסגעקוקט דער טויט. גלײַכגילטיק צום בראָך, ווײַל פאַראַן
איז נישט קײן מחיצה, האָבן מיר געלערנט, קײן שרעק נישט, קײן שוידער.

מיר האָבן פאַרשטאַנען

פאַרוואָס מיר גיבן־אָפּ די טעג אונדזערע און נעכט, יעדן שוואַכפּונקט מיר שטאַרקן, אָן פויזע,
אָן שלאָף, פאַרזיכערן, פאַרשטאָפּן, אַטאַקירן, ביז דער אָטעם ווערט קורץ און גייט כמעט אויסעט
אין דער ברוסט. מיר האָבן אַ סך געגומען אויף זיך, אָבער דערבײַ ווי גליקלעך געוועזן,
אַז מיר האָבן זוכה געווען צו עפּענען געזיכערטע וועגן, געהאַרטעוועט זיך צו שטײן
ווייניקע אַנטקעגן אַ סך, מיט קאַרג געווער, באַהאַלטן אונטער די פאָלעס, די מאַנטל־פאָלדן
פון אַ נאַיווער קעמפערין*.

ס׳איז די מאָס פונעם ביטערן גליק איבערפולט, נישט אײַנגעהאַלטן,
אַריבער די ברעגעס. קאַרג די ווערטער אויף צו שילדערן זײַן שפע, — אַ געלעכטער בלויז
אַ שפּאַסיקס צו פרוון פאַרדעקן עס, בלויז דער סוד פון פײַכטע אויגן זאָגט נישט אויס.
ווי מיר וואָלטן פאַרברענט ווערן אין פײַער פון געשפּאַנטקייט.

פלוצים אַ באַרגיקער אויסקוק

אַ שלווהדיק שײנער, וואָס גיט זיך אונטער דעם פלאַנצער, ענטפּערט־אָפּ אויף זײַן רוקן
מיט וועלדלעך, כרמים, סעדער מיט פירות געראָטן.

ווען מען האָט אַהער אונדז געבראַכט*,

געמײנט האָבן מיר, אַז ס׳איז אַן אינדזל מיט ווירבל־וואַסער אַרום. איז עס גאַר אַ פויזע געמאַכט
פון די בריוונדיקע געשעענישן און בלוט־קאַמפן, וואָס האָבן אונדז אַרײַנגעווירבלט אַזוי.

האָבן מיר זיך געוווּנדערט: מען קאָן זיך נאָך וואַלגערן אין גראָז, אין אֶינסופֿיקן בלוי
פֿון הימל פֿאַרלירן צו גיין ביז גאָר.

מיר טרײַבן צווישן זיך אויך מעשׂים פֿון קונצשטיק,
און לאַכן ביז טרערן, ווען מיר פּוצן־אויס אַן אייזל מיט פֿאַרביקע סטענגעס און שטריק,
מיטן הוט אויפֿן קאָפּ שאָקלט עס, ווי צום באַגריסן, מיט אַן ערנסטן בליק אַן אַנגעכמורעטן,
ווי עס וואָלט אויף די לצים געכעסט זיך.

אונדזער וווינאָרט צווישן די היילן, אין אַ חורבה,
וואָס נעמט אַרום דעם באַרגשפּיץ. מיר געבן די היילן נעמען פֿון פּאַלאַצן, און די שטעגן —
נעמען פֿון פּראַכט־סקווערן און אַלייען. שפּאַסיקע קופּלעטן און לידלעך מיר פֿלעגן
אַלע מאָל נײַע פֿאַרפֿאַסן, צו שפּאָטן פֿון די פּחדים, וואָס שפּאַרן אַפֿיר פֿון די בערג דאָ אַלע
אַנטקעגן, פֿון יעדן פֿעלדזן־שטיין אַרום.

אָבער איצט, ווי פֿאַרהאַלט זיך די רו, די שלווה;
ס'אַקערט דער אַקער, דער באַגרויזער גרויזט־אַרום.

אויף אַן אָפּגעזונדערט אינדזל צו זיצן
זענען מיר געקומען, העלפֿן ווען ס'וועט קומען די צײַט — תּלמידים, וואָס ערן דאָס וויסן,
אַ סיפֿא און אַ ספֿרא צו זײַן דאָ. ווי שיין־אַנגענעם די אָוונט־שעהען קילע דאָ זענען,
ווען מיר זיצן מיט די ערד־אַרבעטער, לערנען זייער אַגראַר־חכמה, אַ מאָל אַ ווערעמל דערקענען,
אַ מאָל אַ פֿלאַנץ צו דערפֿאַרשן.

אָבער אַצינד, מײַן טײַערער גד, מײַן איינציקער פֿרײַנט דו,
איך בין אַזוי שלמותדיק מיט דיר זיך מתייחד, אין דער דאָזיקער נאַכטיק צעשטערנטער־רו.

אויפֿן אָפּגעזונדערטן בערגל מיר אַכט דאָ, — די נאַכט־און טאָג־פּאָסטנס טוען זיך בײַטן,
פֿאַרגייט אַזוי אַ מעתלעת. און כאָטש ס'איז שטיל דאָ אַרום, וועט קיינער אין קיין שום צײַט נישט
אָפּלייגן די פֿולע ריסטונג, אַפֿילו אין נאַכטיקן שלאָף, —געשפּאַנט איז מען גרייט.

און איצטער
אָטעמט זיך אַזוי רויִק אין שלאָף, ווען צוויי שומרים טוען אויסשפּירן אין פֿינצטער,
וואָס עס גייט־אָן אין דער נאַכט איצט.

מײַן ליכטל פֿלעמלט, וואַרפֿט שאָטנס, פֿרעמד
און מאָדנע טוען זיי היפּען און זיך גליטשן אַנטקעגן מיר איבער די געצעלטענע ווענט.
נאָך אַ ביסל וועלן זיך אומקערן די צוויי שומרים און ברענגען מיט זיך דעם ריח פֿון נאַכט
און אָוועקפֿאַלן מידע אָבער פֿריילעכע, און איך וועל אַרויס אָנשטאָט זיי, אויף דער וואַך
איינצוהערן זיך אין די קולות, וואָס שפּאַלטן די שטילקייט. אָט קומען זיי אַרײַן
מיט אײַזערנעם געקלימפּטער פֿונעם געווער.

קום, מירן אויף שמירה אַרויס, גד מײַן פֿרײַנט.



דער אַכטער בריוו צו גדן
שלאָס פֿון די פֿיר קופּאָלן*

אַ פֿעסטונג הייבט זיך אַרויס, מיט זײַנע פֿיר גרינע קופּאָלן, מיר פֿאַר די אויגן,
ווי וווּנדערלעכע מושלען פֿיר, וואָס האָבן באַהאַפֿטן זיך מיט אַ ריזיקן פֿעלדז דאָרט פֿון אויבן,

וואָס ער אַליין סטאַרטשעט־אַרויס פון צווישן בערגלעך און שטייניקן באָדן, בעת דער שקיעה
בלישטשעט זיך דורך פון ווײַטן דער ים און ווײַסלט זיך דער ברעג־פּאַס, ווי אַ ווירע.

דאָס לעבן איז עפּעס רויִק אײַנגעשטעלט דאָ, ווי מחוץ דער צײַט ציילונג וואָלט עס געלעגן.
ווי אויסגעשפּיגן פון שטורעמס און שלווהדיק געוואָרן, מיט אומפאַרשטענדלעכע וועגן.
דאָך ווייסן מיר: די שׂנאה באַהאַלט זיך אין יעדן שפּאַלט, אונטער יעדן היגל פאַרטײַעט דאָ
ליגט זי פאַרזעצט, פדי אונדזער זיכערקייט צו צעטרייסלען, אַלץ נענטער רוקט איר צײַט אָן.
שטאַרק זענען מיר גרייט צו איר קומען, און דאָך טוט דאָס האַרץ זיך עקשנותדיק אָפּזאָגן דאָ
פון אַרײַנטוען זיך אין הארטן פּאַנצער, פון צוגרייטן זיך אַ שוץ־קאַמף אויסצוטראַגן דאָ,
אַ קאַמף נישט קיין גלײַכן: אַ קליינטשיק אינדזל אַנטקעגן אַ ים־שטורעם, וואָס דראָט פאַרשלינגען

אויפפלייצן אויף אים זײַנע תּהומות. צי וועט עס אים דאָ בײַשטיין, געלינגען?
אָבער איצט מעג מען נישט זען נאָך די שרעקן, מעג מען צעזינגען זיך, פרײַ זיך נאָך פילן
נאָך אַ נאַכט פון שמירה, אַ פול געזאַנג נאָך לאָזן הערן, אָנסטראָיען די סטרונע און אויסשפּילן
דערהויבענע ניגונים.
ס'איז יעדער קאָנטאַקט מיט אונדז דאָ איבערגעריסן געוואָרן,
נישט אַרויס און נישט אַרײַן, אויסער אַ שטאָלענער פויגל אַ קליינער, ווי ער וואָלט פאַרלאָרן,
וואַרפט ער אַראָפּ אַ צעטל, אַ צײַטונג, נישט שטענדיק מיר כאַפּן עס: פאַראַן און ס'פאַרטראָגט דאָ
אַ ווינט אַ צעשטיפער די מתּנה אַריבער דעם תּחום.
אָבער דערווײַל צויבערט נאָך די רו דאָ.



דער נײַנטער בריוו צו גדן
נאָכן קאַמף

ז'האָט לאַנג נישט געזומען און אַ פלייץ האָט געטאָן דער שטורעם. מיר האָבן שוין געזען
אים אַרונטערגליטשען זיך, ווי אַ פינצטערער ים, פון אַלע בערג און בערגלעך, און געווען
איז ער, ווי אַ פײַער־רעגן, וואָס פאַרפלייצט אונדזער פעסטונג, ווי אַ האָגל, וואָס שמײַסט
און פײַפט, מיט געברויז, האָט זיך געדוכט: אָט טוט ער אונדזער שטאָלצן פעלדז אַ פאַרפלייץ; —
און ס'איז נישט געשען. מיר האָבן אָפּגעשטויסן אים, בחורים און מיידלעך, אַ הייפל, אַלע
מיט קאַרגן געווער, יעדע קויל צוגעטיילט איז, געציילט, און ס'איז דער כּוח זייערער צוזאַמענ־
געפאַלן

און צעבראָכן געוואָרן.
צי געדענקסטו, גד, ווי דו האָסט מיר דערציילט וועגן עמק־אלה, געצאַרנט
האָט דאָרט חוצפּהדיק גלית'מחנה, און פונעם קלענסטן שטיינדל־צילער געשלאָגן דאָרט געוואָרן?
אַזוי האָבן מיר זיי פאַרריסן געזען גרייטן זיך צו רויב און מאָרד, ווען זיי וואָלטן געקענט
באַזיגן אונדז, אַרום זיי דער המון מיט ווײַבער און יונגען יומטובדיק, אין די הענט
רויבקויבערס, דערמוטיקן זיי און שטאַרקן דאָס הייל־באַפאַלער מיט זייער העציק געשרײַ.
און ווען זיי האָבן געשלאָגענע געזומען אַנטלויפן, האָבן זיי זיך געקלאַמערט דערבײַ
קאָנסוווּלסיוו אין זייערע אַרבל־שלעפּעס, אין זייערע ריסן, שלעפּנדיק זייערע העלדן
טויט־געשלאָגענע אין צענדליקער. בהלהדיק זענען זיי זיך צעלאָפן איבער די שטייניקע פעלדער

ווי דערשראָקענע שעפּסן צעטריבענע פון נאַכטיקן ווינט.



גלייבן, מיר וואָגן נישט, אַז צו ענדע,
איז אונדז געלונגען צו זיגן. זיי וועלן אָנזאַמלען כּוח, אַ צווייט מאָל אָנגורטן די לענדן
און ווידער באַפאַלן, און נאָך שטאַרקער. און ביַי אונדז דאַ לאָזט זיך שוין אויס דאָס געוועך,
און וויַיל ס'האָבן רפואות פאַרפעלט, קאָן מען די יסורים פון די פאַרוווּנדעטע נישט לינדערן מער.
האָבן מיר באַפוילן, ס'איז געגנוג די רייד וועגן גבורה, לויבן אונדז ביזן הימל, עלעהיַי
מיר האָבן אַ נצחון; מיר ווילן נישט קיין לויברייד, מיר וועלן נישט אָננעמען זיי,
בעת די פאַרוווּנדעטע גייען־אויס אין יסורים, בעת דער ביטערער פאַרגעזעענער בראָך וואַרט
אונדז אָפּ ביַי דער שוועל. איז די שווערד צוריק אין דער שייד, זיבן־מאָל מער זיך געשאַרפט.
האָט דער ראַדיאָ אָנגעזאָגט אונדז די בשורה: מ'שיקט אַ פאַרשטאַרקונג, אַט איַילט זי שוין גיך,
דורך וועגן אין בערג פאַרהוילענע גייט זי; רפואות פאַר די פאַרוווּנדעטע מיט זיך
וועלן זיי ברענגען, און אויך אַמוניציע; פינף און דרייסיק אויסגעווילטע בחורים גייען
צו דער פעסטונג, און אָנקומען וועלן זיי מיט ערשטן שפּראָץ אויף טאָג, פאַרשטאַרקן די רייען*.

ציטערט־אויף יעדעס האַרץ פון פרייד: זיי קומען! מ'פאַרלאָזט אונדז נישט ביַי קיין פאַל.
זיי קומען! דורך פינצטערע וועגן־נישט־וועגן, זיי קומען! מען לאָזט אונדז נישט פאַלן.

אָבער פאַרטאָגס האָט מען אַ צווייט מאָל געמאָלדן: אַ שטערונג פאַראַן. מ'עט פּרוּוון ווידער.
נישט פאַרצוויַיפלען! מ'עט ווידער אַרויס ביַי דער נאַכט, האַלט זיך פעסט דאָרט ברידער!
לאָזט נישט פאַלן איַיער מוט!

## די ל"ה בחורים

און איצט וואַרטן מיר. יעדער רויש שטרענגט־אָן דעם בליק;
יעדעס אויסדוכטעניש פון טריט אַ זאָרג און אַ ציטערניש אין האַרצן פון גליק.
און אונדזערע אויגן, מעסער־קלינגען, די פינצטערניש שניַידן זיי דורך, טוען זי פאַרצערן,
אָבי פון איר געדיכטעניש זייער שאָטן אויסשיילן, אָבי אַ ווידערקול זייערס דערהערן.

און ווידער דערמאָן איך זיך, וואָס דערציילט האָסט אויפן שטעג צווישן צרעה און אשתאול,
ווען איר זיַיט אַראָפּ אויפרייסן די באַנלינינע; אויף דעם שטעג גייען זיי, קיין קול,
און דערמאָנען זיך אָוודאי, ווי איר, אין דעם אַלעם, וואָס שמשון האָט דאָ־אָ אָפּגעטאָן,
און זען די מפּלה פון די פּלשתּים.
זיי פעדערן זיך לוסטיק און עלאַסטיש, גייען שעהען,
שטיַיגן אויף די אַרויפגענג, און נידערן מיט די אָפּהענג אַראָפּ, ווי די פינצטערניש דערליידיקט
עס זאָל קיין שלעכטס נישט געשען; שליחים פון אַ מצווה, ווערן דאָך נישט געשעדיקט.

## זאָרג פון דערוואַרטונג

פאַרוואָס, פאַרוואָס, פאַרזאַמען זיך זייערע טריט? ס'האָט שוין צעשיַינט זיך דער מאָרגן.
דאָס זשאַריען אויף טאָג האָט אָוודאי געבראַכט זיי טיף אין אַ הייל זיך פאַרבאָרגן,
ווו איבערוואַרטן זיי וועלן די שעהען פון טאָג, ביז ס'וועט זון אין ים־תּהום זענקען איר ליכט;

וועלן זיי דאַן אַרויס געזיכערט, היפּען ווי די הירשן, און קומען צו אונדז מיט אַ פריילעך געזיכט.
זיי וועלן קומען, אַוודאי, גד, וועלן זיי קומען; ס׳איז דאָס פאַרהאַלטן זיך איצט אַ טריק בלויז,
נאָך בייַנאַכט וועלן זיי אַרויס פונעם פעלדזן־פּאַרהיל, פון די געדיכט־געטונקלטע קשאַקעס אַרויס.

צאַפּלט דאָס האַרץ, דאָס נאַרישע האַרץ, זיי זענען פאַרזיכטיק, זייער פאַרזיכטיק, די הענט טוען
זיי זאָלן נישט ציטערן, עס זענען די אויגן אין ליידיקן חלל פאַרקוקט אַזוי שעהען,
סכנות דערדריקן אויף זייער וועג, אויסראַטן דאָס פּחדים געשטאַלט, ווי כּלל נישט געווען.

ווי וועלן קומען, ווען פינצטערניש וועט צופאַלן, שאַלנדיק גאַנצע מיר וועלן זיי דערזען.



## דער צענטער בריוו צו גדן
## נישט געקומען

עס האָבן נישט געהאָלפן קיין תּפילות, אַלע האָפענונגען, וואָס האָבן אין די הערצער געשאַלט,
זענען צונישט געוואָרן, ביזן לעצטן זענען זיי געפאַלן. טויזנטער אַנפאַלער האָבן באַלד
אַרומגערינגלט זיי, און זיי ווידער געקעמפט האָבן ביז דער לעצטער קויל, אויפגעריסן
האָבן זיי דאָס געווער אויף זיך קנאַיִק, נישט אונטערגעבן זיך, דער לעצטער פאַרביסן,
נישט האָבנדיק קיין גראַנאַט, געפּלעט דעם שונא דעם קאָפּ.

## אַ נאַכט מיט די ל״ה

די ל״ה האָט מען נאָך שעהען
צעריסענע אויף אַ לאַסט־מאַשין געבראַכט. אַ ליבלעכע האַנט האָט זיי דאָ דעם חסד געטאָן,
זייער שאַנד מיט אַ בלוטיקער שמאַטע פאַרדעקט.
געוואַשן זייער אַפּפאַל און באַערט געוואָרן,
אויך באַצייכנט און געלייגט געוואָרן צווישן די שורות; גליוועדיק האָט עס געוואָרפן
אַ שרעק צווישן די ווענט פונעם טריבן היכל, וואָס האָט אין זיך אַרייַנגענומען זיי.
דעם חלל זייַנעם האָבן זיי אויסגעפּילט, און די שטומקייט האָט זיך געהערט, ווי אַ שטראָף געשריי.

יענע נאַכט געווען איז די לענגסטע נאַכט מייַנע, צוגעשמידט צו מייַן אָרט אַן איינאַליינע
אין אַ טונקעלן ווינקל, וואָס באַלויכט געווען בלויז מיט ווייַסקייט פון תּכריכים־אימה.
אַזויפיל קערפּערס אייַנגעוויקלט אין זיי, יעדער איינער אַ חבר מיר; אָט ווי כ׳וואָלט
זען זיי אָפּרייַסן זיך פונעם ווייַס פאַר מייַנע אויגן, איך ציטער־אויף אין רעוואָלט:
איך בין נישט גרייט, איך בין נישט גרייט זיי צו געבן, כ׳וועל זיך לאָזן דאָ און קריגן,
אַנטקעגנשטעלן זיך דער ערד, וואָס האָט זייער בלוט, זייער יונגס, אייַנגעזאַפּט און פאַרשוויגן.

ווי־אַזוי, מאַמע־ערד, טוסטו נישט פאַרטונקלען דייַן פּראַכט, און אַ וואָלקן רוקסט נישט
אַן אויף זיך, טראַגסט די שטערן פון אויבן? ווי ביסטו פאַריתומט געוואָרן און קלאָגסט נישט?

אָבער פּלוצים ווער איך אין רעוואָלט מייַנעם קליין, ווייַל כ׳האָב פון מסדה דערזען די מוטערס
אויסהרגענען זייערע קינדער, און קלאָגן נישט. האָב איך פאַרשוויגן, אינגאַנצן פאַרציטערט.
אין ליכט פון פרימאָרגן, טונקלט זייער ווייַס, און ס׳איז דאָס האַרץ מייַנס געוואָרן שטומפּ.

האָב איך געוווּסט: ס׳האָט מײַן יוגנט פֿאַרצאַנקט מיר.
אַן אויסגעלאָשענע בין איך פֿאַרדומפּט
געגאַנגען מיט די באַגלייטער. שווער האָבן די פֿיס וואַקלענדיק געפֿירט מיך; דוכט, נישט פֿאַראַנען
קיין סוף צום יסורים־וועג; ווער ס׳גייט ווערט פֿאַרלענדט, יעדע פֿרייד פֿון לעבן פֿון דאַן אַן
פֿאַרלירט ער, אויף אײביק שוין וועט דאָס בילד אין האַרץ זיך פֿאַרקריצן: ס׳קומען־אָן מער
און מער טראָגבלעטלעך בלוט באַפֿלעקטע, אין אַ לאַנגער ריי געטראָגענע, פֿאַרשטיקט בלײַבט
ס׳געיאָמער
אין דער ברוסט פֿון די טרעגער. נאָך זיי פֿאַרשוויגענע פֿאַרשטיינערטע עלטערן ציִען;
עס שטײַגט אַריבער די גרעסטע געשרייען זייער שטומער געשווײַג אויפֿן טויט פֿון די זין.



## דער עלפֿטער בריוו צו גדן
## כאַטש נעמען נקמה

זענען מיר טריב און פֿאַרהאַרטעוועטע געבליבן; אינעם פֿעסטונג־לעבן צוריק זיך אײַנגעשפּאַנט.
די הימלען זענען נידעריקער געוואָרן, אויף די אַקסלען אונדז געלעגן, זייער האָריזאָנט
איז קורצער געוואָרן און געשטיקט. ווי פֿריִער, טאָג און נאַכט אויף שמירה, נישט צעשיידט זיך
מיטן גראָבן שוצגריבער, קאָמפּראָוועס. און צום אַרײַנדרינג זייערן גוט געגרייט זיך,
אויף צום דורכברוך פֿון שונא, אָפּגעוואָרט זייער קומען, מיט צאָרן, מיט ציין־קריץ זענען
געבײַלט די פֿויסטן, מיט גאָרן נאָך נקמה, הרגענען, קעמפֿן, פֿאַרוויסטן, אונטערצינדן, פֿאַרברענען.
ס׳האָט דאָס רחמנות אָפּגעטאָן זיך בײַ אונדז אויף די באַרויבער פֿון גאָטס צלם, און שענדער
פֿון קערפּערס, וואָס זענען אין זייערע טריפֿהנע הענט אַרײַנגעפֿאַלן. אָ, דאָס אויסזען פֿון יענע
קערפּערס, ווי האָבן מיר זיי רו־צעשעדיקט געזען! ווי אַ ים אַ צעברויזטער, אַ פֿאַרצערנדיקער,
שטורעמט צעווילדעוועט — אַזוי אויך די שׂנאה: האָט זי זיך שוין צעפֿלאַקערט, הערט מער
נישט אויף זי, ביז געפֿינען וועט זי אַ מעגלעכקייט און וועט קאָנען אויסלאָדן דעם צאָרן.
אָבער ס׳ווײַזט־אויס, אַז מיר זענען פֿון דעם אָרעאַל פֿון די ל״ה, ווי פֿון אַ וואַנט געשיצט געוואָרן
ווי געשטאַנען צווישן אונדז און דעם פֿײַנט; ס׳איז צעגאַנגען, צערונען געוואָרן זײַן מוט:
ער ט׳נישט וואָגן צו קומען אין אונדזער גבול. ציטערט, טאָמער דער נצחון, ער איז להוט
נאָך אים, זאָל אים אַ ביטערע מפּלה ווערן. לעגענדעס וועגן וווּנדערלעכע ריזן, וואָס באַווײַזן
אויסטערלישע גבורה, האָבן געטראָגן זיך ביז ווײַטע מקומות, אַז אָרעמס פֿאַרמאָגן זיי — אײַזן,
גיהנום־פֿײַער זייער קויל, פּאַנצערס צעשמעטערט עס; אַז ס׳האָט אַ קליין הייפֿל געשניטן
טויזנטער טויזנטער טויטע, און רייען אויף רייען צעשמעטערט, און אַ וויסטע מפּלה געליטן.



## די פֿיר קופּאָלן־פֿעסטונג — מסדה

די לוויה־־פֿאַרביטערונג פֿון די פֿינף און דרייסיק געפֿאַלענע, האָט דעם גײַסט דאָ דערבראַכט
צו האַרטקייט, געדיכט איז געוואָרן די לופֿט אויף צו אָטעמען, דער שאָטן פֿון טויט געמאַכט
האָט זי וויסט. די אײַנוווינער פֿון דער פֿעסטונג, אַלע אָן אויסנאָם, געגרייט האָבן זיך ווערן
די נקמה־נעמער פֿונעם פֿײַנט, אויפֿמאָנען דאָס בלוט, די קאָמוניקאַציע דורכאויס זיי צו שטערן,
שעדיקן די וועגן זייערע, וואָס שלענגלען זיך צופֿוסנס די ווײַנבערג, אויף נישט צו פֿאַרריכטן.
ממיתן פֿאַסטעכער, וואָס דערנענטערן זיך צום באַרג־ריף צו, די פֿאַשע־פֿעלדער פֿאַרניכטן.

איז יעדעס שטיקל ערד אין דינאַמיט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן, — זאָל דער צורר נאָר קומען
און וואַגן אָוועקשטעלן זײַן פֿוס אין זייער רשות — וועט ער שוין אויסהויכן דאָ די נשמה.

האָט עפּעס קאַלטס און שרעקלעכס אַרויסגעקוקט זיי פֿון די אויגן, ענלעך אַזוי צום וויסט
קנאותדיקן צאָרן פֿון די מסדה־קעמפֿער: נישט געבן וועלן זיי דאָס לעבן אַ מתּנה אומזיסט.



## שטומפּקייט

ס'איז פֿאַרשוווּנדן דער צורר. מ'האָט מער נישט געגרייט זיך אַזוי צו זײַן קומען, אויך דער גײַסט
פֿון די מענטשן אין דער פֿעסטונג, איז ווי גרוי געוואָרן, אָן דער האָפֿענונג אויף טאַט, אָן לײַסטן.
ס'האָט די נשמה זשאַווערן געגומען פֿון פּוסטקייט און שטומפּקייט, די רו האָט זיי ווי פֿאַרשעמט;
דאָס פֿייגל־געזאַנג האָט זיי נישט פֿריילעך געמאַכט אין פֿרימאָרגן, דער נאַכטיקער שאָטן פֿרעמד,
נישט באַרויִקט מיט אַ געוויין פֿון בענקשאַפֿטן זיסע.

כאַטש דעם פֿאַרשפּאַרער נישט געזען,
פֿילט מען ווי פֿאַרשפּאַרטע. די צעטלעך פֿון אויבן געוואָרפֿן, זענען ווי אַ ווידערקול געווען
פֿונעם פֿײַער אין אַלע עקן לאַנד אַרום: אין צפֿון־זײַט צעווילדעוועט גליט דער קאַמף,
אויך אין מערב, אין מזרח און אין דרום; די הויפּטשטאָט שיצט זיך אין בלוטיקן קראַמף
פֿון די זין אירע; און דאָ, אין דער פֿעסטונג —אָן טאַט, אָן עפּעס צו טאָן, פֿאַרלאַנגט מען
אויפֿהאַלטן זיך; איז פֿאַראומריינט זייער שטאָלץ, טרויעריק האָבן געבלאַנקעט זייערע געדאַנקען.
איז מען אַפֿילו אַרויס אויף שמירה בײַנאַכט — איז בלויז צו פֿאַרטרײַבן די צײַט די פּוסטע.

אויב די דאַרטיקע האָבן געזאָרגט פֿאַר זיך, זענען עס דאָ דאָך זייערע היימען, האָט מען געגלוסט
אויך צו ליבע, אויך געזאָרגט אָנגענעם צו מאַכן אין די וווינונגען, מיט שיינע בלומען
באַפּוצן זיי. — אָבער די זין געשיקט אַהער־צו צו שיצן זיי (און מיט זיי איז געקומען
אויך רחל), זענען אויפֿגעפּרעסן געוואָרן פֿון גאַרונג צו געפֿינען זיך צווישן די קעמפֿער,
פֿון וועלכע זיי זענען אָפּגעריסן געוואָרן. אָן חשק, באַקלאַגנדיק זיך, אין קלעם פֿון
אומווילן, זייער אַרבעט געמאַכט.

די דערוואַרטונג אויפֿן קומען פֿון פֿליִער, וואָס פֿאַרבינדט
זייער אָפּגעריסנקייט פֿון אַ וועלט, וואָס בלויז טאַט איז, האָט אויסגעפֿילט זיי; ס'האָט זיך
געשפּינט.
ווי אַ צערעמאָניע פֿון פֿאַרטועז זיך אין די הייכן, דערווישן דעם בלײַענעם פֿויגל, אין באַהאַלט,
אין אַ פֿינטעלע נאָך, אין אַ שאַרשן־געקלאַנג, זייערע אויגן און אויערן כאַפּן עס אויף באַלד
און הענגען אין אים אָן שפּינוועבס פֿון גאָרן.



## די באַלאַגערטע הויפּטשטאָט

די הויפּטשטאָט אין יענע טעג געווען גראָד
אַרומגערינגלט פֿון אַלע זײַטן, און אין איר דערינען, צעריסן און גייט־אָפּ אין איר בלוט.
אַלע גאַסן־אויסגענג אירע פֿאַרהאַקט זענען מיט שטאַנגען, די זעקלעך זאַמד בײַ די שוצווענט

דערשטיקן יעדעס שטיקל פרייפּלאַץ ; דאָרט בײַם אַרײַנגיין הייבט יעדער אויף די הענט
צו קאָנטראָל. ס׳האָט געטראָפן און אַ שונא, אויסניצנדיק זײַן מונדיר, און מיט אַן אויפרייס־מיטל*
אין האַנט, איז ער אַריין אין מיט פון דער שטאָט אויף אָנצומאַכן אַ חורבן — אַ פרײַז־מיטל
פאַרן נאַיוון גלויבן פון די זיכערהייט־היטער.

יעדער איינער אויף זײַן פּאָסטן בײַם שיצן:
ווער ס׳גיט־אַכט צו וואַרענען, צו אַלאַמירן פון אַ פעלדזן־שפּיץ, וואָס איז ענלעך צו אַ שיף־שפּיץ
אין שויס פון אַ צעברויזטן ים, — ווער בײַם צעקלאַפּן האַרטן אויפרײַס־שטאָף, מאַכן
פון אים אַ שטוב־באָמבע, אַ נאַמענלאָזן האַנטגראַנאַט, און ווער ס׳איז געשטעלט ביי דער וואַך
פון פירן אַ צעטומלטן דורכגייער צווישן אַ האַגל רוצחישע קוילן און פלוצימדיקע שראַפּנעלן
אויסגעשאָסענע, צו הייסן אים קריכן אויף אַלע פיר, דעם קאָפּ נישט אויפהייבן צו ווילן,
ביז ס׳הערט־אויף דער פײַער־פאַל. ווער ס׳איז ממונה צו היטן, דערזען, און צו לעשן
יעדעס אָנפאַנג־פײַער, עס זאָל זיך נישט צעפלאַקערן, לעשן עס איידער ס׳וועלן זיך צעהעשען
די פלאַמען. איין פראָנט איז די שטאָט די גאַנצע, באַמבאַרדירט, אירע גרענעצן אויפגעפּראַלט,
דאָס היטער־אויג איז מיד פון צו היטן, פאַרזיכערן זי פון אונטערצינדער, וואָס קאַלט
פאַרטראַכטן זיי רויב־און מאָרד־אַקטן.

## אַ פּאַטערלאַנד האָט די מוטער געפונען

די אײַנוווינער אַלע געשטאַנען זענען מיט דער שטאָט
אין בלוט, מיטן גאַנצן כּוח, אויך עדה איז מיט איר ברען מיטגעריסן געוואָרן און האָט
געמאָלדן זיך צו די ערשטע ליניעס, געקאָכט פאַר די קעמפער, דערלאַנגט הילף, ווען געפאַלן
פאַרוווּנדעט עמעץ, אין די פויזעס פון קאַמף, אָן פּחד ; דערמוטיקט זייער גײַסט, וואָס אָפּגעפאַלן
און מיד געוואָרן אַ מאָל פון שווערער לאַסט, פון אַזויפיל בלוט, פון שטיין און זיך ווערן.
זיי — טרעפט — ווערן מיד, אָבער זי ווערט נישט מיד פון צו וואַרעמען זיי, פון דערקלערן
ווי גרויס איז די זכיה, וואָס זיי האָבן זוכה געווען, מיטן באַשיצן אַלץ וואָס איז טײַער.
געזען האָט זי דאָך מיט אייגענע אויגן געפירטע צו שחיטה, צום פאַרגאַזן, צום פײַער
פאַר גאַרנישט. יונג זענען אירע אויגן געוואָרן, ברענענדיק, קאַרשן צוויי די אויגן.
ליב האָבן זי די בחורים געהאַט, מדריך געווען זי, ווי אייגענע זין צו איר זיך געצויגן.

זי, וואָס האָט געשווירן: נישט מוחל צו זײַן איר טאָכטער פאַרן פאַרלאָזן זי, האָט געקענט
רחלס גײַסט דערהייבן ; אירע בריוו צו איר געווען זענען פול דעהייבונג, אין די ווענט
פון דער פעסטונג, ווו דער גײַסט איז געפאַלן פון אָפּהענטיקייט, איז זי עס געווען די, וואָס
האָט אויפגעלויכטן פון צווישן די שורות, און צעשײַנט זיך פאַר רחלען מיט מוטערלעך גוטס.



## דורכגעריסענע באַלאַגערונג

אין איינעם אַ טאָג איז דער צייכן געקומען: די בחורים זאָלן זיך גרייטן צום אַרויספאָר ;
אַ קאָנוואָי. וואָס וועט קומען, וועט זיי נעמען. די בשורה האָט אויסגעזען, ווי אַ מין וואָר,
וואָס וועט נישט מקויים ווערן.
און אָט ! פון דער באַלאַגערונג האָבן זיך דורכגעריסן מאַשינען*
און אַדורך אַ ים פון שונאים, דורך שטאָט און דאָרף, מיט פּאַנצערס, וואָס האָבן זיך געפונען

אויפן וועג צו דער פעסטונג. ברענגען פּראָוויאַנט און געווער, און אויך באַוואָפנטע מענטשן מיט גלאַנציקע פאַרניכטונג־כּלים, אַזעלכע פּערפּעקטע האָט מען מיט חידוש דערזען שוין ערשט איצט.

מיט פרייד־אויסגעשריי האָבן זיי די באַלאַגערטע מקבל־פּנים געווען, שנעל גענומען אַפּלאָדן און אויפלאָדן, וואָס אַפּשיקן איז נייטיק. שטייַגן די בחורים אויף אין שטומען, זייער בליק האָט נאָך אַ געזעגנונג־גלעט די בערג פון דער פעסטונג געשענקט, דאָרט פאַרהאַלטן זיך לאַנגע טעג און נעכט פון חדשים. נישט איין טרער האָט אויפגעגלאַנצט, אַן אַ וואָרט

איז זי שנעל אַפּגעווישט געוואָרן. פריידיק, ווי אַרויס פון תּפיסה, — ווען אַ תּפיסה אפילו אַ ליבע, אָבער אַ וויסטע, — גיבן זיי זיך אַ ריס אַנטקעגן געשעענישן מיט דערהויבן געפיל. ס'האָט זייער האַרץ נישט געזאָגט זיי: אַז דער טאָג פון קאַמף גענענט צו דער פעסטונג, אַלע ווי איינער האָבן נישט געוווּסט, נישט געאָנט, אַז אין בלוט וועט זי פאַלן, ווי מסדה איז געפאַלן.



## דער צוועלפטער בריוו צו גדן
## ווי זענען דאָס שטאָלצע דערנידעריקט געוואָרן

אַ, גד, גד, ווען דו וואָלסט געוווּסט, ווי מיר זענען יענע נאַכט אַזוי נידעריק געפאַלן, ווען מיט גנאָד מיר האָבן דאָס נאַקעטע לעבן געטראָגן; מיר האָבן ליבער באַשטאַנען אַלע צו פאַלן אין יענער רגע, ווען מען האָט אונדז אַנטוואָפנט פון טייַער געווער, נאָך וואָרעם פון קאַמף דעם צווייטאָגיקן אומאונטערבראָכענעם, זינט מיר האָבן זיך אין דער פעסטונג פאַרשפּאַרט

אונטער פאַרמאַכטע טויערן. צעיובלטע, אָבער זיך דערוויַיטערנדיק אַ ביסל פונעם טויער — און אונדזערע פאַנצערס האָבן אַ קלונג־אויף געטאָן צום קול פון אויפריס און מהומה אומגעהייער. ביז ס'האָט געדוכט זיך, די ערד ציטערט־אויף. מיר האָבן פונאַנדערגעשיט שנעל, נישט פאַרזאַמען, די שטיינער־באַריקאַדן אַנגעהויפטע, פון ווו מ'אַטאַקירט אונדז, פונאַנדערוואָרפן צעגעמען. הויפן נאָך הויפן פעלד־שטיינער האָבן מיר דעאָבערט, מיט רשעות האָבן זיי אויפגעשיט דאָ, מיר האָבן זיי דורכגעבראָכן מיט שטאָליקן שפּאַלטער ביז ער האָט אַפּהענטיק אַ קריץ געטאָן: וויַיטער גייט עס נישט.

האָבן מיר אַ פייַער געעפנט אויף די אַטאַקירער, וואָס האָבן זיך געפעדערט זיכער ביז איצט, אָבער פּלוצים אַ גיהנום־פייַער די רעדער פון לויף אַפּגעהאַלטן, געערדערט נישט מער. צוערשט האָבן די מאַשינען זיך איבערגעדרייט, מיט זיך דעם דורכפאַר פאַרהאַקט פאַר די, וואָס באַוועגן זיך נאָך זיי. אַן ענג־געדיכט געווירבל האָט אייַנגעשטעלט זיך, וואָגט דאָס ביסל בלויז לעצטע מאַשינען אַ דריי טאָן אויפן אָרט זיך, צו דער פעסטונג. דאָס רוב האָט פאַרהאַקט זיך נישט צום רירן פונעם שמאָלן אָרט דעם באַגרענצטן אונטער קוילן געשאָט, נישט צו קענען הילף זיי דערלאַנגען, נישט קיין עצה צו געבן זיך, נישט קיין באַפעל, אָן אַן אָנלען;

איז יעדע מאַנשאַפט אין די פאַנצערס — פאַרזיך אַ קאָמאַנדע געוואָרן, באַזונדער און אַליין. דאָס אָרט, ווי אַ בעקן פון אַ טייַך, פון אַלע זייַטן געשיצט, אַרומגענומען, אייַנגעשלאָסן* אין אַ באַרג, פון זייַן אַפּהאַנג האָט מען אונדז פון פאָרנט, פון הינטן, פון אַלע זייַטן באַשאָסן.

פלוצים האָט אַ שטאַרקער אויפריס צעציטערט אונדזער באַזע, דערשיטערט אינגאַנצן און פאַרווירט
זענען מיר פאַרטויבט געוואָרן; מיר האָבן געשראָקן זיך: אַן אומגליק האָט אונדז פּאַסירט.
אָבער באַלד אָנגעזאָגט געוואָרן דורך איינעם, וואָס דערקראָכן איז צו די מאַשינען ווו מיר זיצן,
אַז אַ שטיינערנע הייזקע איז אויפגעריסן געוואָרן, פון דאָרט וועלן מיר זיך בעסער שיצן.
האָבן מיר די מאַשינען פאַרלאָזט, זייער קאָמפּאַקטקייט די פאַרשאָלטענע איז געוואָרן אַ ברכה:
פאַר דער באַהאַלט־הייזקע געדינט, ווי אַ שוצוואַנט.

שנעל גענומען די הייזקע אויפזוכן.

געזאַמלט זיך — ווער ס'איז לעבן געבליבן — אין דער קליינער פעסטונג. איבערגעציילט
זיך. יעדער איינער אויף זײַן פּאָסטן, ווער די פלויטן פאַרשטאַרקן, ווער צום שיסן צוגעטיילט.

זרובבל*, דער קאָמאַנדיר פון דער פּאַנצער־מאַשין די איבערגעקערטע, האָט ווײַטער די באַפעלן
געגעבן, — נישט פאַרלאָזט די טויטע און פאַרוווּנדעטע, — געשטאַנען אין קאַמף ביז ס'פאַרפעלן
אים קוילן. איין האַנט־גראַנאַט האָט ער זיך איבערגעלאָזט, טאָמער דערנענטערן זיך זיי וועלן
ממש צום פּאַנצער, בלוט־דורשטיק האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן, אַרומרינגלען אים וואָס שנעלער.
האָט ער צוזאַמען מיט זיי אויסגעהויכט די נשמה.

אין יענעם טאָג איז נישט פינצטער געוואָרן, ס'פײַער
פון די ברענענדיקע מאַשינען האָט באַלויכטן ביז שפּעט, ווי עס באַלייכט אַ ברענענדיקער שײַער.
אָבער דאָס האַרץ האָט נישט פאַרצווייפלט, עקשנותדיק, פאַרהאַרטעוועט, מיט באַשלוס צו גיין
ביזן סוף. די לעצטע קוילן שוין זענען צעטיילט יעדן איינעם, צו נוצן אויף זיך אַליין.
און נאָך אַ טאָג מיט זײַן קאַמף, מיט זײַן טומל, מיט זײַן מי, — אָבער דער גײַסט איז נאָך וואַך,
ווען אפילו ס'מערן זיך די פאַרוווּנדעטע, און דער קעמפער פון הונגער שטייט־אָפּ, ווערט שוואַך,
און די אַמוניציע גייט־אויס.

פרײַוויליק איז איין בחור געקראָכן אַלץ גיכער און גיכער
אויפצוקלײַבן בײַ די מאַשינען ס'פאַרלאָזטע געווער; די באַלאַגערער צילן מיט צאָרן אויפן
קריכער,
אָבער אומגעקערט זיך האָט ער מיט געבראַכט אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקענט נאָך אויפקלײַבן,
אַ שטיקל פאַרלענגערונג דעם לעבן דעם שטאָלצן.

דער צווייטער טאָג איז פאַרבײַ, און
פאַרנאַכטיקע נעפּל־פלעקן, שווייסיקער שטויב און רויך האָט פאַרדעקט אים, פאַרשלאָסן.
די מידקייט האָט די מוסקולן אונדז פאַרקראַמפּט, דעם כּוח פון חיות אונדז אויסגעשלאָסן,
האָבן מיר געוווּסט: נאָך אַ ביסל — אָבער אָן שרעק — וועלן מיר אַריבער אויף יענער־זײַט לעבן.

און נישט אונדז דערלאָזט; באַפוילן אָפּגעבן ס'געווער. מיט די אויגן געזען דאָס אָפּגעבן
און ווי זיי האָבן עס גענומען.

דעם שטאָלץ דערנידעריקט.

אונטערגעגעבן זיך.

געפאָלגט געוויס

דעם באַפעל, וואָס געגעבן איז געוואָרן מיט פאַראַכט, ווי אַ רוף פון יאוש, אָבער מירן געוווּסט
צו ערן אים מיט גוטער דיסציפּלין פון סאָלדאַטן.

און מיר זענען אַרויס.

אוי דער בליק

פון פרייד וואָס באַגלייט אונדזער בראָך. איך פיל נאָך דעם גראָבן האַנט-באַריר, וואָס צעפּליקט
האָט מײַן בלוזע אויף מיר, אַרויסצונעמען פון די פאַלדן דעם רעוואָלווער באַהאַלטן.
צי געדענקסטו, גד, ווען פון דיר האָב איך דעם קליינעם רעוואָלווער אַ מתנה דערהאַלטן?

און יעדע כּלי, וואָס מיר האָבן אין צײַט נישט באַוויזן צו פאַרניכטן, האָט מען אונדז באַפוילן
צונויפלייגן אויף אַ שטויס, מיט אַ געקלימפּער, וואָס רײַסט בײַם האַרצן.
האָט מען הוילע
הענט אונדז אויפגעלאָדן אויף אַ לאַסט-מאַשין, געמיינט מען נאַרט אונדז: מען גיט די שעכטער
אונדז איבער, נישט צו קענען זיך ווערן. און מיר זעען מיט אייגענע אויגן, ווי ערשט נעכטן
פרי האָבן מיר מיט זיי, די וואָס דערווײַטערן זיך איצט, אַזוי פריילעך פון די שטעלן
די פעסטונג פאַרלאָזט.
מיר ווייסן שוין איצט נישט, צי וועגס נאָך זוכה זײַן מיר וועלן
באַצאָלן פאַר אָט דער ביטערער באַליידיקונג, ווײַל ס'ווילדעוועט אַרום דער שונא, באַלעוועט
מיט די גלאָצערס און באַניוכעט תּאוותדיק אונדזערע אברים, און מיט אַ בריל-געשאַל ער וועט
באַלד אַ ריס טאָן צו די מאַשינען.
די בערג האָט באַדעקט אַ מענטשן-טשערעדע, וואָס שטראָמט
ווי שוואַרצע וואַסער-פאַלן, און אַרומגערינגלט האָט אונדז אַ ריזיקער צאַרנדיקער המון.
דער ,פאַרמיטלער׳, דעם אײַנדרוק פון זײַנע גנאָדן פאַרגרעסערן, אײַלט זיך נישט ראַטעווען,*
פאַרשנעלערן דאָס אַוועקשיקן אונדז; ער האָט געזען די לײַדנשאַפטן זיך רײַסן צו קאַטעווען
און פאַרניכטן, פילן-איבער די מאָס, מיט שמייכל און איבערמאַכט און מיט רשעות זיי שטרעבן
ביז אָט און זיי זענען מכשיל זײַן מאַכט, — דאָן האָט ער מיט זײַן האַנט אַ צייכן געגעבן,
און מיר האָבן געריררט פונעם אָרט.



אָ, די דאָזיקע נסיעה, באַגלייט מיט שׂנאה-געשריי און פאַראַכט
מיט שטיינער, מיט באַשפּײַען, — כוואַליעווײַז האָבן זיך אַרונטערגעגליטשט די באַשמוצער,
געבראַכט
מיט זיך אַ המון פון די טאָלן און היגלען, פון די בערג. האָט מען פירן די מאַשינען געקענט זען
צווישן אַזאַ מענטשן-שטראָם פון רשעות. אָבער זיי ציִען באַלד אָפּ צום געפּײַף פון שיסערײַ
געוועגדט
אויף איבערצושרעקן זיי.
מען האָט אונדז אַדורכגעשמוגלט פאַרשעמט.
אָנגעקומען צאָן-פאַרקריצטע
אין דער הויפּטשטאָט אַרײַן. דאָ האָבן מיר פאַרשטאַנען ווי גרויס דער ציטער, אַז ביז איצטער
פאַרזאָמט דער ,פאַרמיטלער׳ לעבעדיק צו ראַטעווען אונדז. ווי האָט מען געהאַלדזט, פאַר פרייד
געקושט אונדז, טרערן האָבן גערונען איבערן פּנים, הונדערטער האָבן באַגעגנט אונדז ברייט-
האַרציק, ידידים און נאָענטע, אויך פרעמדע געווען.
מיט דעם פרייד-געברויז וועט געלינגען
אונדז, ווען ס'האַרץ וועט אָפּזאָגן זיך, נישט פאַרגעבן — די וויסטע חרפּה פאַרשלינגען.

## אין דער היים

אויך שׂרה און די מאַמע צווישן די דערוואַרטער. האָבן זיי מיך דערזען האָט פון מאַמעס קעל
אַ ריס געטאָן זיך אַ געשריי, עס האָט די בלאַסקייט אירע, די קאַלעך־ווײַסע, אַ העלע
רויטקייט פאַרגאָסן, און די רויטקייט ווידער אַ בלאַסקייט פאַרדעקט. זי האָט קוים געהאַלטן זיך,
בלויז
אירע ליפּן האָבן געפּיבערט בײַם קושן מיך. אין דער מינוט, האָט אַ כוואַליע פון חסד אַ גרויסע
אַרומגענומען מיך, געבענטשט מײַן גורל, אַז כ'בין לעבן געבליבן, אפילו פאַרן פּרײַז
פון בזיון־נישט־אָפּצומעקן־אים, פאַר אירעטוועגן. ס'האָט אַ נקמה־געפיל זיך פאַרקריצט אין מײַן
גײַסט

מען האָט אַהיים מיך געפירט. פול ליכט אין אַלע אירע ווינקלען, בריהש ציכטיק אויפגערוימט.
ס'האָט דער שפּיגל מיך דערשראָקן: ווי כ'וואָלט אַלט געוואָרן, פאַרשוואַרצט, אויסגעצוימט
איז מײַן פּנים. האָב איך אַרונטערגעוואָרפן די שמאַטעס פון זיך, געוואַשן זיך, אָפּגעשווענקט
דעם שמוץ פון קאַמף, ווי אָפּגעריבן פון זיך, דאָס וואָס האָט אין דער נשמה טיף אָפּגעזעגקט,
מיט קלאָר וואַסער און געזוך פון זייף, און מיט ריינעם איבערצוג ווײַסן, ווי געוואָרן
מיט ווייכער רו געוויקלט, און געטויכט אין איר. מיר האָט געדוכט, שוין לאַנגע־לאַנגע יאָרן
האָב איך אין אַזאַ גוטס נישט געטובלט זיך, ווי אין יענער נאַכט, אין מײַן מאַמעס צימער.

צוויי טעג בין איך געשלאָפן אָן אויפהער, ביז ס'ועט פאַרגיין דער שאָק, אויסוועפן אין מיר,
און וועל קומען צו זיך.

די מאַמע, ווי ייִנגער געוואָרן, אויך שענער; אַזוי אויפגעוואַכט
און פריש איז זי אַרומגעגאַנגען. ווי אירס אַן עלטערע שוועסטער האָב איך זיך באַטראַכט.

## באַצאַלטס׳,

אויפן דריטן טאָג האָט זי מיר געמאָלדן צעשפּילט: „געקומען די צײַט פון צעשייד, כ'מוז גיין,
„ווײַל, „מיינע זין' וואַרטן אויף מײַן צוריקקער. איך קאָן זיי נישט איבערלאָזן אַליין".
אַ ביסל האָט פאַרדראָסן מיך איר שטעכלען, אָבער באַלד און ביידע האָבן מיר אויסגעפּלאַצט
אַ געלעכטער,
מײַן זינד פון צעשייד, אויפן דריטן טאָג פון איר קומען, דערמאָנען מיר מיט שפּאַס מיט עכטן.
ווי גוט, אַז מיר האָבן זוכה געווען איינע די צווייטע פאַרשטיין, אויך לאַכן.
זי איז אַוועק.
מקויים איז אליהוס ווונטש געוואָרן: די שווערקייט פון לאַנד פאַרביטן זיך איר אַ ברכהקן וועג.



## דאָס גליק

ווי האָבן דאָס געשײַנט די טעג מיטן גרויסן אָבער באַשיידענעם, שטילן גליק פון מוטער
און טאָכטער! אַזוי קלאָר צעשײַנט האָט דאָס האַרץ עס געטראָגן, אַזוי רײַף און גאַנץ, באַרוטע.
יעדע קורצע באַגעגעניש, יעדער באַריר, אויך אַ וואַרעמער בליק, וואָס גלעט, לײַכט אַזוי העל ער,
צי אין גאַס, אײַלנדיק, צי אויף דער שוועל פון זייער היים אָדער בײַם אַראָפּ אין קעלער,

ווען ס׳האָבן די פײַנטלעכע קאַנאָנען באַשאָסן די הײַזער אין דער באַלאַגערטער שטאָט,
ביז ס׳וועט פאַריבער דער צאַרנדיקער דונער פון שראַפּנעלן, וואָס לעכערט־דורך אַלץ, פלעגן
זיי אויפשפּײַנען, פאַרהאַלטן זיך — זאָל זײַן אויף אַ רגע בלויז — שמייכלענדיק זיך אַנטקעגן.
נישט אויף קיין סך שעהען קומען זיך רחל מיט עדהן אין זייער צימער אַ מאָל צוזאַמען:

זיצן זיי דאָן, ווי חברטעס, דערציילן זיך זייערע געשיכטעס, קיין סוד נישט צווישן טאָכטער און
מאַמען.
טעג זענען פאַראַנען און זיי זיצן צוגעשמידט צום אָרט פול דאגות, ווײַל אין דער בלאָקאַדע
זענען אַ סך די סכּנות פאַר זיי. אַ סך ציטערנישן און איבערלעבענישן. דאגהט רחל פאַר עדהן
און עדה פאַר רחלען. אַ סך פאַלן דאָ אין קאַמף, אויף די פּאָזיציעס, צי בײַם דורכגיין
די גאַסן אין שטאָט, צי בעת דעם אויסטיילן דאָס וואַסער צום טרינקען, ווען עס שטייען
געזאַמלט די דורשטיקע, וואַרטן צו באַקומען די צוגעטיילטע מאָס; טוט פּלוצים אַ צעפּאַל אין
צווישן
דער ריי זיך און אַ גוף אַ געבלוטיקטער, — דעמס אָדער יענעמס — ליגט שוין צעריסן.
צעלויפט מען זיך, ווי צעשראָקענע עופות. באַלד און ס׳פאַרגייט נישט קיין שעה קיין איינע,
קערט מען זיך אום ווידער צום וואַרטן אויף וואַסער, צי אויף ברויט.
די מוטער אַ צעשײַנטע
אַ באַרויִקטע, לויפט דער טאָכטער אַנטקעגן דערזעענדיק זי אַ גאַנצע. ווי אַ געשענק נעמען זיי אָן
יעדע שעה, וואָס זיי איז באַשערט צוזאַמען צו זײַן, אַ טאָג אָדער אַ נאַכט אַ גאַנצע פון
דערמונטערן זיך, בלויז דעם קאָפּ אָוועקצולייגן אַפּרוען איינע אין דער צווייטנס שויס,
צונישטמאַכן דעם חשש, וואָס וועקט אַ שווערער פאַל וואָס פּאַסירט האָט, זאָל כאָטש זײַן בלויז
אָפּצולייקענען דעם דערשיטערנדיקן קלאַנג, וואָס דער ווינט האָט צעבלאָזן, אָפט אויך מיט גוזמה;
אײַלן זיי זיך די שרעק צו פאַרטרײַבן, שטעלט־אײַן זיך אַן אַטמאָספער אַ באַרויִקטע אַרום זיי.



אם־ה,בנים׳

זיי האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע באַשעפטיקונגען. גערעקט פון דער נאַכט איז עדה געקראָכן
צו איר פּאָזיציע, אויף דער גרענעץ פון שטאָט, צו די ׳זין׳, זיי האָט זי איר כּוח נאָך און נאָך
געשענקט. פריידיק האָבן זיי זי אויפגענומען, באַקלאָגט זיך אויף זייער לאַגע דער בידנער:
אין איר אָפּוועזן, בעתן קאַמף, האָבן זיי פאַרהונגערט, פאַרדורשט, נישט געוועזן ווער זאָל ווידמען
אַ ביסל זאָרג זיי; ס׳האָבן מאַמע־הענט פאַרפעלט. האָט זי זייער שמוץ געזען און שנעל באַנומען
דאָס דערשלאָגן געמיט, זי האָט געלאַכט, געבייזערט זיך, שנעל פאַרקאַשערט די אַרבל, גענומען
רייביקן, שײַערן, באַנדאַזשירן; די בחורים זענען ווי קלענער אין איר אַנבליק געוואָרן.
יעדע גרופּע האָט זי בײַם ארויסגיין קאָנטראָלירט, אַלץ אין רוקזעקל געלייגט, די זאָרג זיי
פאַרשפּאַרן
מיט געטרײַען בליק זיי באַגלייט, בײַם צוריקקער געפאַרשט יעדן פּרט באַזונדער און צוזאַמען.
יעדן איינעם האָט זי געדענקט, זײַן גורל, געטרויערט אָדער געפרייט זיך, — ווי אַ מאַמע.

## פאַריתומט פון חברים

אויך רחלען האָט מען צוריקגעשטעלט אויף איר אָרט. די חברים נישט געטראָפן מער: ס׳רוב זענען געפאַלן. האָט זי נאָכגעפרעגט זיך, נאָכגעפאָרשט אַ פּאַרקלעמטע אויף נישט אויסצוהאַלטן צו קענען.

ווי אַ יתומה איז זי אַרומגעגאַנגען אין ווימלדיקן לאַגער. איר גײַסטיק גלײַכגעוויכט צו ענד האָט אײַנגעבראָכן זיך; אויך די באַליידיקונג פון יענעם לעצטן קאַמף האָט געברענט ביז פאַרלענד און ווען מען האָט דערווײַטערט די מיידלעך, אין סאַמע קאַמף, עס זאָלן זיי נישט דערגרייכן די שונאים און פּײַניקן, האָט זי בײַ די קאָמענדאַנטן פאַרלאַנגט און געפאָדערט גלײַך זײַן, באַשווירן זיי דערלויבן איר זיך ריינוואַשן פון דער באַליידיקונג ביז טיף אין דער נשמה.

זיי האָבן איר באַוויליקט, און זי משתּף געווען בײַם דורכרײַסן די טויערן פון דער מויער, עס ראַנגלען זיך אַרום איר די באַשיצער, ברעכן זיך אונטערן שווערן דרוק אומגעהויערן פון די אַטאַקירער, זיי רופן נאָך הילף, זיי זאָלן נישט אומקומען און מיט זיי, אַ, וואָלט דאָך אויך די אייביקע שטאָט אומגעקומען.



## מיט די מויער־דורכרײַסער

אויסגעוויילט האָט מען בחורים שטאַנדהאַפטע, די באַקאַנטע מיט זייער פאַרביסענעם רעוואָלט. צווישן זיי אויך רחל, ווען מ׳האָט איר עס געמאָלדן, האָט זי געפילט, ווי חלומען זי וואָלט. יענעם טאָג האָט זי זיך ווי אַ גנבטע אַרויסגעדרייט, באַגעגענען איר מוטער נישט געוואָלט. אָבער אַ קאַרגע ברכה האָט זי איר מיט אַ צעטעלע אַ קליינס שנעל ווי מעגלעך צוגעשיקט ווו זי בעט איר נישט צו זאָרגן וועגן איר, אויב זי וועט אַזוי שנעל נישט קומען צוריק.

זי האָט געקלערט — אויב ס׳וועט געלינגען — וועט זי פאַרבלײַבן אין דער שטאָט, וואָס אַנדערש און ווונדערלעך איז זי פון די שטעט. דעם שפּאַציר מיט שׂרהן, ווען זיי האָבן געוואַנדערט צווישן די מויערן און געסלעך, צום ערשטן מאָל, געדענקט זי. ווי זי וואָלט הערן דאָס געוויין פון די בלינדע, זי זעט זיי וואַלגערן זיך אין שטויב בײַ דער כּותל, פּאַרכטיק אין שטומען געשטיין. דאָרט נאָר, דאָרט, שיצנדיק דעם דאַזיקן טייל, וועט זי זיך באַרויִקן, און אויסלאָדן צו זען איר פולע קראַפט אָן אָפּהאַלט.

ווען זיי זענען באַוואָפנטע אַרויס איז זי גליקלעך פאַרחלומט געווען.

אָן אָפּלענק־שיסערײַ ראַמט־אָפּ פון זייער וועג יעדע איבעריקע וואַכקייט און אויפמערקזאַמקייט* פונעם שונאס אָבסערווירער, וואָס מיט הונדערטער שטורקאַצן און קאַנאָנען־שראַפּנעלן גרייט זענען וואַנזיניק ענטפערן דירעקט אַריבער דער צווייטער זײַט שטאָט און קוואַרטאַלן.

די אײַנוווינער לויפן אײַליק אין קעלערן־שוץ, עס וועקן זיך איבער פון די קנאַלן

די וואָס שלאָפן, ציטערנדיק פרעגן זיי איינער דעם צווייטן באַזאָרגט: וואָס געשען איז אין דער נאַכט מער ווי אין אַלע נעכט?

די בחורים באַוואָפנטע, דורך אַ גאַסן־אָפּהאַנג גייען איצט

אַרונטער; די שאָטנס פון די הײַזער דעקן זיי אײַן ביז צום מסוכּנדיקן שוואַכפּונקט, וואָס ליגט פריי, אויפגעדעקט. עס האָט געגליקט זיי. נישט אַנטפּלעקט.

שווײַגנדיק מיט שוווּנג

פעדערן זיי זיך צום אײַזערנעם טויער, לייגן־אונטער דינאַמיט, זיי רוקן זיך אין די שפּאַלטן
פון די שטיינער אַרײַן.

יעדע מינוט איצט אַ זיך ציִענדיקע אייביקייט, וואָס האַלט־אָן,
ווי טראָפּנס בייזע טראָפּט זי, די אייביקייט, אין אַ מין גענויער ציילונג אַרײַן. אויף ווײַט
דערהערט זיך דורך די ראַדיאָ־וועלן אַן אַנזאָגנדיקע שפּאַנעדיקע ידיעה: „מיר זענען גרייט.
„אונטערגעלייגט דעם דינאַמיט, איצט וואַרטן מיר״. עס שליסט דעם זענדער אַ קען־צייכן געלאָסן,
געשיקט דורך רחלען.

אַ ריזיקער קנאַל.

די אײַזערנע טויערן זענען אַרויס פון די זאַוויאַסן.
צום טויער זיי לויפן. זענען אים דורך. שוין דעראָבערט אַן ערשטן דורכברוך האָבן זיי.

און פון אויבן — אַ ים רוישנדיקע שיסערײַען. די וואָס דעקן אונדז פאַרמערן דאָס שיסערײַ,
ציִען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט, געבן כאָטש אַ ביסל בלויז צײַט זיך אײַנצוגראָבן
אין די געקרומטע געסלעך.

די דעראָבערער פעדערן זיך, לויפן, ווי פון ווינט געטראָגן,
ווער פאַרוווּנדעט, ווער עס שטרויכלט און פאַלט, די חברים, ווען אפילו זיך צו פאַרהאַלטן,
ווען אים נישט לאָזן אַליין — אים די ווונד באַנדאַזשירן, דאָס בלוט אײַנצוהאַלטן.

ווער לויפט עס אַנטקעגן זיי?

און מען קלאַפּט האַנט אין האַנט, די אויגן ווי צעגליט.
מען כאַפּט זיך אַרום. ווידער צוזאַמען!*

און רחל זאָגט־אָן: „זעט, דורכגעבראָכן מיט דינאַמיט
„די טויערן, מיר זענען אין שטאָט...״ — און פאַרשלינגט אין סלינע, נישט פאַרענדיקט, ווערט
געראַפּן פון אַ קויל זי, און פאַלט.

דעם ווײַט־ווײַטן רוף, ווי דאַן נאָך זי הערט:
„האָסט טאַכטער מײַנע אומגעקערט זיך״. „כ׳האָב טאַקע זיך אומגעקערט״ — ענטפערט נאָך איר
קול
גליקלעך צעציטערט — „ס׳האָבן זיך טאַקע אַלע אומגעקערט, אויך גד, אויך דוד דער ציילער פון
אַ מאָל —
„אַ, ווי גוט, אַז איר האָט מיך דאָ געפונען אין תחום פון דער דאָזיקער מויער צעשאָלט;
צווישן די דורכרײַסער האָב אויך איך זיך געפונען. אַ, שטאַרקט מײַנע הענט, האַלט
„דעם־בשורה־אַפּאַראַט; זאָל וויסן די וועלט: מיר זענען דאָ, אין דער שטאָט דאָ צוזאַמען.
„היט־אָפּ די מויער. „ווי גליקלעך איך בין איצט״. „באַוויין מיך נישט, מאַמע...״

## שאָק פון פאַריתומטקייט

זי האָט נישט געוויינט.

פאַרשטיינערט געוואָרן. וויסט פאַרשפאַרט זיך אין איר בראָך מ׳האָט, מער נישט געהערט ווי: מײַן קינד, וואָס האָסטו געטאָן? וואָס האָסטו געטאָן מיר, מײַן טאָכטער?״ און ס׳דוכט אַ מאָל, אַז זי קלאַפּט קאָפּ אין וואַנט זיך.

אויך שׂרה איז איצט נישט אַרויס

און געוואָגט זיך אַרײַנרײַסן אין איר טרויער, צו צעשטערן איר אָפּגעשלאָסנקייט. גרויס איז די יתומקייט, נישט געווען אַזאַ יתומקייט צווישן אַלע יתומקייטן, ווי עדהס געווען איז, צוזאַמען מיט רחלען איז זי פאַרשניטן געוואָרן, אויסגעריסן אירע וואָרצלען, זי אַליין איז מיט איר אומגעקומען. נישט געהערט אירע נאָענטע, די טרייסטער זענען אַוועק ווי זיי זענען געקומען;

קיין רחמנות־בליק איז נישט אַדורך די חלל־מחיצה פון דער שטילעניש פון שטומען.

ביז ס׳זענען די ,זין׳ אירע געקומען, די זעלנער פון דער שטאָט־גרענעץ, ווי צו אַ מאַמען. זיי שטייען ברייט, מיט אויפגעוואַקסענע טשופּרינעס און וואָנסן.

האָט זי זיי איצט צוזאַמען

געזען. אין זייער מענלעכער ברוסט האָט אויפגעציטערט אַ מין כליפּע פאַרדומפּן און שטום, האָט זיך צעשטאַמלט דאָס קאַרגסטע פון ווערטער, אַ געשטאַמל אַזאַ, וואָס לאָזט זיך אויס אין אַ ברום;

וואָלטן זיי נישט געשעמט זיך, וואָלטן זיי איצט אַ פאַל צו די פיס איר געטאָן און געוויינט, ווי יונגעלײַט, וואָס פאַרצוקט זייער וועלט איז; אָבער געשטאַנען זענען זיי, ווי פאַרקליינט און פאַרנידעריקט געוואָרן.

ביז איינער האָט געוואָגט מיט זײַן בערישן קול, צו איר

אַ זאָג געטאָן: „מיר זענען געקומען דיך רופן: קום צוריק. עס וואַרטן אַ סך דאָרט אויף דיר. „די פּאָזיציע אָן דיר איז אַ קאַלטע. צו דײַנע קינדער צוריקקומען, אַ מוטער, איז גלײַכער, „מיר וואָגן נישט טרייסטן דיך, — קיין טרייסט איז נישטאָ. אָבער מיט דיר — איז לײַכטער צו קעמפן פאַר דעם, וואָס רחל געקעמפט האָט״. פון דער לאַנגער רעדע אַליין דערשטויננט זיך וויגן האָט ער גענומען און ס׳האָט פאַרהאַקט זיך זײַן קעל. האָט ער פאַרלייגט געבראָכן די הענט און פאַרשוויגן

דאָן, ערשט דאַן, האָט אויסגעבראָכן פון אירע טיפן אַ פאַרכטיק געוויין, און גענומען פליסן. ס׳האָבן מיטגעוויינט אַלע, זייערע טרערן נישט פאַרהאַלטן; ס׳איז די שטילקייט צעריסן. און לאַנג אַזוי געוויינט. פּאַמעלעך באַרויִקט זיך דאָס כליפּען און ס׳גייט־אויף אַ שטומען אַ שטילס. אויך עדה האָט זיך באַרויִקט און געזאָגט: „אין טעג אַ פּאָר אַרום, וועל איך קומען״.



## מיט דער פּיין פון די ,זין׳

זי איז צו זיי צו דער פּאָזיציע צוריק, ווי פריִער באַגלייט זייער קאַמף, זייער פּײַער, געזאָרגט, געקאָכט און באַנדאַזשירט, און ווידער געוואָרן, ווי אַ מאַמע צו קינדער אַ געטרײַע

און האָבן זיך די פאַרוווּנדעטע געמערט, איז זי מיטגעפאָרן אין שפּיטאָל זיי אונטערצוהאַלטן
און געוואָרן זיי אַ שוועסטער. נישט אָפּגעטראָטן פון זייער בעט, זייער האַנט אין אירער געהאַלטן.
פאַרדריקט אין זיך דעם טרויער, געגעבן זיי די נשמה, טעג און נעכט מיט זיי אין אַלע פאַרמעסטן
די פאַרוווּנדעטע, די קראַנקע, האָבן זי ליב געהאַט, און אַלע האָבן זי גערופן: מאַמע־שוועסטער.

געאַרבעט אָן אָפּרו, פאַרטויבן דאָס באַהאַלטענע, און די שרעק אירע איז פאַר דער איינזאַמקייט
געוועזן.

אין שטול לעבן זיי פלעג זי זיצנדיק אײַנשלאָפן, — אַבי מיט זיך נישט בלײַבן אַליין.

כּל זמן דער שונא באַלאַגערט די שטאָט, שטילט־אײַן זיך איר טרויער, טיף ער פאַררוקט זיך,
ווײַל גרויס די יסורים פון די פאַרוווּנדעטע; זייער פּײַן אַ ים־תּהום, אין אים זי טוקט זיך.

אָבער ביסלעכווײַז זענען די כּוחות פון שונא שוואַכער געוואָרן, שטומפּער זײַן פײַער,
די שיסערײַען זענען קלענער געוואָרן. אויפגעהערט. די וועגן געוואָרן זענען פרײַער.



## אַ רעטונג אין דער יתומקייט

האָבן פרעמדע און פאַרכאַפּער אָפּגעטרעטן; און ס'האָט אויפגעשײַנט פון אַ בלוט־ים צערונען,
ווי אַ זון, אַ יונגע מדינה, מיט אירע איינוווינער, האָבן זיך אַלע ווי אין אַ חלום געפונען.
די זון האָט אַ בלאַסע געהיילט, פאַרוווּנדעטע, קראַנקע, געוואָרן זענען איצט ווידער געזונט,
אָפּגעלייגט דאָס געווער שוין, און צוריק מיט וואַכיקער וועלט געשלאָסן דעם פרײַעריקן בונד.
דאָן איז אין איר יתומקייט עדה געזונקען, בלויז מיט איר, בלויז מיט איר, די נשמה טוט זי שפּײַזן;
פול אויסגענוצט די פאַרלענגערונג האָט זי, פון איר יאוש־איינדזל זי וועט זיך נישט דערלייזן.
לויז זענען די שטריק פון איר לעבן געוואָרן. ראַטעוועןן זיך איז נישט דער ציל, נישט איר ווילן.
רחלס אומקום איז אַ מאַגנעט איר וואָס ציט, זי אַליין וועט צעגיין איצט, וועט פאַרשטילן.
אַזוי פול איז די פאַרביטערניש אירע, ווי קרײַטעכצער ביטערע, זי טרינקט, אָן באַוואָרעניש,
מיט דער ביטערקייט איר בלוט אָן, ביז איבערפול. און וויל
מער גאָרנישט, מער גאָרנישט.



## נישט אומזיסט

ביז איצט האָט עדה זיך נישט געוואָלט אפילו צורירן, אפילו נישט בלעטערן, אַזאַ געפיל,
די שריפטן, די העפטן, די בריוו, וואָס איבערגעלאָזט האָט רחל נאָך זיך אַזוי פיל.
אָבער איצט, פאַרן סוף, וועט זי זיך מתייחד זײַן מיט איר גײַסט.
האָט זי געלייענט און געלייענט,

און דערשטוינט,

דערהויבן געוואָרן,

געשעפּט לעבנס־קראַפט.

און פּלוצים: לייענענדיק, ווי דערשײַנט

האָט רחל פאַר אירע אויגן צווישן די טענצער: „... זי טאַנצט מיט פײַער און ברען איצט
„לוסטיק אַ צעשײַנטע, שפּרינגען און זינגען: נישט אומזיסט, נישט אומזיסט, נישט אומזיסט!"
האָט זי געשלונגען אַלץ און געלערנט יעדעס געשריבענע וואָרט, ווי ס'וואָלט איר אַ צוואה געווען
און געשעמט זיך, ווי באַליידיקן זי טוט מיט איר צעבראָכנקייט רחלס גײַסט, ווי קאָן עס געשען,
ווען זי לייענט: „... פֿאַרגיב, גד, כ'האָב פֿאַרשעמט דיך, מײַן ווייטיק דערהויבן, דעם טראָפּ
„אויף איר בלויז געשטעלט אין דער וועלט, יעדעס פּענצטערל האָב איך הערמעטיש פֿאַרשטאָפּט.
„עס זאָל נישט קיין שמץ ליכט, קיין שמץ קול, אין די דלת אמות מײַנע אַרײַן..."
יעדעס וואָרט

האָט זיך עדה אײַנגעחזרט, זיך געשעפּטשעט, מיט אַן אינערלעכן שרעק־ציטער און פֿאַרכט.

און די טאָכטער, וואָס לעבט נישט, נעמט זיך אַן פֿאַרן לעבן בײַ איר מוטער, וואָס איז נאָך בײַם
לעבן:
„זע, ווי דאָס לעבן, וואָס מיר האָבן ליב געהאַט, נישט פֿאַר אומזיסט האָבן מיר עס אַ מתּנה
געגעבן".

רייפפרוכט

איז טאַקע נישט אומזיסט. אין אַלע עקן לאַנד שפּרודלט, טראָגט זיך די פּרוכט, וואָס טוט געבן
רחלס לעבן, וואָס ווידערשפּראָצט. אויך גד, אויך די אַלע בחורימס און מיידלעכס לעבן;
און די מוטער, אין די פּוסטריט זי גייט, קלײַבט פֿון אַלע שטעגן רחלען צונויף; אַן רייד
באַשײַנט זי איר לעבן, בלויז מיט לעבן באַשטעטיקט זי עס.
און פֿאַרשטייט:
נישט פֿאַרגיין
מער וועט רחל, ווײַל דאָס דאָזיקע לאַנד, און די מאַמע, און די טאָכטער — זענען אײנס.

| זייט | שורה | |
|---|---|---|
| 9 | 1 | — דאָס אָרט פון דער געשעעניש — אַ קרייז־שטאָט אויף דער גרענעץ בעסאַראַביע־רומעניע, דער אָנהייב אין 18טן יאָרהונדערט. |
| 10 | 1 | — דער לעצטער פון די אָרענדאַרן — זײַן לעבנס־תקופה אין 19טן און אין דער ערשטער העלפט פון 20סטן יאָרהונדערט. |
| 11 | 2 | — דער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל. |
| 11 | 12 | — די ערשטע וועלט־מלחמה 1914 — 1919. |
| 13 | 3 | — די רומענישע פאַשיסטישע באַוועגונג, דער „אײַזענער גאַרד" אין דער אָנפירערשאַפט פון קוזאַ האָט זיך פאַמעלעך צעשפּרייט איבער דער מדינה פון זײַט יאָר 1930, געהאַלטן אין איין שטײַגן ביזן אײַנפירן די „נירענבערגער געזעצן" אין 1938 ; זי איז עס געווען די, וואָס האָט פאַרבונדן אַ בריק צו דער ייִדן־אויסראָטונג אין דער צווייטער וועלט־מלחמה אין רומעניע. |
| 13 | 12 | — די לעבנס־באַשרײַבונג פונעם מיידעלע רחל, וואָס איז די עיקר קאַנוווע פון דעם בוך „איינס" (אחת), באַזירט זיך אויף די שורות פון רחל זעלצערס (ז״ל) קורצן טאָגבוך. זי איז געפאַלן בײַם דורכ־רײַסן די מויערן פון דער אַלטשטאָט אין 15.5.1948. און אָט איז די איבערזעצונג דערפון : |

1927 יוני 19 — בין איך געבוירן געוואָרן אין קאַרפּאַטש.

1939 סעפּטעמבער 2־3 — מלחמה־דערקלערונג.

1939 סעפּטעמבער 1 אָקופּירט פּוילן.

1940 יוני 28 — די רוסישע אינוואַזיע.

1941 יוני 22 — דײַטשלאַנד דערקלערט רוסלאַנד מלחמה.

1941 יולי 1 — דער דעראָבערונג־מאַרש פון די רומענער.

1941 אָקטאָבער 11־12 (נאָך אומגעפער צוויי וואָכן) — דער געטאָ.

1942 יוני 6 און נאָך דרײַ מאָל יעדע וואָך, אין די שבתים און אין די זונטיקס : 6, 13, 21) — איבערחזרונגען פון דעפּאָרטאַציעס.

1942 סעפּטעמבער 6־7 (שבת 11 אַ זייגער) — אַרעסט פון מײַן מאַמען.

1942 סעפּטעמבער 8־9 מאַנטיק בײַנאַכט — די מאַמע ווערט דע־פּאָרטירט.

1942 סעפּטעמבער 16, מיטוואָך 7 אין דער פרי — דאָס פאַרלאָזן טשערנאָוויץ.

1942 סעפּטעמבער 28, פאַרגעסן — 7 אין דער פרי — דאָס פאַרלאָזן סאָלינאַ.

1942 סעפּטעמבער 30, מיטוואָך, 3/4. אין אָוונט — אַ פאַנטשער אין מאַטאַר.

1942 אָקטאָבער 1, דאָנערשטיק 4־5 באַכמיטאָג — די שיף גייט־אונטער.

1942 אָקטאָבער 28, ביינאַכט — דאָס פאַרלאָזן קאָטאַלקאַ.

1942 אָקטאָבער 30, זונטיק אָדער מאָנטיק (?) 8.30 אין דער פרי — דאָס פאַרלאָזן היידאַר־פּחה.

1942 נאָוועמבער 2 — חאַלאַפּ

" " 3 — חיפה

" " 5 — ירושלים

| זייט | שורה | |
|---|---|---|
| 14 | 17 | — אָנהייב דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען די רוסן אַרײַן קיין מזרח־רומעניע (1940) און האָבן אײַנגעפירט זייער מאַכט מיט אַ שטאַרקער האַנט. אין לויף פון אַנדערטהאַלבן יאָר פון זייער הער־שאַפט זענען כמעט דערדריקט געוואָרן די אָרטיקע פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, ביז רומעניע איז אײַנגענומען געוואָרן פון די דײַטשן, וואָס האָבן פאַרפלייצט ס׳רוב אייראָפּעיִשע מדינות און האָבן אַרײַנגעדרונגען ביז אין תחום פון גרויס רוסלאַנד. היטלערס חיילות האָבן „באַפרײַט׳ די רומענישע אַרמיי און זי אײַנגעשלאָסן אין די נאַצישע רייען (1942). |
| 34 | 10 | — איינע פון די ערשטע העפּלה־שיפן איז געווען די שיף „ל׳אַספּעראַנס׳ (תקוה), וואָס איז אָפּגעשווומען פון שטעטל סאַלינאַ 28/9/1942 אין שוואַרצן ים אַרײַן און איז נאָך צוויי טעג דערטרונקען געוואָרן לעבן די טערקישע ברעגעס. |
| 34 | 28 | — אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט טערקײַ אָפּגעהיט איר נײַטראַ־ליטעט, כמעט ביזן סוף. |
| 39 | 12 | — דער אומגליק מיט דער פאַרטראַנקענער שיף האָט געפונען אַן אָפּ־קלאַנג אין דער גאַנצער פרײַער וועלט, און אַ סך פערזענלעכקייטן האָבן געפּרוּווט איבערצײַגן ענגלאַנד, אַז זי דאַרף דערלויבן די געראַטעוועטע אַרײַנקומען קיין ארץ־ישראל, וואָס איז אין זייער מאַנדאַטאָרן־מאַכט. |
| 41 | 3 | — אין יענע טעג האָבן אויסגעזען די ידיעות וועגן גאַז־קאַמערן און פאַרניכטונג איבערגעטריבן, אפילו אין די אויגן פון די פּליטים. |
| 47 | 23 | — דער נהריה־ברעג האָט געדינט דער אָפּשטייג־פּונקט פון די מעפּי־לים. |
| 49 | 27 | — די ראשונים פון דער ערשטער עליה (1905), וואָס איז די ערשטע אַרבעטער־עליה, וואָס האָט געשאַפן די אידייע פון גרופּן־שותפות און זעלבסטשוץ אין די ראַמען פונעם „השומר׳, און אפילו עס פאַרווירקלעכט. |
| 56 | 24 | — שער דמשק, וואָס רופט זיך אויך שער שכם. |
| 61 | 15 | — דער יבוסים־פּלויט. |

| זייט | שורה | |
|---|---|---|
| 67 | 2 | — די דריטע עליה איז די ערשטע גרויסע חלוצים־עליה ; איר אָנהייב איז געווען אין סוף ערשטע וועלט־מלחמה 1919. |
| 70 | 20 | — אַ סך יונגע שליחים זענען דאַן אַרויס צו ראַטעווען ייִדן פון נאַציִשן גיהנום, און זענען אָנגעקומען אפילו אין לענדער פון הינטערן פראָנט־געביט ווי פּאַראַשוטיסטן ; פון זיי געפאַלן : צבי בן יעקב, אבא בערדיטשעוו, חנה סענעש, אָנצאָ (חיים) סירעני, יעקב רייַס און חביבה רייַק. |
| 72 | 25 | — ,דער זיידע׳ — אליהו איליאָביץ, אַ וווּנדערלעכע געשטאַלט פון אַן אַרבעטער און אַגראַר־פאָרשער, אַ פּאַלקסטימלעכער, וואָס האָט געלעבט און געאַרבעט אין זכרון יעקב, אין עין זיתים, אין ראש פינה און צום סוף האָט ער זיך באַזעצט אין כפר גלעדי, דאָרט האָט ער אויפגעשטעלט אַ דור פון קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך. געשטאָרבן אין אַ טיפן עלטער אין 1950. ביז זיַינע לעצטע טעג האָט ער געאַרבעט אין זיַין גערטנדל. |
| 73 | 25 | — כפר גלעדי און תל חי. |
| 75 | 14 | — צפת. |
| 76 | 16 | — רבי מאיר בעל הנס, וואָס לויט דער לעגענדע, פלעג ער אַרויפגיין פאַרטאָג אויפן שפּיץ פון עצמון־באַרג מקבל פנים זיַין דעם אויפגייענדיקן טאָג. |
| 77 | 2 | — דער אַראַבישער קוואַרטאַל פון צפת. |
| 77 | 8 | — די גאַסן, די געסלעך און די הייף פונעם אַראַבישן צפת זענען פול געווען מיט פיל־קאָליריקע הענער. |
| 77 | 19 | — די בריטישע און אַראַבישע פּאָליציאַנטן. |
| 78 | 15 | — די פראָנטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין יענע טעג דערנענטערט צו די גרענעצן פון לאַנד פון צפון און פון דרום. |
| 78 | 20 | — די פּלמחניקעס פלעגן זיך באַקלאָגן נישט איין מאָל אויף די אַרבעטן אין משק, וואָס לאַנגוויַיליקן און האָבן זיי שפּאַסיק גערופן מיטן אַלגעמיינעם נאָמען : ,פּאָמעדרן אויפקלויב׳, וואָס באַצייכנט מי און לאַנגוויַיל און אָפּהענטיקייט אַן מיליטערישע געווּנטשענע אָפּראַציעס, וואָס אין זיי איז עס זיי געגאַנגען. |
| 78 | 30 | — דער מקור פון פּלמ״ח איז די ,הגנה׳־אָרגאַניזאַציע. דער הויפּטגעדאַנק איז אין פורעמען אים ווי אַן אַרמיי אין אונטערגרונט, וואָס האַלט זיך אויס פון אַגראַר־אַרבעט אין די ווירטשאַפטן. די שעפער פונעם געדאַנק זענען בערל כצנעלסאָן און יצחק טאַבענקין, זיַינע פאַרוויקלעכער און קאָמענדאַנטן — אליהו גאָלאָמב און יצחק שדה. |
| 79 | 21 | — דאָס דעמבן־וועלדל לעבן דפנה |
| 79 | 25 | — תל־אַל־קאַדי. |

| זייט | שורה | |
|---|---|---|
| 80 | 18 | — דער גענעראַל אָרד ווינגייט, גערופן אין די רייען פון „הגנה', דער „ידיד'. |
| 80 | 25 | — גענערל אָרד ווינגייט. |
| 81 | 17 | — חברון. |
| 82 | 19 | — מעלה עקרבים. |
| 82 | 32 | — ים המלח אין דער געגנט פון סדום. |
| 83 | 30 | — די סדום־הייל. |
| 84 | 15 | — לויט דער לעגענדע, האָט זיך דוד המלך באַהאַלטן פאַר שאולן אין די היילן אַרום ים המלח. |
| 84 | 28 | — דאָרט איז דער סטאָלפּן זאַלץ, וואָס איז באַקאַנט ווי „אשת־לוט'. |
| 84 | 31 | — וואַדי אום־ברך. |
| 87 | 3 | — דער פראַגמענט וועגן עומר־פײַערונג איז געווידמעט דעם דיכטער מתתיהו שלם, וואָס האָט באַלעבט די צערעמאָניע פון ברענגען דעם עומר אין רמת יוחנן, דאָס איז די צערעמאָניע, וואָס האָט זיך אָנגענומען אין רוב אַגראַר־ווירטשאַפטן אין לאַנד מיט אירע לידער, געזאַנג און טענץ. |
| 90 | 2 | — דער גענעראַל ווינגייט איז געשיקט געוואָרן אין ווײַטן מזרח וווּ ער איז געפאַלן. |
| 93 | 21 | — דער פאַרשפאַר־לאַגער פון די מעפּילים אין עתלית און דאָס אויפרייסן אים דורכן פלמ"ח. |
| 93 | 25 | — די באַשרײַבונג פון דער רעוויזיע באַזירט אויף די פילע רעוויזיעס, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן דורך די ענגלענדער אין אַ סך פונקטן פון לאַנד: אין כפר גלעדי, חולדה, גבעת חיים, רשפון, יגור, רוחמה, תל יוסף און נאָך. |
| 95 | 5 | — חיים חרודי פון עין חרוד. ער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזירער פון דער העפּלה דורך דער צפון־גרענעץ. דערשאָסן געוואָרן דורך די ענגלענדער בעת אַ רעוויזיע, מעלקנדיק די בהמות. |
| 97 | 31 | — דער ערשטער אַגראַר־ייִשוב פון די פלמחניקעס: בית קשת. |
| 98 | 10 | — דער אָנגריף פון פלמ"ח אויף דער ראַדאַר־סטאַציע אויפן כרמל. |
| 98 | 31 | — הונדערטער „פאַרדעכטיקטע' האָט מען אין רפיח פאַרשפאַרט אין אַ לאַגער. |
| 99 | 23 | — די שילדערונג איז באַזירט אויף דער „ווינגייט־נאַכט' און דער „שרונה־נאַכט'. |
| 100 | 10 | — ברכה פאָלד. |
| 107 | 7 | — אַ געשיכטע וואָס איז פאַרגעקומען בעת דעם בהלהדיקן צוריקצוג פון די דײַטשן פאַר די רוסן. די אָפּציִענדיקע דײַטשן האָבן געטריבן פאָרויס די פאַרהאַלטענע אין די לאַגערן; אין יענער נאַכט האָבן זיי פאַרשפאַרט זיי אין אַ ציגעלניע און געמאָלדן זיי, אויב די |

| זייט | שורה | |
|---|---|---|
| | | רוסן וועלן זיי דעריאָגן, וועט מען זיי פריער דאָ פאַרברענען. |
| 107 | 19 | — דער מגן־דוד, דער עמבלעם פון דער יידישער בריגאַדע, וואָס איז געקומען קיין אייראָפּע אָנטיילנעמען אין די שלאַכטן קעגן די דײַטשן און איז געקומען צום ערשטן מאָל אין באַרירונג מיט די פּליטים פון די לאַגערן. |
| 107 | לעצטע | — די געשיכטע ווערט דערציילט אין טאָגבוך פון זוהר דיין פון נהלל, וואָס איז געווען טעטיק בײַם אַריבערברענגען די פּליטים פון די לאַגערן אין דער צײַט פון זײַן דינסט דאָרט אין מיליטער. ער איז געפאַלן אין דער באַפרײַונגס־מלחמה. |
| 109 | 3 | — דער פאַל פון באַשטראָפן פאַרן פאַרגוואַלדיקן האָט פּאַסירט אין צענטער פון דער פײַנטלעכער אַראַבישער שטאָט בית שאן, דורך די פלמ״ח־מענטשן. |
| 109 | 23 | — אליהו גאָלאָמב. |
| 113 | 23 | — די אַ־זיב־בריק; דער קאָמענדאַנט פון דער אַקציע איז געווען נחמיה שיין פון עין חרוד. |
| 114 | 25 | — יחיעם ווייץ. |
| 121 | 1 | — זהרה לביטוב האָט אַנגעהאַלטן דאָס שרײַבן בריוו צו איר חבר שמואל קאַפּמאַן, טראָץ דעם פאַקט וואָס ער איז געפאַלן אין דער תקופה פונעם ,געראַנגל׳. זי אַליין איז געפאַלן ווי אַ פּליִערקע אין באַפרײַונגס־מלחמה. |
| 123 | 19 | — די נאַכט אין וועלכער די אונאָ האָט באַשטעטיקט דאָס רעכט פון יידישן פאָלק אויף אַן אייגענער זעלבסטשטענדיקער מדינה צווישן די פעלקער פון דער וועלט. |
| 124 | 18 | — דאָס אָפּשטימען פון די אונאָ־דעלעגאַטן, וואָס דער ראַדיאָ האָט איבערגעגעבן. |
| 125 | 12 | — צומאָרגנס נאָך דער אונאָ־דערקלערונג האָבן די אַראַבער גענומען באַפאַלן אייניקע פּונקטן אין לאַנד. זיי האָבן אונטערגעצונדן דעם יידישן האַנדלס־צענטער אין דער הנסיכה מרי גאַס, וואָס גרענעצט מיטן אַראַבישן קוואַרטאַל אין ירושלים. די ענגלענדער האָבן גע־דעקט די אונטערצינדער, און נישט דערלאָזט די פײַער־לעשער און די יידישע שוץ צו צוקומען צום אָרט און אפילו דערלאַנגט זיי קלעפּ. |
| 125 | 29 | — אין אַ סך פאַלן פלעגן די מיידלעך איבערפירן דאָס געווער אונטער די פאַלדן פון זייערע קליידער. |
| 125 | 37 | — די גרופּע סטודענטן, חברים פון דער ,הגנה׳, האָט מען געבראַכט פון ירושלים קיין גוש עציון, ווי אַ פאַרשטאַרקערונג פאַר די באַ־שיצער. |
| 126 | 36 | — גוש עציון מיט זײַנע פיר יישובים: כפר עציון, עין צורים, משואות |

| זייט | שורה | |
|---|---|---|
| | | יצחק און רבדים. |
| 128 | 14 | — פינף און דרייַסיק בחורים, די בעסטע פון פלמ״ח און חי״ש, זענען אַרויס אין דער נאַכט פון ג׳ בשבט תש״ח פון ירושלים מיט אומוועגן, דערלאַנגען הילף דעם בלאָקאַדירטן גוש עציון. זיי האָבן זיך אומגעקערט אין דער נאַכט צוליב שטערונגען אויפן וועג און זענען ווידער אַרויס אַ נאַכט צומאָרגנס. זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן מיט אַ גרויסער מחנה אַראַבער, און נאָך אַ העלדישן פאַרצווייפלטן קאַמף זענען זיי אַלע געפאַלן אין ה׳ בשבט. זייערע נעמען: ישראל אלוני, חיים ענגעל, בני באַגאָסלאַווסקי, יהודה ביטענסקי, עודד בן־ימין, בן־ציון בן־מאיר, יעקב בן־עטר, יוסף ברוך, איתן גאון, סבו גאַלאַנד, יצחק גינזבורג, יצחק הלוי, אליהו הערשקאָוויץ, יצחק זבולוני, דוד טיש, אַלעקסאַנדער כהן, יעקב כהן, יחיאל כלב, יעקב כספי, יונה לעווין, אַלעקסאַנדער לוסטיק, אליהו מזרחי, אמנון מיכאלי, דניאל מס, שאול פנואלי, משה אביגדור פערלמאַן, בנימין פערסיץ, ברוך פת, דוד צברי, דוב צוועבנער, יעקב קאַטיק, יוסף קאַפּלער, טוביה קושניר, דניאל רייַך, יעקב שמואלי. |
| 132 | 2 | — אַן אַראַבישער שאָפער פונעם אַמעריקאַנער קאָנסולאַט איז אַרייַנגעקומען אין הויף פון די סוכנות־בנינים, אויסניצנדיק די רעכט פונעם קאָנסול נישט דורכצומאַכן אַ קאָנטראָל בייַם אַרייַנגאַנג, האָט ער דאָרט איבערגעלאָזט זייַן מאַשין מיט דינאַמיט, וואָס האָט אויפגעריסן און גורם געווען צו אַ סך טויטע און צו גרויסן שאָדן. צווישן די געהרגטע — דער דיכטער לייב יפה. |
| 132 | 36 | — דער קאָנוואָי איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון די שאָפערן אין לאַנד, וואָס האָבן אַ טאָג פריִער דורגעריסן די בלאָקאַדע אויף ירושלים און געבראַכט פּראָוויאַנט און געווער. זיי זענען געשיקט געוואָרן קיין גוש עציון צוברענגען אויך אַהין פאַרשטאַרקונג אין מענטשן, געווער און פּראָוויאַנט. |
| 133 | 37 | — נבי דניאל לעבן בית לחם. |
| 134 | 10 | — זרובבל הורוויץ פון תל יוסף. ער איז אויסגעצייכנט געוואָרן נאָך זייַן פאַלן מיט דעם ,אות גבורת ישראל׳ דורכן ראש הממשלה דוד בן־גוריון אין ערשטן יום העצמאות. |
| 135 | 17 | — דער בריטישער ,פּאַרמיטלער׳, |
| 138 | 28 | — די דאָזיקע שילדערונג איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון צוויי דורכברוך־אַקציעס פון ירושלימער מויער, לעבן שער יפו און לעבן שער ציון. |
| 139 | 19 | — די דורכרייַסער האָבן מצליח געווען צו פאַרבינדן זיך מיט די בלאָקאַדירטע באַשיצער פון דער אַלטשטאָט אויף אַ פּאָר שעה. |

# אינהאַלט

ערשטער שער: די משפחה אַרענדאַרן


דעם אַרענדאַרס משפחה . . . . . . . . . . . . . . 9
דער לעצטער אַרענדאַר . . . . . . . . . . . . . . 10
עדה און רחל . . . . . . . . . . . . . . . . 12
דעם אַרענדאַרס ירידה . . . . . . . . . . . . . . 13
די ירידה . . . . . . . . . . . . . . . . . 14
גיהנום . . . . . . . . . . . . . . . . . 15
צום געטאָ . . . . . . . . . . . . . . . . 17
געטאָ־געסט . . . . . . . . . . . . . . . . 18
דאָס געזעגענען זיך . . . . . . . . . . . . . . 19
קיין ציון . . . . . . . . . . . . . . . . . 19
די זעלבע שטאָט . . . . . . . . . . . . . . . 19
וואַנדערונגען . . . . . . . . . . . . . . . . 20
בעגערל . . . . . . . . . . . . . . . . . 20
וואַגאָנען . . . . . . . . . . . . . . . . . 21
דוד דער צילער . . . . . . . . . . . . . . . 22
רחל און דוד . . . . . . . . . . . . . . . . 22
קינדער אויף די וועגן . . . . . . . . . . . . . 23
פויערים . . . . . . . . . . . . . . . . . 23
אין די וועלדער . . . . . . . . . . . . . . . 25
אין סוד פון וואַלד־חסד . . . . . . . . . . . . . 25
פליטים אין וואַלד . . . . . . . . . . . . . . 26
קליינוואַרג אין וואַלד . . . . . . . . . . . . . 27
די קליינע רויבער . . . . . . . . . . . . . . 28
רחל אין וואַלד . . . . . . . . . . . . . . . 28
אַ טשיסטקע אין וואַלד . . . . . . . . . . . . . 28
קעמפער אין וואַלד . . . . . . . . . . . . . . 29
די קליינע האַלעוועשקעס . . . . . . . . . . . . . 30
הינט . . . . . . . . . . . . . . . . . . 31
אין היי . . . . . . . . . . . . . . . . . 31
אין געפאַלנקייט . . . . . . . . . . . . . . . 33
וואונדער . . . . . . . . . . . . . . . . . 33
שיפן . . . . . . . . . . . . . . . . . . 33
,תקוה׳ . . . . . . . . . . . . . . . . . 34
אַ שטורעם אויפן ים . . . . . . . . . . . . . . 35
געראַטעוועטע פון שטורעם . . . . . . . . . . . . 36

צוויי שליחים . . . . . . . . . . . . . . . . . 36
צו אַלץ פֿאַראַן אַן עצה . . . . . . . . . . . . . 38
מיט די פּליטים . . . . . . . . . . . . . . . 38
אויפֿן אינדזל . . . . . . . . . . . . . . . . 39
האַלעוועשקעס . . . . . . . . . . . . . . . . 40
בשורות פֿונעם אומקום . . . . . . . . . . . . . 40
ווי נבו . . . . . . . . . . . . . . . . . 41
די ברידער אויפֿן ברעג . . . . . . . . . . . . . 42
אונטערגאַנג־שײַן . . . . . . . . . . . . . . . 43
אַ זעגלשיף . . . . . . . . . . . . . . . . 44
לבנה־כּישוף . . . . . . . . . . . . . . . . 45
צום ברעג . . . . . . . . . . . . . . . . . 46
אַ ווילרויִק שטעטל . . . . . . . . . . . . . . 47
אין בוה־שאנן . . . . . . . . . . . . . . . 48
די מומע שרה . . . . . . . . . . . . . . . 49
אַ פֿרײַנד און אַ חבר . . . . . . . . . . . . . 50
שטאָלץ פֿון אלמנהשאַפֿט . . . . . . . . . . . . 50
די בשורה פֿון וויי . . . . . . . . . . . . . . 51
מיט רחלען . . . . . . . . . . . . . . . . 51
חסד פֿון זאַמדן . . . . . . . . . . . . . . . 52
טיפֿע פֿרעמדקייט . . . . . . . . . . . . . . 52
דער זעלבער שאָסיי . . . . . . . . . . . . . . 53
צו דער הויפּטשטאָט . . . . . . . . . . . . . . 54
שרהס צימער . . . . . . . . . . . . . . . 54
אַ בילד אין בלומען . . . . . . . . . . . . . . 55
מילגרוימען . . . . . . . . . . . . . . . . 55
אַנטשפּאַנונג . . . . . . . . . . . . . . . . 56
ביסט צוריקגעקומען, טאָכטער . . . . . . . . . . . 56
די מויער . . . . . . . . . . . . . . . . . 57
די אַלטשטאָט . . . . . . . . . . . . . . . . 58
פֿינצטערע געוועלבונגען . . . . . . . . . . . . 59
די ייִדן־גאַס . . . . . . . . . . . . . . . . 59
די קלאָגוואַנט . . . . . . . . . . . . . . . 60
גיא בן־הינום . . . . . . . . . . . . . . . 60
דער איילבירט . . . . . . . . . . . . . . . 61
פֿאַרנאַכט . . . . . . . . . . . . . . . . 62
פֿאַרנאַכט־אַנטשפּאַנונג . . . . . . . . . . . . . 62
לבנה־בענקשאַפֿט . . . . . . . . . . . . . . . 63
די שקיעות אין ים . . . . . . . . . . . . . . 63

צווייטער שער : אחרונים און ראשונים


אחרונים . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 67
ראשונים . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 69
ערשטער צוזאַמענשטויס . . . . . . . . . . . . . . . 70
דער ספר הספרים . . . . . . . . . . . . . . . . 71
כּרמים־לאַנדשאַפט . . . . . . . . . . . . . . . . 72
,דער זיידע׳ . . . . . . . . . . . . . . . . . . 72
אַלטע באַקסנביימער . . . . . . . . . . . . . . . 73
פאַרברודערט . . . . . . . . . . . . . . . . . . 74
שטאָט פון ווונדער . . . . . . . . . . . . . . . . 75
ים כּנרת . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 76
געניכטערט . . . . . . . . . . . . . . . . . . 77
פּלמ״ח . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 78
די מסעות פון פּלמ״ח . . . . . . . . . . . . . . . 79
אויף די וועגן פון נגב . . . . . . . . . . . . . . 79
דערמאָנונג אין ,ידיד׳ . . . . . . . . . . . . . . 80
צו דער מדבר . . . . . . . . . . . . . . . . . . 81
דאָס טויט־אויג . . . . . . . . . . . . . . . . . 82
אָפּהאַרטונג . . . . . . . . . . . . . . . . . . 83
די הייל פון היילן . . . . . . . . . . . . . . . . 83
אַרויף אויף מסדה . . . . . . . . . . . . . . . . 84
מסדה . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 85
די מסדה־קנאים . . . . . . . . . . . . . . . . . 86
באַוויינען נישט . . . . . . . . . . . . . . . . . 86
דער יומטוב פון עומר . . . . . . . . . . . . . . . 87
פאַרוואַרצלט . . . . . . . . . . . . . . . . . . 89
דער אונטערגרונט . . . . . . . . . . . . . . . . 89
גד און רחל . . . . . . . . . . . . . . . . . . 90
רויזן . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 91
שותפות . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 92
דער ווידערשטאַנד . . . . . . . . . . . . . . . . 92
די רעוויזיע . . . . . . . . . . . . . . . . . . 93
די פלאַנצן . . . . . . . . . . . . . . . . . . 93
אַ גרעיפּפרוכט . . . . . . . . . . . . . . . . . 94
פעדערן . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 94
דער יונגער שטאַלמײַסטער . . . . . . . . . . . . . 95
לחם חסד . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 95
די ידיעה וועגן דער רעוויזיע . . . . . . . . . . . . 96
צאָרן פון פאַלק . . . . . . . . . . . . . . . . . 96

צוזאַמען . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 97
פלאַמען . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 97
נעכט פון צאָרן . . . . . . . . . . . . . . . . 99
די אַנאָנימע . . . . . . . . . . . . . . . . . . 100
מאַמע און טאָכטער . . . . . . . . . . . . . . 100
ערשטער שמייכל . . . . . . . . . . . . . . . . 101
עדהס וידוי . . . . . . . . . . . . . . . . . . 102
דער זעלבער דניעסטער . . . . . . . . . . . . . 102
מעדיצין עקספּערימענטן . . . . . . . . . . . . 103
סקליאַד פון שיך . . . . . . . . . . . . . . . 104
די גרעסטע ליבשאַפט . . . . . . . . . . . . . 105
יסורים־זכרונות . . . . . . . . . . . . . . . . 106
אויף פאַרהוילענע וועגן . . . . . . . . . . . . 107
אַנטוישונג . . . . . . . . . . . . . . . . . . 108
דער מאַדנער קאָמענדאַנט . . . . . . . . . . . . 108
מיט די בחורים צוזאַמען . . . . . . . . . . . . 111
חברשאַפט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 112
די פאַרשווונדענע בריק . . . . . . . . . . . . . 113


דער היכל : נישט אומזיסט


עפענונג . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 119
דער ערשטער בריוו צו גדן . . . . . . . . . . . 121
דער צווייטער בריוו צו גדן . . . . . . . . . . 121
דער דריטער בריוו צו גדן . . . . . . . . . . . 122
דער פערטער בריוו צו גדן : רעגן . . . . . . . 122
דער פינפטער בריוו צו גדן : כ׳האָב, גד,
דיך פאַרשעמט . . . . . . . . . . . . . . . . . 123
דער זעקסטער בריוו צו גדן : די נאַכט
פון 29סטן נאָוועמבער 1947 . . . . . . . . . . 123
באַצאָלטס . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 124
דער זיבעטער בריוו צו גדן :
דאָס ביכּורים־בלוט . . . . . . . . . . . . . . 124
דער אַכטער בריוו צו גדן : שלאָס
פון די פיר קופּאָלן . . . . . . . . . . . . . . 126
דער נײַנטער בריוו צו גדן :
נאָכן קאַמף . . . . . . . . . . . . . . . . . . 127
ל״ה בחורים . . . . . . . . . . . . . . . . . . 128
זאָרג פון דערוואַרטונג . . . . . . . . . . . . 128

דער צענטער בריוו צו גדן :
נישט געקומען . . . . . . . . . . . . . . . 129
אַ נאַכט מיט די ל״ה . . . . . . . . . . . . 129
דער עלפטער בריוו צו גדן :
כאַטש נקמה נעמען . . . . . . . . . . . . . 130
די פיר קופּאָלן־פעסטונג — מסדה . . . . . . . . . . 130
שטומפּקייט . . . . . . . . . . . . . . . . 131
די באַלאַגערטע הויפּטשטאָט . . . . . . . . . . . 131
אַ פאָטערלאַנד האָט די מוטער געפונען . . . . . . . . 132
דורכגעריסענע באַלאַגערונג . . . . . . . . . . . 132
דער צוועלפטער בריוו צו גדן : ווי זעבען
דאָס שטאָלצע דערנידעריקט געוואָרן . . . . . . . . . 133
אין דער היים . . . . . . . . . . . . . . . 136
,באַצאָלטס׳ . . . . . . . . . . . . . . . . 136
דאָס גליק . . . . . . . . . . . . . . . . . 136
אם ה,בנים׳ . . . . . . . . . . . . . . . . 137
פאַריתומט פון חברים . . . . . . . . . . . . . 138
מיט די מויער־דורכרײַסער . . . . . . . . . . . 138

**אַפּשלום : איינם**

שאָק פון פאַריתומטקייט . . . . . . . . . . . . 143
מיט דער פּײַן פון די ,זין׳ . . . . . . . . . . . 143
אַ רעטונג אין דער יתומקייט . . . . . . . . . . . 144
נישט אומזיסט . . . . . . . . . . . . . . . . 144
רייפפרוכט . . . . . . . . . . . . . . . . . 145